19 קילאָמעטער ווייט פון ראַדאָם ליגט דער ישוב פשיטיק אויפן טייכל ראַדאָמקע. בעת דער אָקופּאַציע איז די גאַנצע באַפעלקערונג געוואָרן אויסגעזידלט. דער ישוב האָט געדינט אַלס איבונגפעלד פאַר דער היטלעריסטישער אַוויאַציע. דאָס שטעטל איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן, היינט בויט עס זיך איבער פון די פונדאַמענטן.

אָנהייב 14טן יאָרהונדערט איז פשיטיק געוואָרן אַ שטעטל. אין יאָר 1704 האָט דער שוועדישער קעניג קאַראָל דער צוועלפטער אַדורכגעמאַרשירט מיט זיין אַרמיי דורך פשיטיק. דעם 11טן אויגוסט 1831 האָבן די אָפּטיילונגען פון ווירטעמבערגער פירשט געקעמפט מיט פוילישע אָפּטיילונגען.

(טאַדעאוש בלאַדורטשאק: ראַדאָם און איר געגנט. וואַרשע, 1956)



# יידישע און אַלגעמיינע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון פשיטיק

יעזשי וו. העלביך * / פשיטיק

1

דאָס שטעטל פשיטיק, 17 קילאָמעטער ווייט פון ראַדאָם, ליגט אויף דער באַלעבטער טראַסע וואַרשע־ראַדאָם־אָפּאָטשנע־לאָדזש, פונוואַנען עס פירן ווייטערדיקע שאָסייען אויף מערב. אויפן שטח פון פשיטיק שווימט אַדורך דאָס טייכל ראַדאָמקע וועלכעס מ׳האָט אַמאָל גערופן ראַדאָמיעזש. אַרום זענען געווען גרויסע וועלדער — די ראַדאָמער פּושטשע. שטופּענווייז האָט מען אויסגעהאַקט דיביימער און פאַרוואַנדלט דעם שטח

* אין יאָר 1963, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך, איז איינע פון די ערשטע ווענדונגען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום אָרטיקן נאַציאָנאַל־ראַט (מאַגיסטראַט) אין פשיטיק. צו אונדזער גרויסער פרייד און איבעראַשונג, איז שנעל געקומען אַן ענטפער, אַז דאָס פּרעזידיום פון נאַציאָנאַל־ראַט האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע רעדאַקציע־קאָמיסיע וואָס זאָל צוגרייטן די אַנטשפּרעכנדיקע מאַטעריאַלן און פאָטאָגראַפיעס פאַרן בוך. מיט אַ צייט שפּעטער האָבן מיר דערהאַלטן 4 אַרטיקלען און אַ גרעסערע צאָל בילדער. דאָס ערשטע אַרטיקל איז אַ היסטאָרישער איבערזיכט פון יעזשי וו. העלביך; דאָס צווייטע — וועגן די פשיטיקער געשעענישן פון ד״ר יוזעף ערבען־האָלאַן; דאָס דריטע — גביית־עדות פון פאָלאַקן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די היטלעריסטישע אָקופּאַציע; דער 4טער, לעצטער מאמר דערציילט וועגן דער היינטיקער פשיטיק, אָן יידן — און דערפאַר איז ער נישט אַריין אין בוך.

פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע שילדערונגען זענען טענדענציעזע, געזען פון אַ באַזונדערן קוק־ווינקל. געשריבן האָט מען זיי אין די יאָרן 64—1963, מיט דער בפירושער כוונה צו מאַכן

אין אַקער־פעלדער. עס זענען פאַרבליבן רעשטלעך פון דער פושטשע — די אַרומיקע וועלדער פון זאַמעטשעק, אַבלאַס און קאָנאַר.

אַ סך דאָקומענטן זאָגן עדות אַז פשיטיק איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס שטאָט נאָך אין יאָר 1333, פאַר דער צייט פון פּיאָטר פאָדלאָדאָווסקי. דאָס אָרט פשיטיק האָט פון לאַנגע צייטן אַרענדירט די פאַמיליע פאָדלאָדאָווסקי פון פאָדלאָדוו, הערב יאַנינאַ. פון דער דאָזיקער פאַמיליע שטאַמען אַ סך פאַרדינסטפולע מלוכה־מענער, דרייסטע ריטערס און איינפלוסרייכע סענאַטאָרן. צומערשט האָבן די פאָדלאָדאָווסקיס געוווינט אין א. ג. אָסטרווו (היינט — זאַמעטשעק). דער נאָמען באַווייזט, אַז דאָס איז געווען אַ קליינע פעסטונג־שטאָט. מיר געפינען דאָ איבערבלייבענישן פון אַמאָליקע שוץ־מויערן. אין אַ שפּעטערדיקער תקופה האָבן די פאָדלאָדאָווסקיס געוווינט אין פאָדגייעק. די קעניגלעכע פּריווילעגיעס וואָס זענען דערנאָך געקומען, האָבן צוגעגעבן וויכטיקייט דעם שטעטל. צוו. אַנד. האָט דער מלך קאַזשימיעזש יאַגעללאָנטשיק באַשטימט אויפן סיים אין יאָר 1448, אַז אין פשיטיק זאָלן פאַרקומען צוויי יאַרמערק (אין טאָג פון הייליקן וויט און אין טאָג פון הייליקן מיקאַליי) און וועכנטלעכע יארידן יעדער מאָנטיק, וואָס האָט זיך איינגעהיטן ביז היינט.

אין די אַלטע כראָניקס פון פשיטיק לייענען מיר, ווי דאָס האָבן פאַרשריבן די לובלינער פּראַטשישקאָנער אין יאָר 1497, אַז אין פשיטיק האָבן די אָרדן־ברידער פּראַנטשישעק פון פשיטיק און שמעון פון בזשעזשניץ אויסגעאַרבעט דינע פאַרמעטן צו די פענצטער וואָס איז דעמאָלט געניצט געוואָרן אַנשטאָט גלאָז.

2

ס׳איז אַ געשיכטלעך פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז אין פערצנטן יאָרהונדערט האָט דער קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער באַזעצט אין פשיטיק יידן וואָס האָבן זיך פאַרנומען

---

„היסטאָרישע פּאַפּראַוּוקעס״. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן אָפּדרוקן די אַלע אַרבעטן (אין יידיש), אָן קאָמענטאַרן, ווי מיר האָבן זיי באַקומען. דער לייענער, ווי דער צוקונפטיקער היסטאָריקער, וועט אויפן סמך פון די מאַטעריאַלן אין ג אַ נ צ ן בוך זיין מסוגל אויסצוגעפונען סיי דעם אמת, סיי די פעלשונגען.

די דאָזיקע גרופּע פּאָלאַקן אין פשיטיק האָט אָן שום ספק פאַרדינט אונדזער אויפריכטיקן און האַרציקן דאַנק פאַר זייער מי און ערלעכן ווילן צו באַרייכערן דעם „ספר פשיטיק״. אָט זענען זייערע נעמען:

ד״ר יוזעף ערבען־האַלאַן, פאָרזיצער פון רעדאַקציע־קאָמיטעט, ראַטמאַן פון אָרטיקן מוניציפּאַלן ראַט; סטאַניסלאַוו טשעכאָווסקי — פאָרזיצער פון אָרטיקן נאַציאָנאַל־ראַט; יעזשי וו. העלביך — רעדאַקציע־סעקרעטאַר; פּראַנטשישעק קוכאַרטשיק — סעקרעטאַר פון אָרטיקן נאַציאָנאַל־ראַט; יוזעף טזשאָס; גענאָוועפאַ וויטשיצקאַ. די טעקסטן האָט איבערגעשריבן דאַנוטאַ קאָזשעל. די פאָטאָגראַפיעס האָט צוגעגרייט פּראָפ׳ יאַן וויסאָצקי.

מיט בינען־צוכט און האָניק, וועלכער איז געווען באַרימט אין גאַנץ פּוילן. די מלכים פלעגן פאָדערן, אַז צו די סעודות זאָל אויף די קעניגלעכע טישן זיך געפונען דער פשיטיקער האָניק. די פּוילישע הערשער האָבן אָפט און גערנוויליק צוגעטיילט פשיטיק פאַרשידענע פּריווילעגיעס, דער עיקר אַ דאַנק די באַציונגען פון די אייגנטימער — די פּאָדלאָדאָווסקיס און שפּעטער — די קאָכאַנאָווסקיס. צוו. אַנד. האָט פשיטיק געהאַט אַ רעכט איינצוקאַסירן דעם א. ג. בריק־שטייער — 4 דעקארן פון יעדער וואָגן מיט סחורות, דאַקעגן פאַר יעדער פערד און אָקס וואָס זענען דורכגעגאַנגען די בריק, האָט מען געצאָלט 6 דענאַרן (מיטס).

די פאַמיליע פּאָדלאָדאָווסקי האָט געשפּענדעט געלט אויפצובויען דאָס הילצערנע פּאַראַפּיע־קלויסטער וואָס האָט 3 מאָל געברענט. אַלע מאָל האָט מען אים איבערגעבויט און אין דעם צושטאַנד האָט עס זיך אויפגעהאַלטן ביזן יאָר 1932. די ערגסטע שריפה איז געווען אין יאָר 1894. האָט מען דערנאָך ווידער איבערגעבויט דעם קלויסטער. נאָר פון דעמאָלט אָן האָבן די סוחרים, בעלי־מלאכות און סתם איינוווינער אויפגעהערט בויען הילצערנע הייזער, נאָר געמויערטע.

ווי געזאָגט, האָבן די פּאָדלאָדאָווסקיס זיך באַמיט פונאַנדערצובויען זייער שטאָט, אַרויסבאַקומענדיק פון פאַרשידענע מלכים אַ ריי נייע פּריווילעגיעס. אַזוי האָט דער ראַדאָמער סטאַראָסטע מיקאָליי פּאָדלאָדאָווסקי, פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן פאָטערלאַנד, באַקומען פון קעניג יאַן קאַזשימיעזש די רעכט איינצופירן אין פשיטיק צעכן פון קירזשנערס, שניידערס, שוסטערס, וועבערס, שמידן און פאַרשידענע הענדלערס. אַ ציילונג אין פשיטיקער הויף און אין שטאָט שטעלט פעסט, אַז באַזאַמען מיט די פּוילישע איינוווינער איז דאָרט געווען אַ גרויסער פּראָצענט יידן וואָס האָבן דער עיקר זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל. אַ סך דאָקומענטן דערציילן וועגן די חובות פון די פשיטיקער איינוווינער פאַרן הויף אין פּאָדגייעק און אויך פאַר דער מלוכה.

אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערט פיגורירט פשיטיק אַלס שטאָט. אין דער צייט פון אָפּרו און פאַרברענג האָבן פּוילישע מלכים אָפט אַרויסגעשיקט פון פשיטיק בריוו. ניט איינמאָל זענען זיי דורך פשיטיק דורכגעפאָרן מיט זייערע אַרמייען.

די לעצטע פּריווילעגיע ווערט פאַרצייכנט אין די כראָניקס פונעם פּוילישן קעניג סטאַניסלאַוו אַוגוסט, ערטיילט אין יאָר 1777 : 8 יאָרמערק (אויף דער בקשה פונעם קאַשטעלאַן קאַסווערי קאָכאַנאָווסקי). אין דער פּריווילעגיע לייענען מיר: „אָן שאָדן פאַר די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך איז פשיטיק דערלויבט צו האַנדלען אין די באַשטימטע טעג". אינעם דאָקומענט ווערט אויך אונטערגעשטראָכן, אַז אין די יאָרמערק מעגן זיך באַטייליקן סוחרים פון אַנדערע פעלקער, אומאָפּהענגיק פון זייער אָפּשטאַם.

אויף די יארידן האָט מען פאַרקויפט תבואות, פי, שיך און שטיוול, טעקסטיל,

אאז״ו. געזעצן און פארשריפטן האבן אין פארלויף פון יארהונדערטער רעגולירט דאס לעבן אין פשיטיק.

נאך דער שריפה אין א גרויסן טייל שטאט אין יאר 1795 און צוליב די דורכמארשן פון א סך מיליטער וואס האבן געברענגט מיט זיך קאנטריבוציעס און רעקוויזיציעס, איז די שטאט באדייטנדיק געפאלן און פאראָרעמט געווארן. די איינוווינער האבן א לאנגע צייט נישט געקאנט זיך צוריק שטעלן אויף די פיס.

3

און איצט — אייניקע דאקומענטן וועגן יידישע התחייבותן פארן הויף פון די קאכאנאוסקיס, פארשריבן אין יאר 1803:

1. פאר יעדער פלאץ זענען די ידן פארפליכטעט צו צאלן דעם הויף 8 זלאטעס „זשניוונע״, 8 זלאטעס פלאצאווי, 5 זלאטעס „בוזשניטשני״ — צוזאמען 21 זלאטעס.

2. פון יעדער פלאץ דארפן זיי געבן צו פאריכטן די בריק צו 4 שטיק בעלקעס, 9 איילן די לענג.

3. געבן הילף בעתן שניט אין מענטשן — 200 טעג אין יאר און דער הויף מוז זיי צאלן פאר יעדן טאג 12 פוילישע גראשנס.

4. די יידן דארפן אויך דערפילן שליחותן — צופוס און מיט פערד — אויף א מרחק ביז 2—3 מייל.

5. פון יעדער פארקויפטן פלאץ דארפן די יידן צאלן דעם הויף צו 7 פוילישע זלאטעס פון יעטוועדע באקומענע 100 זלאטעס.

6. אויף די יומטובים פון קריסטמענס (וויינאכט) און פאסכא דארפן די יידן געבן דעם א. ג. „יומטובדיקס״ — ד. ה. איין פונט אויסלענדישע געווירצן און די קצבים דארפן פארקויפן דעם הויף פלייש אויף ביליקערע פרייזן.

7. ווער פון די יידן עס קויפט פון קאטאליקן פלעצער מיט לאנקעס (וועלכע זענען צוגעטיילט געווארן פונעם הויף), וועט דארפן אפצאלן, פונקט ווי די פוילישע באפעלקערונג.

8. ביים פארברייטערן דעם שטח פון בית־הקברות וועלן זיי מוזן אפצאלן פראפארציאנעל, אין פראצענטער.

9. די יידן זענען פארפליכטעט צו קויפן גרינווארג פון הויף און צאלן 2 זלאטעס פאר א פונט.

10. די תבואות, ווי: ווייץ, קארן, גערשטן — לויט די מארק־פרייזן וואס פון ניי־יאר ביז פסח — און דארפן דאס באצאלן ביזן טאג פון הייליקן מארטשין.

11. פון זייערע ברויערייען און יאטקעס (וועלכע עקזיסטירן אויסער די פון הויף)

דאַרפן די יידן צאָלן די יערלעכע סומע פון 6,500 זלאָטעס, צוגעבנדיק צו דעם פאַרשידענע געווירצן (פעפער, צימרינג, נעגעלעך).

12. די באַמיסטיקונג טאָר קיינעמען נישט פאַרקויפט ווערן — מען דאַרף עס אָוועקגעבן דעם הויף.

13. די יידישע און קאַטוילישע בעקערס דאַרפן מאָלן נאָר אין דער פוילישער מיל, אויך אַנדערע רוישטאָפן און מאַטעריאַלן דאָרט איבערווייזן. ווער עס וועט די אַרבעטן אַדורכפירן אין אַ פרעמדער מיל, וועט דאַרפן צאָלן דעם הויף פראַצענטער.

14. די קצבים פון די הייפישע יאַטקעס זענען פאַרפליכטעט צו פאַרקויפן דאָס פלייש און דערפאַר צאָלן אַ שטייער לויט אַ קעגנזייטיקן הסכם.

15. יעדער שטאָטישער רב דאַרף צאָלן דעם הויף 600 פוילישע זלאָטעס אַ יאָר.

16. די יידן וואָס האַנדלען אָדער האָבן זייערע געשעפטן, צאָלן יערלעך דעם הויף די סומע פון 500 זלאָטעס.

פון דעם איז צו זען, אַז די ידישע באַפעלקערונג האָט געהאַט גאַנץ ערנסטע געלט־התחייבותן כלפי דעם הויף. נאָר אין משך פון אַ סך יאָרהונדערטער האָט דאָס צוזאַמענלעבן און פאַרפליכטונגען נישט דערפירט צו אומרוען אָדער גרילצן. איבעריקנס, האָט די פוילישע באַפעלקערונג, ניט נאָר פון פשיטיק נאָר אויך פון די אַרומיקע דערפער, אי געצאָלט שטייערן, אי אָפּגעאַרבעט טעג אין הויף און אויף זיינע פעלדער.

אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז אין יאָר 1815 איז צווישן הויף און די איינוווינער פון פשיטיק געחתמעט געוואָרן אַ פרייוויליקער אָפּמאַך לויט וועלכן אַנשטאַט אַלע אָפּצאָלונגען און שטייערן, וועט מען אַריינטראָגן אַן אַלגעמיינע סומע פון 1,200 זלאָטעס יערלעך, געצאָלט אין צוויי ראַטעס יעדער האַלב יאָר. די יידן — 1,000 זלאָטעס, די קאַטאָליקן — 200 זלאָטעס. פאַר דעם געלט האָט מען אויסגעהאַלטן אַ שטאָטישן באַאַמטן און די קאַנצעלאַריע.

4

אין יאָר 1818 איז אין נאָמען פון דער רעגירונג געקומען קיין פשיטיק דער באַשטעטיקטער בירגערמייסטער אַנטאָני וראָטנאָווסקי. אין יענער צייט זענען די איינ־וווינער געוועזן באַזאָרגט מיט דעם באַשלוס צו פאַרוואַנדלען פשיטיק אין אַ דאָרף. דעריבער האָבן זיי פאַר דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע זיך פאַרפליכטעט אויסצוהאַלטן די שטאָטישע אַדמיניסטראַציע פאַר אַן אָפּצאָל פון 1,200 זלאָטעס אַ יאָר. אַזוי אַרום האָט דער הויף איינגעהאַלטן זיינע רעכט.

אין יאָר 1824 האָט דער גוטבאַזיצער פון פשיטיק־פאָדגייעק, נאָך לאַנגע באַמיונגען, געעפנט אַ ליי־באַנק צו העלפן די איינוווינער. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די אַרויסגע־

געבענע הלוואות האָט די באַנק געגומען פּראָצענטער. די איינוווינער, קריסטן ווי יידן, האָבן נישט שטענדיק געקענט צאָלן די ראַטעס און פּראָצענטער און דערפֿאַר האָט די באַנק זיך צוגעמאַכט. די יידן און נישט־יידן האָבן אָפּט זיך באַקלאָגט פֿאַר די מאַכט־אָרגאַנען אויף די הויכע שטייערן.

צו דער ירידה פֿון פּשיטיק האָט אויך גורם געווען דער פֿאַקט פֿון פּלאַסטערן דעם שאָסיי פֿון שידלאָווצע דורך ראַדאָם קיין ביאַלאָבזשעג. פֿון דעמאָלט אָן זענען דער רוב סחורות טראַנספּאָרטירט געוואָרן דורכן נייעם שאָסיי, אַנשטאָט דורך פּשיטיק.

ווי באַוווסט, האָט די שטאָט זייער אַ לאַנגע צייט געהערט צו די פּאַדלאַדאָווסקיס. דערנאָך האָבן זי איבערגענומען אין אַרענדע די קאָכאַנאָווסקיס — ביזן יאָר 1835. אַזוי ווי די קאָכאַנאָווסקיס האָבן אַנטייל גענומען אינעם פּוילישן אויפֿשטאַנד קעגן רוסלאַנד, האָט די צאַרישע מאַכט קאָנפֿיסקירט זייערע גיטער און פֿאַרקויפֿט פּשיטיק דעם אַדוואָקאַט פֿון ראַדאָמער טריבונאַל לוקאַש פּיוראָ. אין יאָר 1856 האָט פּיוראָ פֿאַרקויפֿט פּשיטיק צו יוזעף פּאַפּיעווסקי. אין יאָר 1862 האָט זי געקויפֿט ראַפֿאַל קאָנארסקי. אין יאָר 1871 האָט די דירעקציע פֿון דער קרעדיט־געזעלשאַפֿט אויסגעשטעלט דעם גיט צום פֿאַרקויפֿן, ווייל דער באַנק זענען נישט געצאָלט געוואָרן די ראַטעס. צוליב דעם זענען די אייגנטימער פֿון פּשיטיק געוואָרן די אַפּוטרופּסים פֿון די מינדעריעריקע ראַש־קאָווסקיס און גולינסקיס. מיט אַ צייט שפּעטער איז די שטאָט פֿאַרקויפֿט געוואָרן צו יידן. די נייע אייגנטימער האָבן געלאָזן ביי זיך די ברויעריי אין פּשיטיק און די מיל אין פּאַדגייעק. דעם באָדן האָט מען פֿאַרצעלירט און דערפֿון האָט זיך געשאַפֿן די קאָלאָניע פּאַדגייעק.

5

פּשיטיק איז אין משך פֿון יאָרהונדערטער באַפֿאַלן און אָקופּירט געוואָרן פֿון פֿאַרשידענע אַרמייען. צומערשט זענען דאָס געווען די טאָטערן, דערנאָך די שוועדן, רוסן, דייטשן און עסטרייכער. ווען אין פּוילן זענען געווען מלחמות, האָט מען פּשיטיק ראַבירט, פֿאַרברענט און חרוב געמאַכט.

אין יאָר 1704 האָט דאָס שוועדישע מיליטער, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קאַראָל דעם צוועלפֿטן, דורכמאַרשירט פּשיטיק און איבערגעלאָזט פֿאַרוויסטונג, רויב און רעקוויזיציעס. אין יאָר 1831 האָבן אויף די פּשיטיקער פֿעלדער געקעמפֿט רוסיש מיליטער פֿונעם פֿירשט ווירטעמבערג מיט אָפּטיילונגען פֿון פּוילישע אויפֿשטענדלער. אויך אין יאָר 1863, בעתן יאַנואַר־אויפֿשטאַנד, האָבן די זעלבע אָפּטיילונגען געקעמפֿט מיטן צאַרישן מיליטער. די איינוווינער פֿון פּשיטיק האָבן פֿאַרשריבן אַ שיין בלעטל אין דער געשיכטע פֿוןביידע אויפֿשטאַנדן קעגן רוסישן אָקופּאַנט. טאַקע דערפֿאַר האָט די צאַרישע

מאַכט באַשטראָפט פּשיטיק און פון איר צוגענומען די שטאָטישע רעכט. דאָס אָרט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ישוב, ווו מ'האָט אַפילו פאַרווערט אויפצושטעלן אַ שולע.

פּשיטיק גרייסט זיך מיט די אַפּטע באַזוכן פונעם גרויסן פּוילישן פּאָעט און דענקער פון דער רענעסאַנס־תקופה, יאַן קאָכאַנאָווסקי פון טשאַרנאָלאַס. דער פּאָעט האָט דאָ אָפט און גערן פאַרברענגט, באַזונדערס אין דער תקופה ווען ער האָט זיך געשדכנט צו דאָראָטאַ פּאָדלאָדאָווסקי, זיין צוקונפטיקע פרוי.

שטיצנדיק זיך אויף נאָטיצן און אַרטיקלען אין די וואַרשעווער צייטונגען פון יאָר 1881, ווי: „קוריער וואַרשאַווסקי", „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ", „נאָוויני" ווי אויך אויף דער ספּעציעלער בראָשור פון וואַרשעווער דאָקטוירים־פאַרבאַנד, וויל איך ברענגען די פאָלגנדיקע דערציילונג:

אין חודש מערץ 1881 איז אין פּשיטיק פאָרגעקומען די לוויה פון ד"ר אדאם ב. העלביך, געוו. פּאָלקאָווניק פון פּוילישן מיליטער אין יאָר 1831, אַ געזעלשאַפטלעכער טוער וואָס האָט אין משך פון 16 יאָר געהיילט אומזיסט די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג. בעת דער לוויה האָבן די יידן פאַרמאַכט אַלע געשעפטן און די קהילה מיטן רב און אָרטיקע יידן האָבן אָפּגעריכט זייערע תפילות. דערנאָך האָט מען מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן באַגלייט די טרומנע אין דער ריכטונג פון ראַדאָם. די אָרטיקע יידן האָבן דערקלערט, אַז מיט דעם האָבן זיי אָפּגעגעבן כבוד דעם מאַן וועלכער האָט זיי אַרויס־געוויזן הארציקייט און גערעטעוועט דאָס לעבן, דערביי נישט איינמאָל נאָך געגעבן געלט זיינע אָרעמע יידישע פּאַציענטן.

דער דאָקטער העלביך איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן קריסטלעכן צמענ־טאַזש אין פּאָוואָנזעק, וואַרשע.

6

נאָך דעם חורבן פון די מלחמה־יאָרן 1939—1945 איז היינט שווער אויסצוגעפינען אין פּשיטיק וועלכע ס'איז אַלטערטימלעכקייטן צי אָנדענק־ערטער פון היסטאָרישער באַדייטונג — סיי פון דער יידישער באַפעלקערונג, סיי פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער. דאָך ווילן מיר אייניקע פון זיי אָ דערמאָנען:

דאָס הויף־פּאַלאַצל אין זאַמעטשעק פון 18טן יאָרהונדערט. דער לאָמוס אין פּאַדגייעק. דער הילצערנער אַלטאַר אין אָרטיקן קלויסטער, ווו דער פּאָעט יאַן קאָכאַ־נאָווסקי האָט חתונה געהאַט. אויפשריפטן אויף די מצבות פון די פּאָדלאָדאָווסקיס. אַ קליינער דענקמאָל פון יאָר 1842 אין פּאַדגייעק. אַ דענקמאָל פון 19טן יאָרהונדערט פונעם צייטווייליקן אייגנטימער פון זאַמעטשעק — דזשאַקאָטאַ.

וועלכער אָנדענק איז פאַרבליבן פון דער יידישער באַפעלקערונג ?

דער בית־הקברות מיט עטלעכע ניצול געוואָרענע מצבות. ביי איינער פון די איינוווינערס געפינט זיך אַן אייל־בילד וואָס שטעלט פאָר דעם באַרימטן הרב שאַפּיראָ און זיין געהילף ביים לערנען תלמוד. עס זענען אויך געבליבן אייניקע ספר־תורות וועלכע זענען אין 1961 איבערגעשיקט געוואָרן קיין ראַדאָם.

אויפן רינעק זענען געשטאַנען 2 הייזער מיט סטיל־דעכער, באַקאַנט מיטן נאָמען „אסתרקעס". די הייזער האָט וואַרשיינלעך געהייסן אויפבויען דער קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער פאַר זיין ידישער געליבטע אסתרקע. היינט געפינען זיך אויף דעם אָרט נייע הייזער...



## זכרונות פון דער אַלטער היים

חיים מאַלץ / לאָנדאָן

מיט אַ 35 יאָר צוריק האָב איך פאַרלאָזט פּשיטיק און דורך פּאַריז — אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, ווו כ׳געפין זיך ביז היינטיקן טאָג. אָבער אומפאַרגעסלעך זענען נאָך אַלץ די בילדער פון געבורט־שטעטל, וועלכע זענען טיף־טיף איינגעקריצט אין זכרון. אזעלכע דערינערונגען פון די קינדער־ און יוגנט־יאָרן ווילט זיך איצט אַרויסברענגען אויפן פּאַפּיר פאַר אונדזער ספר יזכור. פירט מיך, דעריבער, זכרון און פעדער, צוריק צו יענער תקופה פון קינדערישער תמימות און התלהבות, פון יוגנטלעכן ברען און גלויבן. איך געהער דאָך צום דור פון חורבן — זאָלן דעריבער מיינע ווערטער זיין אַ יאָרצייט־ליכט און דערמאָנונג פאַר יענע געשטאַלטן, וועלכע זענען מער נישטאָ מיט אונדז...

### צוויי דורות יידישע סאָלטיסן

לויט ווי איך געדענק, איז פּשיטיק אין אַלע צייטן געווען אַ יידיש שטעטל, ווייל די יידישע איינוווינער האָבן געבילדעט אַן איבערוויגנדיקע מערהייט. אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט — 95% יידן, אַנטקעגן 5% נישט־יידן. ביי אַזאַ צוזאַמענשטעל האָט געמוזט זיין אַ סאָלטים אַ ייד. אָבער ווער וועט אָנפאַרטרויען אַזאַ וויכטיקן אַמט אַ ייד? האָט מען ביים צאַר, און שפּעטער ביי די פּאָלאַקן, באַשטימט נאָך איין סאָלטים — אַ נישט־ייד. צו קיין אַבסאָלוטע יידישע הערשאַפט, אַפילו אין פּשיטיק, טאָר נישט דערלאָזט ווערן...

מיט אַ 60 יאָר צוריק האָט מיין זיידע פאַרנומען דעם סאָלטים־אַמט. בערך אין יאָר 1910 האָט מיין פאָטער ע״ה איבערגענומען פון אים בירושה די „מלוכה״ ביזן יאָר 1932, ווען אַלס סאָלטים איז אויסגעקליבן געוואָרן משה פּאַצאַנאָווסקי ז״ל.

וועגן מיין זיידנס סאָלטיסעריי וואָלט זיך געלאָזט אָנשרייבן אַ באַזונדערן ספר. איך דערמאָן זיך אַזאַ געשעעניש: ביי אַן אָרעמען יידן האָט מען צוגענומען די שבתדיקע לייכטער פאַר נישט באַצאָלטע שטייערן. די קאָנפיסקירטע לייכטער האָבן זיך געפונען ביים פוילישן סאָלטים אין שטוב. אַז ס׳איז געקומען פרייטיק פאַרנאַכט, איז מיין זיידע אוועק צו דעם פּאַלאַק און אויפגעקלערט די באַדייטונג פון ליכט־בענטשן אין לייכטער, געבעטן ער זאָל די לייכטערס „אויסבאָרגן״ אויף שבת. מוצאי שבת וועט זיי דער זיידע אַליין צוריק ברענגען. אַזוי איז טאַקע געשען! מיט וואָס באַצאָלן די שטייערן — האָט דער ייד נישט געהאַט, אָבער ווו אַריינשטעלן די שבת־ליכט און איבער זיי בענטשן — האָט זיין יידענע יאָ געהאַט...

פּשיטיק, ווי אַלע שטעטלעך אין פוילן, האָט כסדר זיך אַנטוויקלט און פון לאַנג שוין באַדאַרפט דערגרייכן אַן אַנדערן, העכערן מוניציפּאַלן סטאַטוס. דאָס איבערגעבן די גאַנצע אַדמיניסטראַציע־מאַכט אין די הענט פון סאָלטיסן האָט בולט דעמאָנסטרירט די טענדענץ פון דער צענטראַלער מאַכט, די רוסן ווי די פּאָליאַקן, צו האַלטן אונדזער שטעטל אין צושטאַנד פון אַ דאָרפישן ישוב. די יידן האָבן פאַרשטאַנען, אַז ענדערן דעם מצב הייסט געבן דעם שטעטל אַ זעלבסטפאַרוואַלטונג מיט אַן איבערוויגנדיקער יידישער מערהייט און אַ בירגערמייסטער — אַ ייד. אויף דעם האָבן די אַנטיסעמיטן נישט געוואָלט איינגיין. איז אפשר פּשיטיק געווען איינער פון די קוריאָזן פון דער פאַרמלחמהדיקערווירקלעכקייט אין פוילן, אַז אַ גרויסער, כסדר וואַקסנדיקער שטאָטישער ישוב, איז פאַרוואַלטעט געוואָרן דורך אַ באַאַמטן, וועמענס אויפגאַבן זענען געווען באַשטימט נאָר פאַרן דאָרף. דערפאַר איז אַזוי געפלעגט געוואָרן דער סאָלטיס־אַמט אין פּשיטיק, וועלכן מיין זיידע און פאָטער האָבן אַזוי טריי און ערלעך דערפילט, דינענדיק די אינטערעסן פון אַלע איינוווינער.

**דער גירוש קיין ראַדאָם אין 1914**

אין ערשטן יאָר פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז פּשיטיק לויט חשבונות פון אייניקע רוסישע גענעראַלן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וויכטיקן מיליטעריש־סטראַטעגישן פונקט. זיי האָבן אויסגערעכנט, אַז קייזער ווילהעלמס אַרמיי וועט איר מאַרש אויף וואַרשע דורכמאַכן דורך... פּשיטיק. האָט מען באַשלאָסן דאָס שטעטל צו פאַרטיפיצירן און די איינוווינער עוואַקואירן. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 7—8 און כ׳וועל

קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד, ווי גאַנץ פשיטיק, יונג און אַלט, יידן און קריסטן, מענער, פרויען און קינדער, זענען מיט זייער ביסל האָב־און־גוטס אַוועק קיין ראַדאָם. ווער צופוס, ווער אויף וועגענער. פשיטיק האָט זיך אין גאַנצן אויסגעליידיקט פון דער באַפעלקערונג, פון אירע איינוווינער וועלכע האָבן דאָרט אָפּגעלעבט דורות. אויף זייער אָרט איז אָנגעקומען מיליטער, אַ סך מיליטער.

נאָך פאַרן גירוש איז אַמאָל אַריין אין שטעטל אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן. זיי האָבן ראַבירט די געשעפטן, געשלאָגן יידן און מיט זייער ווילדער אויפפירונג באַשטעטיקט אַלץ וואָס מ׳האָט וועגן זיי דערציילט.

נאָך נישט פאַרגעסן די צרות פון די קאָזאַקן — און פשיטיק ווערט פאַרנומען דורך דער דייטשער אַרמיי. אַנטקעגן די רוסן האָבן זיי אויסגעזען ווי רעטער, אָבער באַלד איינגעשטעלט אַ געניג שטרענגן מיליטערישן רעזשים אין שטעטל, באַפוילן צושטעלן דער אַרמיי קאַרטאָפל, מעל, לעדער און פאַרשידענע אַנדערע פּראָדוקטן און סחורות. אַכזריותדיק זענען זיי זיך באַגאַנגען מיט יידישע שמוגלערס. נאָר אין דער אונטערשטער שורה האָט מען זיך געקאָנט מיט זיי צונויפריידן, האַנדלען און דאָס וויכטיקסטע — אַזעלכע ווילדע שיקאַנעס און סתם איבערפאַלן ווי ביי דער צאַרישער מאַכט — זענען נישט געווען.

דערווייל האָבן די רוסן ווידער אָפּגעהאַלטן אַ נצחון אויף יענעם פראָנט. נאָכן פאַרנעמען (לויט זייערע באַגריפן — באַפרייען) פשיטיק, האָבן זיי פאַראָרדענט, ווי דערמאָנט, צו עוואַקויִרן דאָס שטעטל.

די נויט פון די פאַרטריבענע יידן איז גרויס געווען אין ראַדאָם. די וואָס האָבן געהאַט אַ ביסל געלט, האָבן זיך געדונגען אַ דירה, צי אַ צימער און כאָטש זיך פאַרזיכערט אַ דאַך איבערן קאָפּ. דאַקעגן מיט די היימלאָזע — און זיי זענען געווען דער רוב פון די פאַרטריבענע יידן — האָט זיך קיינער נישט פאַרנומען. האָט זיך באַקומען אַזאַ לאַגע: די וואָס האָבן נישט געהאַט ווו צו וווינען, אָדער נישט געפונען קיין באַשעפטיקונג, האָט מען פאַרהאַלטן און דערנאָך מיטן עטאַפּ פאַרשיקט קיין רוסלאַנד.

אַ יידישער בעל־מלאכה דערצו אַ פאַכמאַן, האָט נאָך געקאָנט באַקומען אַרבעט אין ראַדאָם און זיך מפרנס זיין מיט זיין משפחה. אויך מיין פאָטער, הגם ער איז נאָך אַלץ געבליבן ביים סאָלטיס־אַמט, האָט אין ראַדאָם צוגעאַרבעט ביי שוסטעריי. אונדזער גאַנצע משפחה און קרובים, אַ צוואַנציק פערזאָן, האָבן געוווינט אין איין צימער.

מיטן פאַרענדיקן די מלחמה, האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין פשיטיק, אין די

פריערדיקע דירות. דאָס שטעטל איז געוועז אויסגעליידיקט. ביסלעכווייז האָט דאָס לעבן זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן.

## דער חדר און די שול

איך וויל איצט צוריק גיין מיט מיינע זכרונות צום... חדר. אין עלטער פון 4 יאָר, האָב איך ביי וועלוול מלמד אָנגעהויבן לערנען דעם אלף־בית. ר׳ וועלוול איז געוועז אַ נידעריק יידל מיט אַ לאַנגער באָרד. אַ גרויסער אָרעמאַן און נישט איין מאָל צוגעהונגערט מיט זיין ווייב און קינדער. זיינע צוויי זין זענען אַראָפּ פון זינען.

מיין צווייטער מלמד, צו חומש און רש״י, איז געוועז ר׳ מאָטע, אַ טאַטע פון אַ זון און צוויי טעכטער. זיין דלות איז געוועז אַזוי גרויס ווי דער כעס, וועלכן ער פלעגט אַלעמאָל אויסלאָזן צו די תלמידים. אויסער דעם האָט ער שטאַרק געליטן פון אַ קראַנקן פוס.

מיט פוילנס אומאָפּהענגיקייט, אין יאָר 1918, איז אין פּשיטיק געשאַפן געוואָרן אַ מלוכהשע פאָלקס־שול („פּאָווסעכנע״). אין אָנהייב — איין גרויסער זאַל, ווו אַלע קינדער האָבן געלערנט צוזאַמען. מיטן אַנטוויקלען זיך פון דער שול, האָט מען געדונגען עטלעכע צימערן פאַר יעדער קלאַס באַזונדער.

די דאָזיקע שול האָט לגמרי נישט אָפּגעשפּיגלט דעם ריכטיקן צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג אין שטעטל. פרומע יידישע טאַטע־מאַמע האָבן אַלץ געטאָן, כדי נישט שיקן אין דער מלוכהשער שול זייערע קינדער, הגם דאָס געזעץ האָט פאַרפליכטעט צו אַבליגאַטאָרישער בילדונג אין שול־עלטער. אַ גאָטספאָרכטיקער ייד האָט אָבער געוווּסט, אַז אין יעדער קלאַס הענגט אויף דער וואַנט אַ פיגורל פון געקרייציקטן יעזוס, אָדער אַ בילד פון דער „מאַטקע באָסקא״. ווי נאָר ר׳האָט געקאָנט, האָט ער אָפּגעהאַלטן זיך פון געבן זיינע זין און טעכטער אַ דריסת־הרגל אין דער טריף־פּסולער שול. דעריבער איז די צאָל קריסטלעכע שילער געוועז כמעט גלייך מיט די יידישע שילער.

איך בין געוועז פון די ערשטע יידישע שילער אין דער „פּאָווסעכנער״ שול. טאַקע דערפאַר וואָס מיין פאָטער איז געוועז סאָלטיס, אָבער נישט באַהערשט פולקאָם די מלאכה פון שרייבן, האָט ער מיך געשיקט אויף דער שול־באַנק — און שפּעטער האָב איך אים טאַקע אַ סך געהאָלפן אין זיין אַמטלעך־קאַנצעלאַרישער אַרבעט. לייטער פון שול איז געוועז דער פּאָלאַק זשיטזשאַק, מיין ערשטע לערערין — שוויערטשינסקאַ. אַז מ׳האָט דערגרייכט אין די העכערע קלאַסן, זענען פאַרבליבן בסך־הכל 3 שילער — אַ יינגל און 2 מיידלעך. דער איינציקער פון די יידישע תלמידים וואָס האָט פאַרענדיקט די זיבן קלאַסן, איז געוועז דער שרייבער פון די שורות.

## די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

שוין אין יאָר 1918 האָט אין שטעטל זיך אָנגעהויבן אויספאָרמירן אַ ציוניסטישער אַקטיוו פון די חברים: הערשל מינקאָווסקי, חיים־אהרן בערקאָוויטש, פאַמיליע ריבא, משה צוקער, יוסף דוזשי, יאַנקל גאָלטשעווסקי. ערשט אין 1920 איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. אין דער ווינונג פון יאַנקל גאָל־טשעווסקי האָט מען באַקומען אַ צימער און דאָרט אָנגעהויבן פירן די טעטיקייט. אין דעם זעלבן צימער האָט מען אויך איינגעאָרדענט אַ ביבליאָטעק. די ביכער האָט מען געבראַכט פון וואַרשע, אָבער נישט אין אַ גענוגנדיקער צאָל פאַר אַלעמען.

אין יענער צייט האָט זיך שנעל און שטאַרק פאַרשפּרייט די מאָדע פון לייענען ביכער. און נאָך מער — אַרומגיין מיטן בוך אונטערן אָרעם... שבת נאָכן עסן, ווען די יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט אין וועלדל הינטער דעם שטעטל, האָט יעדער געהאַט מיט זיך אַ ספר. אַזוי ווי די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק איז נישט געווען אין גאַנצן זיכער, צי דער עולם לייענט טאַקע די אויסגעבאָרגטע ביכער, האָט מען באַשלאָסן אַז ביים טוישן דאָס בוך מוז ער דערציילן דעם ביבליאָטעקער דעם אינהאַלט פון ספר וועלכן ער גיט צוריק — אַ נישט באַקומט ער נישט קיין צווייט בוך.

איין מאָל אין וואָך, שבת, זענען אַדורכגעפירט געוואָרן פאָרלעזונגען מיטן אַנטייל פון אָרטיקע און צוגעפאָרענע רעדנערס. פון אונדזעריקע זענען געווען די רעפערענטן: משה צוקער און חיים בערקאָוויטש. דער לעצטער — איינער פון די טיכטיקסטע טוערס אין אונדזער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ערב וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס האָט מען פאַרשפּרייט שקלים, יעדן כ׳ תמוז געפייערט הערצלס יאָרצייט און געזאַמלט געלט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן. דער לאָקאַל איז געווען אָפן יעדן אָוונט, אויסער פרייטיק־צו־נאַכטס, ווייל מ׳האָט נישט געוואָלט צופיל רייצן און אויפרעגן די פרומע עלטערן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט בעצם געהאַט אירע פאָרגייער נאָך פון די צאַרישע צייטן (איינצלנע אָנהענגער פון דער „חובבי־ציון" באַוועגונג), האָט אַ דאַנק איר ברייט־פאַרצווייגטער טעטיקייט און ביבליאָטעק אינספּירירט די יידישע יוגנט אין שטעטל צו דענקען און זוכן אידעאַלן, אינטערעסירן זיך מיט געזעשאַפטלעך־פּאָלי־טישע פּראָבלעמען און דער עיקר — ווערן דורכגענומען מיטן נאַציאָנאַל־באַפרייערישן געדאַנק. דערפאַר האָבן די פּאָליטישע רעפעראַטן, אָדער פאָרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס, תמיד צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אַ באַדייטנדיקע צוציונגס־קראַפט פאַר דער באַוועגונג איז אויך געווען די אחדות און אידיללע וואָס האָבן געהערשט אין די ערשטע יאָרן. נאָר די רייבונגען און שפּאַלטונג אין די צענטראַלע אינסטאַנצן, דער ריס מיט די

רעוויזיאָניסטן, דער שטרייט צווישן יצחק גרינבוים און ד״ר גאָטליב און דאָס אויספּאָר־מירן זיך פון אַרבעטער־ציוניסטישע פּאַרטייען — האָבן געלאָזן קענטיקע שפּורן אויך אין אונדזער שטעטל.

אין פּשיטיק אַנטשטייט אַ בית״ר־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צוגעצויגן אין אירע רייען גאָר אַ סך יוגנט. צו די וויכטיקסטע גרינדער פון בית״ר האָט געהערט איטשע (יצחק) פרידמאַן. צווישן בית״ר און דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע איז די טעטיקייט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אָפּגעשוואַכט געוואָרן.

## אַרבעטער-ציוניסטן און פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער יוגנט אין פּשיטיק האָט אין די דרייסיקער יאָרן בערך אַזוי אויסגעזען: אויב דער טאַטע איז געווען אַ שוסטער, האָט ער געוואָלט אַז אויך זיינע זין זאָלן ממשיך זיין אין דעם פאַך — און ער האָט זיי טאַקע אַוועקגעזעצט אויפן שוסטער־בענקל. אויב ס׳איז אים געלונגען אַוועקצוגעבן אַ קינד אויף דער לער צו אַ שניידער, איז אַזאַ טאַטע געווען איבערגליקלעך, הגם ר׳האָט געוווסט, אַז אין פאַרלויף פון גאַנצע דריי יאָר וועט דאָס קינד גאָרנישט פאַרדינען.

אויך ביי אונדז אין שטעטל האָבן יידן זיך געקלאַמערט אין די טראַדיציאָנעלע יידישע פאַכן, ווי: שניידעריי, שוסטעריי, פּעלצנמאַכעריי, טישלעריי. געווען צוויי יידישע קאַוואַליעס. אַ היפּשע צאָל בלעכערס, קצבים, דאָרפס־גייער, מילך־פּאַרטיילערס און... כלי־קודש. דער האַנדל איז אין רוב איינגעשטאַנען ביי חסידישע יידן.

אויפן באָדן פון אַזאַ עקאָנאָמישער לאַגע, איז אויסגעוואַקסן די פּועלי־ציון פּאַרטיי, וועלכע האָט גרופּירט אַרום זיך דעם אַרבעטנדיקן עלעמענט מיט פּראָלעטאַריש־ציוניס־טישע אנשויאונגען. די פּאַרטיי האָט דעריבער באַשלאָסן אויך אויפצושטעלן אַן אייגענעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. צו די גרינדער און אַקטיווע טוער האָבן געהערט: יוסף דוזשי, מאָטע באַרנשטיין, משה צוקער, חיה קערשנצווייג.

דער ערשטער לאָקאַל איז געדונגען געוואָרן נישט ווייט פון מאַרק. מ׳האָט אויפ־געשטעלט אַ ביבליאָטעק מיט ביכער מיט סאָציאַלן אינהאַלט. ווי דער שטייגער, זענען אויך פאָרגעקומען רעפעראַטן, קרייזלעך, שמועסן און קעסטל־אָוונטן.

אין יאָר 1930 האָט דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, אונטער דער השפּעה פון די רעכטע פּועלי־ציון, דערקלערט אַ שטרייק קעגן די (מ׳שטיינס־געזאָגטע!) יידישע אונטערנעמער און... אונטערדריקער. אַלע, פון יונג ביז אַלט, האָבן געוואָרפן די אַרבעט און געפאָדערט אַ בעסערן לוין און קודם־כל — אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. אין גאַנג פון שטרייק האָבן נישט געפעלט קיין צוזאַמענשטויסן, מסירות, סקאַנדאַלן. דער דאָזיקער

ערשטער, אַלגעמיינער שטרייק, האָט געהאַט זיין אויסווירקונג אויף די צווישנפּאַרטייאישע באַציונגען און זייער געהויבן דעם פּרעסטיזש פון פּראָפעסיאָנעלן פּאַראיין און די פּאַרטיי וואָס איז געשטאַנען הינטער אים. דאַקעגן איז די אַלגעמיין־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע לגמרי אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דעריבער האָבן אייניקע טוער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן נישט געוואָלט משלים זיין מיט זייער ירידה און גלייכצייטיקן אויפשטייג פון פּראָפעסיאָנעלן פּאַראיין. אין שטעטל האָט מען געשמועסט, אַז יענע לייט זאָלן האָבן געמסרט אין דער פּאָליציי, אַז די באַשעפטיקטע קינדער און יוגנטלעכע האָבן אַרויסגערופן געשלעגן, געשטערט די עפנטלעכע רו און געדראָט די מייסטערס מיטן ערגסטן. נישט געלאָזט זיי אַפילו אַליין אַרבעטן.

אין שטעטל האָט זיך ערשט גענומען רודערן, ווען אייניקע יונגיטשקע מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלן פּאַראיין האָבן באַקומען אויפּפאָדערונגען זיך צוצושטעלן אין געריכט. צו באַווייזן די אומשולד פון די אָנגעקלאָגטע, האָט מען באַדאַרפט האָבן צוויי באַגלויבטע עדות. האָט מען אין טאָג פון משפט געקאָנט זען פאַרן פּשיטיקער געריכט צענדליקער משפחות, ווייל יעדער אָנגעקלאָגט קינד, צי יוגנטלעכער, האָבן מיט עדות געוואָלט איבערצייגן דעם פּוילישן ריכטער, אַז בעתן שטרייק האָבן זיי קיין שלעכטס נישט געטאָן. אַ גליק, וואָס דער ריכטער האָט קיינעמען נישט באַשטראָפט, ווייל יעטוועדער תפיסה־אורטייל, צי קנס, וואָלט נאָך מער צעשפּילט די אַזוי אויך צעהיצטע ליידנשאַפטן צווישן דער צעקריגטער ייִדישער באַפעלקערונג.

### ייִדישע קאָמוניסטן

צום פּאַראיין האָבן אויך געהערט פּשיטיקער ייִדישע אַרבעטער מיט קאָמוניסטישע איבערצייגונגען. פאַר זיי איז דער פּאַראיין נישט נאָר געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע, נאָר אין דער ערשטער ריי — דאָס אָרט ווו אָנצוגיין מיט זייער פּאָליטישער טעטיקייט צוליב די אומלעגאַלע באַדינגונגען און רדיפות וועלכע זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. האָט מען אין שטעטל זיך געשושקעט, אַז מן־הסתם האָבן עטלעכע קאָמוניסטישע היץ־קעפּ אַדורכגעפירט די גניבה פון דער ציוניסטישער ביבליאָטעק, אַוועקגעפירט די ביכער אין אַ פאַרלאָזענער, חרובער מיל פון די פרענקעלס, וועלכע איז שפּעטער אָפּגעברענט געוואָרן. שווער געווען צו דערווייזן דעם צוזאַמענהענג צווישן דער אמתער, צי אויסגעטראַכטער מסירה אויפן פּאַראיין — און דעם נקמה־אַקט אין די ביכער מיט דער אונטערגעצונדענער מיל... שווער געווען דעמאָלט צו דערגיין ווער עס האָט באמת געהאַט אַ האַנט אין די אַלע געשעענישן.

מיט דער צייט האָט די פּאָליציי פאַרמאַכט דעם לאָקאַל פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און פאַרבאָטן זיין טעטיקייט. דער מאָטיוו איז געווען, אַז קאָמוניסטן האָבן באַהערשט דעם פאַראיין. צו די לעגאַלע און אַקטיווע גרופּירונגען אין שטעטל האָט צו יענער צייט געהערט דער בית״ר.

## „מזרחי"

אין שטעטל איז אויך געווען טעטיק די „מזרחי"־פאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט אנהענגער צווישן דער אָרטאָדאָקסישער יוגנט און פרומע יידן מיט נאַציאָנאַלע אָנשויונגען. „מזרחי" האָט אַפילו געפירט אַן אייגענעם הכשרה־פונקט אין אַ צווייט שטעטל, ווייל די אַדורכגעמאַכטע הכשרה פון אַ יוגנטלעכן האָט אים בארעכטיקט צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט. כדי צו באַקומען וואָס מערער סערטיפיקאַטן, האָט מען אַפילו פיקטיוו פאַרגרעסערט די צאָל באַטייליקטע אין דער הכשרה. אַ ספּעציעלער שליח פון וואַרשע האָט אויפגעדעקט די פיקציע — און דער הכשרה־פונקט איז געוואָרן אויפגעלייזט.

די „צעירי מזרחי" און די עלטערע חברים אין דער מזרחי־פאַרטיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טריישאַפט און אַקטיוויטעט פאַר די ציון־אידעאַלן און משפּיע געווען גרויסע טיילן פון דער רעליגיעזער יוגנט, וועלכע וואָלט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דער אַנטי־ציוניסטישער „אגודה".

## „פּועלי-ציון"

אויב דער זכרון פאַרפירט מיך נישט, איז אין יאָר 1930 געגרינדעט געוואָרן אין פּשיטיק די פּועלי־ציון פאַרטיי דורך די חברים מיכאל פּאַצאַנאָווסקי, משה פּערשט, משה מאָלער (דעם פאַמיליע־נאָמען זיינעם געדענק איך נישט, געווען באַקאַנט מיט דער באַצייכענונג צוליב זיין פאַך), בלאַטמאַן, אלתר קאופמאַן (איצט אין פּאַריז), הלל שטראַסמאַן און דער שרייבער פון די זכרונות (דאַמאָלט — חיים מאָלצמאַכער).

אַ לאָקאַל האָבן מיר געדונגען אין דער „זאַכענטא", הינטער דער שטאָט. די פאַרבינדונגען אין וואַרשע האָבן מיר אָנגעהאַלטן מיטן צ. ק.־מיטגליד וועלוול ראָמאַנאָווסקי. אָנגעהויבן האָט מען, ווי דער שטייגער, מיט אַ ביבליאָטעק, הגם אַ קליינע און באַשיידענע. קיין פאַרלעזונגען האָבן אויך נישט אויסגעפעלט. כדי צוציען יוגנט, האָט מען אַריינגעשטעלט אין לאָקאַל אַ פּינג־פּאָנג טיש, דער ערשטער אין אַ פּאַרטיי־קלוב אין פּשיטיק. פון צייט־צו־צייט האָט מען זיך אויך דערלויבט אַדורכצופירן טאַנץ־אָוונטן, אָבער אויך ערנסטע אונטערנעמונגען, ווי אַ טרויער־ און פּראָטעסט־אַקאַדעמיע צוליבן דערמאָרדן ד״ר חיים אַרלאָזאָראָוו, רעפעראַטן אויף אַקטועלע טעמעס, פאַרבינדן מיט די געשעענישן אין פּוילן און אין ארץ־ישראל. די פּאַרטיי האָט זיך אויך באַטיי־

ליקט אין די וואַל־קאַמפּאַניעס צום סיים און צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן. פון די פאַרקויפטע אין פשיטיק 250 שקלים, האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן באַקומען אַ 70% און די פועלי־ציון — 30 פּראָצענט.

ווי אין אַלע שטעטלעך אין פּוילן, האָט די פּאַרטיי אויך געהאַט אויסצושטיין געענוג ביטערע מחלוקתן און קאַמפן מיט די קאָמוניסטן פון איין זייט, און בית״ר — פון דער צווייטער זייט. צוליבן אַנטייל פון יוגנטלעכע, נישט אונדזערע חברים, אין אַן אַקאַדעמיע לכבוד דעם ערשטן מאַי, האָט מען זיי אַרויס גערופן אין דער פּאָליציי. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מעגלעך ווער פון בית״ר האָט איבערגעבן אין פּאָסטערונעק וועגן דער פייערונג לכבוד דעם אַרבעטער־יומטוב. אין רעזולטאַט: מען האָט מיך פאַרמשפּט אַדמיניסטראַטיוו, אַלס פאַרזיצער פון דער פועלי־ציון פּאַרטיי, אויף 7 טעג אַרעסט. דעם אורטייל בין איך אויס־געזעסן אין דער פשיטיקער „קאָזע״.


מחבר הזכרונות — כחייל בצבא הפולני.
דער מחבר פון די זכרונות — אַלס פּוילישער זעלנער.

## זעלבשוץ און ווידערשטאַנד

מיטן שטאַרקן זיך פון די אַנטיסע־מיטישע שטימונגען אין פשיטיק גופא און נאָך די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען אין די דערבייאיקע ישובים קוויף און אַדזשי־וואַל, איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן ביי אונדז אַ יידישע זעלבשוץ. פון פועלי־ציון האָט אין דעם גרינדונגס־קאָמיטעט זיך באַטייליקט חבר משה פערשט (גע־שטאָרבן אין ישראל). די מיינונג פון אַלע פּאַרטייען איז געווען, אַז די גאַנצע יידישע יוגנט אין פשיטיק זאָל אַליין זיך קעגנ־שטעלן די כוליגאַנעס און נישט לאָזן שלעכטס טאָן די יידן.

נאָך די עקסצעסן אין די אַרומיקע ישובים האָט זיך צו אונדז דערטראָגן אַ קלאַנג, אַז אויף אַ געוויסן אָוונט גרייט מען אַן איבערפאַל אויף יידן. אויף דער ידיעה איז כמעט די גאַנצע דערוואַקסענע יידישע באַפעלקערונג אַרויס אין גאַס אַפּוואַרטן און... אַנלערנען די אַנגרייפערס. אַפילו יידן מיט בערד און לאַנגע

קאַפּאָטעס האָבן געהאַט אין די קעשענעס שטיינער. די כוליגאַנעס האָבן זיך נישט באַוויזן !

די געגרינדעטע זעלבשוץ האָט טאַקע אין טאָג פון נסיון, ווען אין פּשיטיק האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס אָנגעהויבן ווילדעווען, אַרויסגעוויזן איר אָרגאַניזירטקייט, דיס־ציפּלין און קאַמף־גייסט.

2 חדשים נאָכן אַרויסטראָגן דורכן ראַדאָמער קרייז־געריכט דעם אורטייל אין דעם אַפּעלאַציע־פּראָצעס איבער די באַשולדיקטע יידן און קריסטן פאַרן באַטייליקן זיך אין די באַרימטע פּשיטיקער געשעענישן, האָב איך פאַרלאָזט פּוילן.



# אין די יאָרן 1905 און 1914—1918

יצחק מילשטיין / ירושלים

## א

אונדזער שטעטל פּשיטיק איז כמעט פון אַלע זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט טייכן. הינטער דער שול און בית־המדרש האָבן זיך געצויגן לאַנקעס מיט וואַסערן. נישט ווייט פון זיי — צוויי מילן, אַ גרעסערע און קלענערע, וועלכע האָבן געאַרבעט מיטן כוח פון וואַסער. נאָך דער מיל איז געווען אַ טיפער טייך, וועלכן מען האָט גערופן דער סטאַוו. ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר צען, האָב איך גוט געקענט שווימען. די בית־המדרש בחורים, אויך מיינע פעטערס איטשע־בער, יאָסל משה און איך זענען עטלעכע מאָל אין טאָג געגאַנגען זיך באָדן צום סטאַוו און מען האָט דאָרט באַוויזן פאַרשידענע קונצן ביים שווימען: „טריט־וואַסער" (מיט די הענט אין דער הייך), „פּולקעס" און „נאַזנאַק" (אויף דעם רוקן) און „נורקעם" (אונטערן וואַסער). ס׳איז געווען היימלעך און פריילעך אין אונדזערע קינדער־יאָרן.

די רעוואָלוציע אין יאָר 1905 אין רוסלאַנד — האָט זיך אויך דערקייקלט קיין פּוילן. די שנאה צו ניקאָליי דעם צווייטן איז געווען גרויס. אַפילו פּשיטיק איז מיטגעריסן געוואָרן מיטן רעוואָלוציאָנערן שטראָם. אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן רעוואָלוציאָנערן מיט רעוואָלווערן און קינדזשאַלן. זייער טרעף־פּונקט איז געווען אין דער טשיינע פון חנה אסתר־רחלס (מיין מוטער ע״ה). דאָ האָט מען געזינגען אַרבעטער־לידער און באַשטימט וועגן אַלע אַקציעס וואָס דאַרפן געפירט ווערן. מען האָט אויך שטורמיש און ליידנשאַפטלעך דיסקוטירט. אַמאָל פלעגט זיך באַווייזן אין טיר משה און אַ פרעג טאָן:

— חיים איז נישטאָ ?

אַז מ׳האָט אים געענטפערט מיט אַ „ניין״ — איז ער באַלד אָוועק אים זוכן אויף אַ צווייט אָרט. עס זענען נישט אָפּגעלאָפן קיין 5 מינוט — אָט קומט אין טשייניע חיים מיט אַ פראַגע :

— משה איז נישטאָ ?

און לויפט באַלד אָוועק, ווי נאָר ער דערהערט אַ „ניין !״.

אַזוי אַ גאַנצן טאָג און ביינאַכט...

די עיקרדיקע טעטיקייט פון די רעוואָלוציאָנערן אין פשיטיק אין יענעם יאָר איז געווען — נעמען געלט ביי די רייכע ידן און פאַרטיילן צווישן די אָרעמע אַרבעטער. געווען אין שטעטל אַ רייכער ייד, אַ פּראַצענטניק און דערצו — אַ קאַרגער. גערופן האָט מען אים אַברהם־מענדעלע. זיין ווייב האָט געהייסן די שוואַרצע חנה. זענען צו אים איינמאָל געקומען די רעוואָלוציאָנערן און געפאָדערט געלט. אברהם־מענדעלע האָט אַפילו נישט געוואָלט דערפון הערן. האָט איינער אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין׳ן שפּיגל. דאָס גלאָז האָט זיך צעשפּריצט אויף טויזנטער שטיקלעך, דער דערשראָקענער ייד האָט שוין נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד, בלויז שטיל אַ פרעג געטאָן „וויפל ?״ — און אויסגעצאָלט די געפאָדערטע סומע...

נאָך אַן עפּיזאָד פון יענעם יאָר.

אַ צען פויערים וואַלד־אַרבעטער פון אַ שכנותדיקן דאָרף זענען אין אַ ווינטער־נאַכט אַריין אין קראָם פון פישל בעקער און געפאָדערט ברויט. באַצאָלן האָבן זיי נישט געוואָלט, דראָענדיק מיט העק און שטעקנס, מיט וועלכע זיי זענען געווען באַוואָפנט. זיי האָבן אַפילו זיך געכאַפּט שלאָגן אַלע אַנוועזנדיקע אין געשעפט, אויך די וואָס זענען אַריינגעקומען. בליץ־שנעל האָט אין שטעטל זיך פאַרשפּרייט די ידיעה וועגן אַ פּאָגראָם. האָט מען פאַרהאַקט טיר־און־לאָדנס און מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס.

איך האָב דעמאָלט געלערנט אין חדר, ביי מאָטע מלמד. עמעץ איז געקומען זאָגן אַז מען שלאָגט ידן. מאָטע מלמד האָט אונדז שטרענג באַפוילן צו בלייבן אין חדר, נישט דערוועגן זיך אַרויסצורירן, ביזוואַנען ער קומט צוריק. ער איז אַריין אין קוך, גענומען דאָרט אַ העקל. גראָד איז אָנגעקומען זיין זון שלום, דער „קיסר״ פון די רעוואָלוציאָנערן, ווי מ׳האָט אים גערופן. שלום האָט פון דער שאַנק אַרויסגענומען אַ קליינעם רעוואָלווער — און דער טאַטע מיטן זון האָבן זיך אַ לאָז געגעבן אין גאַס אַריין... זיי האָבן גוט אָנגעבראָכן די ביינער עטלעכע פויערים און אַז די אַנדערע ידן האָבן געזען זייער העלדישקייט, האָט מען זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די

פּאַגראָמשטשיקעס און זיי פּאַרטריבן פון שטעטל. אויף די גאַסן זענען געבליבן ליגן עטלעכע פּאַרווונדעטע און צעשלאָגענע אָנפאַלערס.

צומאָרגנס נאָך דער געשעעניש זענען קיין פּשיטיק געקומען אַ 40 רעוואָלוציאָנערן פון ראַדאָם. דער רוב פון זיי — באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן. זיי האָבן אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג אין מיטן מאַרק, גערופן צו שטירצן דעם צאַרישן רעזשים, געוואָרפן לאָזונגען קעגן צאַר און דערביי געשאָסן „נאַ וויוואַט". אין שטעטל איז געווען לעבעדיק. די פּאָליציי האָט מורא געהאַט צו באַווייזן זיך אין גאַס. פונדעסטוועגן האָט מען אויפגעזוכט דעם סטאַרשי סטראַזשניק, דעם פּאָלאַק וואַשילעווסקי און אים געצוווּנגען צו שרייען אויפן הויכן קול און דערביי זיך קלאַפּן אין האַרץ אַריין:

— יאַ יעסטעם סאָציאַליסט...

יענעם טאָג האָט ביי מיין מוטער אין דער טשייניע זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. די צוגעפאָרענע און אָרטיקע רעוואָלוציאָנערן האָבן געגעסן און געטרונקען, געזונגען לידער און אָנגעזאָגט פּאַר פּשיטיק אַ בעסער און שענער לעבן.

אין שטעטל האָט מען לאַנג־לאַנג געשמועסט וועגן די „צעצעליסטן" און רעוואָלוציאָנערן...

## ב

די קינדער־יאָרן זענען שנעל אַוועק. דערנאָך איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. די דייטשן זענען צו אונדז אַריין, דאָס ערשטע מאָל, ערב סוכות. דורך אונדזער שטעטל האָבן זיי מאַרשירט קיין ראַדאָם — אַזוי אַ צוויי וואָכן. זיי האָבן נישט געטשעפּעט קיין יידן. געווען בלויז איינצלנע פאַלן אַז יידן האָבן באַקומען קלעפּ און אַפילו געשאָסן. דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג ווען זיי זענען אַריין קיין פּשיטיק. עטלעכע סאָלדאַטן האָבן געוואָלט טאַבאַק ביי הערשל ריבא. הערשל האָט געהאַט די סחורה באַהאַלטן און געזאָגט אַז ער האָט נישט. די זעלנער האָבן נישט געגלויבט, געגאַנגען אין קעלער זוכן און טאַקע געפונען. זיי האָבן דעם טאַבאַק צוגענומען און ווען הערשל ריבא האָט גענומען אַנטלויפן — האָבן זיי אים נאָכגעשאָסן. ער האָט געהאַט גליק, ר'איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. אויך חיים־אהרן בערקאָוויטש האָט באַקומען געפּאַטשט פון אַ דייטש, ווייל ער האָט געפאָדערט 4 פעניג פאַר אַ סיגאַרעט.

זיי האָבן אויך געוואָלט פאַרברענען אונדזער הויז, נישט ווייט פון דער אַפּטייק. אין הויף האָבן גענעכטיקט סאָלדאַטן, רייטער אויף פערד. מיר האָבן געהאַט געגנדז אין קאַמער. האָבן זיי אַרויסגעגנבעט אַ גאַנדז און זי אויפגעגעסן. אַזוי ווי ביים אַפּטייקער איז איינגעשטאַנען אַ הויכער דייטשער אָפיציר, האָבן די זעלנער מורא געהאַט

אַז מיר וועלן זיך פאַר אים באַקלאָגן וועגן דער גניבה. די דייטשן האָבן אויפגעהויבן אַ טומל אַז עס פעלט זיי אַ ביקס — און אויב מען וועט זי נישט צוריקגעבן, וועלן זיי פאַרברענען דאָס הויז. אַלע איינוווינער האָבן מורא באַקומען און גענומען זיך גרייטן אַנטלויפן. דערוויל האָבן די זעלנער זיך אויפגעזעצט אויף די פערד און זענען אַוועק.

נאָך דער מפּלה וואָס די דייטשן האָבן געהאַט ביי דעמבלין, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צוריקציִען, מיט דער טענה, אַז זיי גייען אויף וואַרשע. דערביי האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי האָבן מיט אונדז ייִדן מיטלייד, ווייל די רוסן, ספּעציעל די קאָזאַקן, זענען ווילדע און שלעכטע. אַזוי איז טאַקע געווען. ווי נאָר די רוסן זענען אַריין, האָבן די קאָזאַקן אָנגעטאָן די ייִדן גרויסע צרות: ראַבירט, געשלאָגן און פאַרגוואַלטיקט פרויען מיט מיידלעך. זיי האָבן געזוכט „גערמאַנצעס" אַפילו אין די שופלאָדן. די פּאָלאַקן ווידער האָבן געמסרט אויף די ייִדן אַז זיי האָבן געהאַנדלט מיט די דייטשן, נאָר ביי אונדז איז אַלץ אַדורך בשלום, ווייל אין דעם גאַרניזאָן וועלכער איז איינגעשטאַנען אין שטעטל, זענען געווען אויך ייִדישע זעלנער.

דערנאָך זענען די דייטשן ווידער אַריבער אין אָנגריף און דערגאַנגען ביז לאָדזש. דאָרט זענען פאָרגעקומען שטאַרקע קאַמפן. די רוסן זענען אָפּגעטרעטן און בעתן אַנטלויפן אַדורך אונדזער שטעטל. דער פראָנט האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אָפּאָטשנע. הינטער פּשיטיק האָבן די רוסן גענומען גראָבן אָקאָפּעס אויף אַ גרויסן שטח. אַ וואָך פאַר שבועות האָבן זיי געגעבן אַ באַפעל אַז אַלע איינוווינער מוזן פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

ס'איז זיך נישט פאָרצושטעלן די בהלה און לויפעניש אין שטעטל. יעדער האָט געוואָלט באַווייזן מיטצונעמען דאָס בעטגעוואַנד, אַ ביסל וועש און קליידער — אָבער קיין פורן זענען נישט געווען. מענטשן זענען געפאָרן קיין ראַדאָם און פון דאָרט געברענגט פורן און געצאָלט וויפל מען האָט געהייסן. בקיצור, אַלע ייִדן זענען אַוועק פון פּשיטיק קיין ראַדאָם. איך בין נאָך צומאָרגנס זונטיק, אַריין קיין פּשיטיק און אַרויסגעפירט אַ ביסל זאַכן. אין שטעטל איז געווען פּוסט. מען האָט נישט געזען קיין ציווילן, נאָר רוסישע זעלנער. מיך האָט מען געטריבן איך זאָל וואָס שנעלער פאַרלאָזן דאָס שטעטל. כ'בין טאַקע געווען פון די לעצטע. דערפער האָבן געברענט, האַרמאַטן האָבן געשאָסן, קוילן זענען געפלויגן. מיר זענען שנעל געפאָרן קיין ראַדאָם און דאָרט געווען איבער צוויי חדשים, ביז נאָך תשעה־באב. פונקט תשעה־באב זענען אַריין די דייטשן און די עסטרייכער. אין זעלבן טאָג זענען אין אַ שיינער קאָטש אַדורכגעפאָרן די גאַסן דער קייזער ווילהעלם און פראַנץ־יאָזעף. פיל מענטשן זענען געשטאַנען אין די גאַסן און באַגריסט די צוויי מאָנאַרכן.

נאָך תשעה־באב האָבן יידן גענומען זיך צוריקקערן קיין פשיטיק. אַלע גאַסן און געסלעך זענען געווען באַוואַקסן מיט ווילדע גראָזן, אַ מעטער די הייך. עס האָט געדויערט אַ היפּש שטיקל צייט, ביז ס'האָט זיך אַלץ צוריק איינגעשטעלט.

צו ערשט זענען אין שטעטל אַריין די דייטשן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן גענומען אַלע מענער, יינגלעך און מיידלעך אויף אַרבעט אין קליינעם וועלדל. מיר האָבן געדאַרפט פאַרשיטן די אָקאָפּעס וועלכע די רוסן האָבן געגראָבן. אין די אָקאָפּעס איז געווען זייער פיל האָלץ, ווייל די רוסן האָבן זיי געבויט ווי שטובן — צום שלאָפן און אויך צום קאָכן. מיר האָבן געדאַרפט אַרויסנעמען דאָס האָלץ. מיר האָבן אַזוי געאַרבעט אַ לענגערע צייט, יעדן טאָג ביז מיר האָבן אַלע אָקאָפּעס פאַרשיט.

דאָס לעבן איז דעמאָלט געווען שווער. טיילמאָל האָט מען באַקומען קלעפּ. מיט עסן — גאָר שלעכט. פאַר דער אַרבעט האָט מען נישט געצאָלט, נאָר מיר האָבן געמעגט נעמען אַ ביסל האָלץ פון די אָקאָפּעס.

דערנאָך זענען אַריין די עסטרייכער. ביי זיי איז מיט עסן געווען עטוואָס בעסער. דאַקעגן אין די געגנטן ווו עס זענען געשטאַנען די דייטשן, האָט געהערשט הונגער. אין לאָדזש און אין וואַרשע איז געווען שרעקלעך. אין פּשיטיק איז דאָס לעבן געגאַנגען ווי אין קריגס־צייט: פאַר אַ טייל מענטשן בעסער, פאַרן רוב — ערגער. ביז... אין אַ געוויסן טאָג אין חודש יוני 1916, זענען אין שטעטל אַריין אַן עסטרייכישער אָפיציר מיט אַ 20 זעלנער

אין פשיטיק איז געווען אַ קליינער גאַרניזאָן. זיין קאָמענדאַנט איז געווען פון גאַליציע, זעט אויס אַ געשמדטער ייד, ווייל ער האָט מיט אונדז געזונגען „ישמחו במלכותך". דער קאָמענדאַנט איז געווען אַ גרויסער שיכור. די זעלנער האָבן זיך געלאָזט איבערן שטעטל, געכאַפּט מענער — יונג און אַלט, יידן און קריסטן. מען האָט זיך באַהאַלטן ווו מען האָט נאָר געקענט. אָבער זיי האָבן אומעטום געזוכט און פיל מענטשן אויסגעזוכט אין זייערע באַהעלטענישן. די געכאַפּטע האָבן זיי געפירט הינטערן שטעטל, אין גלחס הויף, דאָרט זענען זיי געווען אַ גאַנצע נאַכט. איך מיט נאָך יינגלעך האָבן זיך באַהאַלטן אויפן שול־בוידעם. זשאַנדאַרן, געפירט פון אָרטיקע קריסטן זענען צו אונדז אַרויף, געזוכט, אָבער נישט געפונען. מיר זענען דאָרט געווען ביז פאַרנאַכט און דערנאָך אַוועק אַ היים.

ביינאַכט זענען געקומען זשאַנדאַרן און געזאָגט מיין שטיף־פאָטער אַז איך זאָל זיך אויך מאָרגן באַהאַלטן ווייל מען וועט ווידער זוכן. מיר האָבן געהאָט עטלעכע באַקאַנטע זשאַנדאַרן וואָס האָבן אין אונדזער רעסטאָראַן געגעסן און געטרינקען, אָפט

אַן געלט. אגב, אויך מיין שטיף־פאָטער האָט מען געהאַט געכאַפּט און ער איז אנטלאָפן פון גלחס הויף.

איך האָב געזאָגט, אַז דאָס בעסטע וועט זיין ווידער צו באַהאַלטן זיך אויפן שול־בוידעם — און מיר בײדע זענען דאָרט אַוועק. אָבער אַז עס זענען באַשערט צרות, העלפן נישט קיין חכמות. אַ ייד, ועמענס יינגל מ'האָט געכאַפּט, האָט אַרויפגעפירט צוויי זשאַנדאַרן אויפן שול־בוידעם און געזאָגט, אַז נעכטן זענען דאָ געווען באַהאַלטן פיל יינגלעך, טאָ מסתמא זענען אויך היינט דאָ באַהאַלטענע. די צוויי זשאַנדאַרן (נישט פון די וועלכע האָבן געפלעגט צו אונדז אַריינקומען) האָבן גוט געזוכט און אונדז געפונען. דאָרט איז מער קיינער נישט געווען. צו מיין שטיף־פאָטער האָבן זיי געזאָגט, אַז ער קען גיין אַ היים. מיר האָט איין זשאַנדאַרם געגעבן דריי פּעטש, אַז פונקען זענען געפלויגן פאַר די אויגן און עס האָט אַ לאַנגע צייט געררויש אין די אויערן.

ווען מיר זענען שוין געווען אויפן וועג צום גלחס הויף, איז גראָד אָנגעקומען דער קאָמענדאַנט „ישמחו במלכותך". ער איז געווען פּעסט אָנגעשניאָקעט. ער האָט מיך אַזוי שיכורערהייט איבערגענומען אין זיינע הענט, אָנגעהויבן וואַרפן און טרייסלען, אַז ער האָט פון מיר אַרויסגעשאָקלט דאָס גאַנצע ביסל כוחות, צעריסן דעם קאָלנער פון העמד און אויפן גאַנצן וועג געשריגן: „דו האָסט זיך פערשטעקט און פאַר דיר מוססען געהען אַלטע לויטע". ער האָט מיך צוגעפירט ביזן גלחס הויף. דאָרט האָב איך געמוזט אַרויפקריכן אויף אַ בוים און אַראָפּשרייען אַז אַלע זאָלן זען און הערן: „איך האָב זיך פערשטעקט".

אַ ביסל שפּעטער האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון גלחס הויף. באַוואָפנטע זעלנער האָבן אונדז באַוואַכט פון אַלע זייטן. ווו מען פירט אונדז און צו וואָס — האָט קיינער נישט געוווסט. אין שטעטל האָבן אַלע געמיינט אַז מען פירט אונדז צום שיסן. די ווייבער, מיידלעך און קינדער האָבן אונדז באַגלייט מיט האַרצרייסנדיקע געוויינען און געשרייען, אויך מיר זענען געווען געררירט און שטאַרק געוויינט.

אַזוי האָט מען אונדז באַגלייט אַ צוויי קילאָמעטער, ביז די זעלנער האָבן זיי אַוועקגעטריבן. מיר זענען געגאַנגען אַ 6 קילאָמעטער, האָט זיך איין ייד געוואָרפן אויף דער ערד און געשריגן אַז ער קען מער נישט גיין צוליב די גרויסע שמערצן פון די פיס. דער אָפיציר, ווייזט אויס אַ גוטער מענטש, האָט נישט געקענט צוזען די ווייטיקן פון דעם ייד, האָט ער אים געגעבן אַ קוויטל צו גיין אַ היים. פאַרשטייט זיך, אַז די יידן האָבן מער נישט געדאַרפט. אַלע 50 אָדער 100 טריט זענען געפאַלן עטלעכע מענטשן. דער אָפיציר האָט געשטויסט און געשריגן: „וואָס פאַר אַ קראַנקע לויטע האָט מען מיר געגעבן?" מיר האָבן דערפון געלאַכט אַ גאַנצן וועג. איינער האָט זיך

גאַר גענומען וואָרפן אין עפּילעפּסיע. ער האָט דאָס אַזוי קונציק אָפּגעאַרבעט, אַז אויך מיר האָבן געמיינט אַז ר׳איז באמת קראַנק. דער אָפּיציר האָט כסדר איבערגעחזרט: „זאָלכע קראַנקע לויטע״.

צו אונדזער גליק, איז גראָד אָנגעפאָרן פון הויף אַ קאַטש, האָט דער אָפּיציר באַפוילן דעם קוטשער אַז ער מוז אויפנעמען דעם שווער קראַנקן ייד און אים אָפּפירן אַ היים, קיין פשיטיק. מיט אים זענען שוין מיטגעפאָרן נאָך אַ 5—6 „קראַנקע״.

ג

נאָכן אָפּגיין אַ 14 קילאָמעטער, האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין אַ שול־בנין ווו די פענצטער זענען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. דאָרט זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז מיר וועלן דאַרפן אַרבעטן ביים לייגן אַ שאָסיי פון דעם דאָרף ביז שידלאָוויעץ.

מיר זענען דאָרט געווען עטלעכע וואָכן, מיליטער האָט אונדז געהיטן. מען האָט געבראַנגט גרויסע קעסלען און פּראָדוקטן, מיר אַליין האָבן פאַר זיך געקאָכט עסן. בעצם האָבן מיר נישט געהאַט וואָס צו טאָן, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין מאַטעריאַל. נאָך אַ צוויי וואָכן האָט מען גענומען ביסלעכווייז אַנטלויפן. איך מיט צוויי ייִנגלעך זענען אַוועק קיין ראַדאָם. נאָך צען טעג בין איך געקומען אַ היים. צוועלף ביינאַכט האָט מיך דער קאָמענדאַנט אַנטדעקט ביי אונדז אין רעסטאָראַן און אויפן אָרט אַרעסטירט. צוזאַמען מיט נאָך ניין געכאַפּטע האָט מען אונדז געפירט קיין וויניאַווע (אַזוי האָט געהייסן דאָס דאָרף ווו מיר האָבן געדאַרפט אַרבעטן). אַלס שטראָף פאַרן אַנטלויפן, האָט מען אונדז ביינאַכט אַריינגעזעצט אין אַ קעלער, דערצו נאָך מכבד געווען מיט שטעקנס. אין דער פרי, ביים אַרויסלאָזן פון קעלער, האָט מען ווידער געשלאָגן. דעמאָלט האָט מען שוין געאַרבעט גאַנץ שווער.

ביינאַכט, ווען עס האָט שטאַרק גערעגנט, האָב איך אַוועקגעריסן אַ ברעט פון פענצטער און אַנטלאָפן. איך בין בשלום אָנגעקומען אַ היים, נאָר זיך געהיטן מען זאָל מיך ווידער נישט כאַפּן. עטלעכע וואָכן בין איך געווען באַהאַלטן, ביז די אָקופּאַנטן האָבן איינגעזען, אַז מען קען נישט פלאַסטערן קיין שאָסייען מיט געכאַפּטע און אומבאַצאָלטע מענטשן — און מיר זענען געוואָרן פריי.

אַז מ׳איז געוואָרן פרייע מענטשן, האָבן מיר זיך אַ נעם געטאָן צו קולטורעלער אַרבעט. מ׳האָט צוזאַמענגעקליבן אַ ביסל געלט און אָנגעהויבן איינקויפן ביכער, ביז מיר האָבן שוין געהאַט אַ שטיקל ביבליאָטעק. מיר האָבן געדינגען צוויי צימערן פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און געשאַפן אַן אַמאַטאָרן־טרופּע וועלכע האָט געשפּילט טעאַטער. דערנאָך איז צו אונדז געקומען דער באַוווסטער אַרטיסט און קינסטלער

מאָריס לאַמפּע מיט זיין אַנסאַמבל. זיי האָבן געשפּילט אין גניעוואַשאָוו אַ לאַנגע צייט. מיר האָבן באַדאַרפט קעמפן מיט די פרומע יידן וועגן דעם טעאַטער. זיי האָבן געדראָט נישט דערלאָזן די פושעים און לאַבוזעס צו שפּילן „טריאַטער". זיי האָבן באַשלאָסן, אַז בעת דער פאָרשטעלונג וועלן זיי אַריין אין זאַל און פון אַלעם אַ תל מאַכן.

ווי נאָר מיר זענען דערפון געוואָר געוואָרן, האָבן מיר געגעבן אַ שטרענגע וואָרענונג די פרומע — און ס'איז געוואָרן שטיל. געשפּילט אומגעשטערט און ווייטער געפירט קולטורעלע טעטיקייט.

ד

נאָך אַ געשעעניש פון די מלחמה יאָרן — סוף 1917, אָדער אָנהייב 1918. מען האָט דעמאָלט פאַרטריבן די עסטרייכער מיט די דייטשן און פּוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק. די פּאָלאַקן האָבן צוגענומען דאָס געווער ביי די עסטרייכער וואָס האָבן סטאַציאָנירט אין גניעוואַשאָוו און אַליין באַשטימט פּאָליציי מיט אַ קאָמענדאַנט בראש.

אַ פרייטיק פאַרנאַכט איז אלי וואַרשאַווסקי געשטאַנען אין גאַס, זעט אויס — אַ ביסל שיכור. אויך דער קאָמענדאַנט, נישט קיין קלוגער און בגילופנדיקער, איז געווען אין גאַס. וואָס אלי וואַרשאַווסקי האָט אין געלעכטער געזאָגט דעם קאָמענדאַנט — ווייס איך נישט. נאָר דער קאָמענדאַנט האָט אים געהייסן גיין אַ היים. אלי האָט אָפּגעזאָגט, ער וויל נישט. ביז דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און אים געוואָלט אַרעסטירן, אַפילו אים געדראָט צו דערשיסן ווי אַ הונט. אלי האָט זיך איינגעשפּאַרט: „שיס, איך וועל אָבער נישט גיין". דער פּאָלאַק האָט אָנגעהויבן פייפן, זענען אַלע פּאָליציאַנטן מיט די ביקסן געקומען צו לויפן און גענומען שרייען, אַז די זשידעס ווילן מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן זיי, די אָרדענונג-היטער פון שטעטל. זיי האָבן אָנגעהויבן שיסן אין דער לופט. ס'איז געוואָרן אַ פּאַניק. מען האָט פאַרמאַכט אַלע געוועלבער. דער עולם איז אַנטלאָפן אין די שטובן.

וואָס ס'איז געוואָרן מיט אלי וואַרשאַווסקי — צי זיי האָבן אים אַרעסטירט און דערנאָך אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי, צי זיי האָבן אים גלייך געפירט אַ היים — געדענק איך נישט. נאָר ס'איז געוואָרן שטיל. מען האָט דערציילט, אַז די פּאָליציי האָט טעלעפאָנירט קיין ראַדאָם אַז די יידן אין פּשיטיק האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן דער מאַכט. דעם זעלבן אָוונט, ווען אַ גרופּע יוגנטלעכע איז געווען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, זענען פון ראַדאָם אָנגעקומען פיל מיליטער און פּאָליציי — נאָר זיי זענען געריטן איבער פּוסטע גאַסן. אַזוי ווי קיין אויפשטאַנד איז נישט געווען — זענען זיי אָוועק צוריק. מיר אין לאָקאַל האָבן מורא געהאַט, אין די שטובן האָט

מען געמאַכט פינצטער. ערשט ווען זיי זענען אוועקגעריטן, האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט.

✶

פשיטיק איז געווען אַ שטעטל פון 90—95 פּראָצענט יידן, ווילע פיינע יידן, סוחרים און בעלי־מלאכות. איך האָב דאָרט געהאַט מיין מוטער ע״ה און דריי שוועסטערן מיט אַ ברודער, אויך פעטערס און מומעס מיט זייערע קינדער. אַלע זענען אומגעקומען פון די הענט פון די היטלערישע רוצחים.

כבוד דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים!



# מיין זיידנס הויז

## (אברהם שטריקמאַכער און פאַמיליע)

שלמה מאיר פשיטיצקי (איצט: סעמועל דייוויס)/ ניו־יאָרק

מיינע דערינערונגען וועגן פשיטיק באַציען זיך צו אַ תקופה פון מיט העכער פופציק יאָר צוריק — צו די קינדער־יאָרן, פון וועלכע עס בלייבן תמיד זיסע זכרונות...

1

איך בין געבוירן אין פשיטיק אין יאָר 1899, נאָך מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, האָבן מיינע עלטערן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און זיך אַריבערגעקליבן קיין ראַדאָם. אין יאָר 1930, ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט פון אַ באַזוך אין ארץ־ישראל, איז מיר ווידער אויסגעקומען צו וווינען אין פשיטיק אין פאַרלויף פון אַ קנאַפּ יאָר. פונדעסטוועגן האָב איך אַלע יאָרן וואָס כ׳בין געווען אויסער פשיטיק, געפילט ווי טויזנטער פעדים בינדן מיך מיטן שטעטל — סיי צוליב דער אָנגעהעריקייט מיט דער ברייט־פאַרצווייגטער משפּחה פון מיין פאָטערס זייט, די פשעטיצקיס, און פון דער מוטערס זייט, די צוקערס (ליאמעכעס), סיי אויך צוליב מיין שטענדיקער בענקשאַפט און ליבע צום אָרט ווו מ׳האָט געשטעלט די ערשטע טריט אין לעבן.

נאָך די טרויעריק־באַרימטע געשעענישן אין פשיטיק אין יאָר 1936, האָב איך אין ראַדאָם ווו כ׳האָב דעמאָלט געוווינט, געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם און פאַר די פשיטיקער יידן וועלכע זענען געווען פאַרשפּאַרט אין דער

ראַדאַמער תפיסה. צום קאָמיטעט האָבן געהערט פאַרשידענע פּערזענלעכקייטן און פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ, ווי אויך עטלעכע אַדוואָקאַטן, אין וועמענס יורידישער הילף מיר האָבן זיך גענייטיקט.

אויך איצט, שוין נאָכן אָפּזיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן איבער 10 יאָר, האַלט איך פאַר מיין מאָראַלישן חוב מיטצואַרבעטן מיט דער פּשיטיקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק און אַרויסווייזן אינטערעס פאַר דער שארית־הפליטה פון מיין געבורט־שטעטל. בין איך דאָך אַליין אַ ניצול־געוואָרענער פון היטלעריסטישן מבול.

כ׳האָב דעריבער גערן אָנגענומען די איינלאַדונג פון פּשיטיקער קאָמיטעט אין ישראל, בעת מיין באַזוך אין דער ידישער מדינה אין אַפּריל 1964, צו דערציילן מיינע דערינערונגען פון שטעטל אין אָנהייב פון הייניטיקן יאָרהונדערט און באַזונדערס אָפּשטעלן זיך אויף מיין זיידנס הויז אברהם שטריקמאַכער ע״ה און זיין בני־בית.

2

אין מאַרק אַנטקעגן דעם ברונעם איז געשטאַנען אַן איינשטאָקיג געמויערט הויז פון רויטע ציגל, וואָס האָט געהערט צו מיין זיידן אברהם שטריקמאַכער. אין הייזל האָט זיך געפונען אַ פראָנט־געשעפט און הינטער דעם — צוויי צימערן. די איינוווינער פון דעם הויז זענען געווען: די עלטער־באָבע מלכה, וואָס האָט דעמאָלט געהאָט אַוודאי אירע 95 יאָר; דער זיידע אברהם; די באָבע חיה־לאה; זייערע קינדער: משה־שמעון (מיין פאָטער ע״ה), סימע, שרה, מרדכי.

נאָך דעם ווי משה־שמעון האָט חתונה געהאַט מיט מיין מוטער, האָבן זיי זיך איבערגעקליבן אין אַ דערבייאיק הויז אויפן מאַרק. דאַקעגן איז די מומע שרה מיט איר מאַן און 9 קינדער געבליבן וווינען אין זיידנס הויז. אַז די משפחה איז זיך צעפאָרן, אַדער די עלטערע קינדער האָבן חתונה געהאַט, האָט דער פעטער מרדכי מיט זיין פרוי און 4 קינדער געוווינט ביים זיידן.

אין מיין זיידנס געשעפט איז אָנגעגאַנגען אַ מסחר מיט טעפּ, שוסטער־צודאַטן און שטריק. אַזוי ווי דער זיידע אַליין האָט אויסגעאַרבעט די שטריק, איז ער מער געווען באַקאַנט אַלס אברהם שטריקמאַכער ווי אברהם פּשעטיצקי — זיין פאַמיליע־נאָמען. אין דער היים האָב איך נישט איינמאָל געהערט שמועסן, אַז דער נאָמען פּשעטיצקי איז פון דור־דורות פאַרבינדן מיטן נאָמען פון פּשיטיק און מן־הסתמא האָבן די עלטער־עלטער־זיידעס זיך באַזעצט אין שטעטל מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

אין זיידנס געשעפט איז דער גרעסטער לייז געווען יעדן מאָנטיק, ווען ס׳איז פאָרגעקומען דער וועכנטלעכער יאריד. די קינדער פון מיינע פעטערס און מומעס האָבן געהאָלפן באַדינען די פויערים, הגם דער זיידע האָט געאַרבעט זייער פלייסיק

און פלינק. בכלל איז דאָס געווען אַ ייד אַן אומרו בנוגע אַרבעט. זיינע הענט האָבן שטענדיק געזוכט עפּעס צו טאָן און ער פלעגט פאַר זיך אויסזוכן כל מיני באַשעפ־טיקונגען, אַבי נישט שטיין ליידיק. אין די אַנדערע טעג פון דער וואָך, ווען דער פדיון אין געוועלב איז נישט געווען אַזאַ גרויסער, האָט דער זיידע געטראָגן די טעפּ אין קעלער אַריין — און צוריק אַרויף אין געשעפט, כדי מיט עפּעס פאַרפולן די ליידיקע צייט... ער האָט נישט געקענט שרייבן און אין חשבונות זיך אַרויסגעהאָלפן מיט רינגעלעך.

אברהם שטריקמאַכער האָט געהערט צו די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים אין שטעטל. אויב ס׳איז געקומען קיין פּשיטיק אַ רבי, האָט מען געוווּסט, אַז זיין אכסניה וועט זיין ביים שטריקמאַכער. מיין זיידן האָט נישט געפעלט קיין פּרנסה, הגם צו די גבירים האָט ער נישט באַלאַנגט. אָבער זיינע טעכטער האָט ער בכבודיק חתונה געמאַכט, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר יענער תקופה.

די מומע שרה האָט חתונה געהאַט מיט אַ וואָלינער ייד, יצחק־יעקב בערשטל. זיי האָבן געהאַט 9 קינדער און געפירט אַ לעדער־האַנדל ביי זיך אין שטוב. די מומע שימחה האָט חתונה געהאַט מיט וועלוול שטאַרק, פון אַ דאָרף לעבן פּשיטיק. זייער מסחר איז געווען — גאַלאַנטעריע, נאָר אַזוי ווי פון דעם איז נישט געווען קיין פּרנסה, האָט מען זיך אַרויס געהאָלפן מיט דעם זעלבן וואָס אַ סך פּשיטיקער יידן: ביי די פּויערים וואָס זענען מאָנטיק געקומען צום יאַריד, צונויפגענומען זייערע פּראָדוקטן און שפּעטער זיי פאַרקויפן צו די הורט־סוחרים. אַ פאַרדינסטל דערפון איז געווען און אין אַ נויט איז אויך דאָס צונויף געקומען. די־אַ סוחרים און אויפקויפערס פון מיין משפחה האָבן זיך שטענדיק געניייטיקט אין אַ גמילות־חסד — און די קרובים האָבן גערן און קעגנזייטיק זיך אַרויסגעהאָלפן.

3

ביזן יאָר 1914 האָבן מיינע עלטערן געהאַנדלט מיט לעדער. מיר זענען געווען זיבן קינדער — דריי טעכטער און פיר זון. איך — דער בכור. מיין דרדקי־מלמד איז געווען לייביש־וואָלף. פאַר דער מינדסטער עבירה האָט ער באַלד געשלאָגן מיטן קאַנטשיק. שפּעטער האָב איך געלערנט אין חדר פון מאָטע מלמד, אַ הויכער דיקער ייד, מיט אַ געדיכטער באָרד. וואָס שייך שלאָגן די תלמידים — האָט ער דאָס געטאָן מיט אַ באַזונדערע הנאה. דערנאָך איז מיין רבי געווען שלמה־דוד, דער פאָטער פון מאיר מייזלס. ביי אים האָט מען שוין געלערנט גמרא און תוספות.

באַלד נאָך דער בר־מצווה, האָב איך אויפגעהערט לערנען און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ... סוחר און בעל־מלאכה. געהאָלפן דעם טאַטן פאַרקויפן לעדער אין געשעפט

און גלייכצייטיק זיך צוגעכאַפּט צו די שטעפּער־מאַשינען אין וואַרשטאַט, וועלכן מיין פאָטער האָט איינגעשטעלט, ווי די פּשיטיקער לעדער־סוחרים האָבן זיך געפירט אין יענער צייט. אין וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט צוויי אַרבעטער. מיך האָט זייער געצויגן צו די מאַשינען און גלייכצייטיק מיטן אויסלערנען זיך דעם לעדער־מסחר, איז מיר גוט באַקאַנט געוואָרן אויך קאַמאַשנמאַכעריי.

בערך אין יאָר 1911 האָט מיין זיידע געלאָזט שרייבן אַ ספר־תורה און זי אַוועקגעשאָנקען דער שול. איך וועל נישט פאַרגעסן יענעם זומערדיקן אָוונט, ווען אַלע יידן פון שטעטל, אויך אַ גרויסער עולם פּאָלאַקן, האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק־פּלאַץ, כדי זיך באַטייליקן אין דער פייערונג פון סיום־הספר. אַכט חברה־לייט זענען געריטן אויף אויסגעפּוצטע פערד, באַגלייט פון אַ המון יוגנט וואָס האָבן געהאַלטן אין די הענט ברענענדיקע שטורקאַצן. דער אָרקעסטער, ספּעציעל אַראָפּגעברענגט פון ראַדאָם, האָט געשפּילט יידישע ניגונים און מאַרשן. די טענץ, געשרייען און התלהבות האָבן אָנגעשטעקט און מיטגעריסן אַלעמען.

די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט ביינאַכט. אין דעם זיידנס וווינונג האָט מען צעשטעלט די טישן און זיי געדעקט מיט כל טוב. דער עולם האָט זיך משמח געווען ביז פאַרטאָג.

## 4

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען די יידן פון פּשיטיק פאַרטריבן קיין ראַדאָם — און אונדזער משפחה איז שוין געבליבן דאָרט וווינען, נאָר תמיד געווען פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים. אין יאָר 1932 האָב איך געהאַט אַ פּאַסאַזשיר־אויטאָבוס וועלכער האָט קורסירט אויף דער ליניע ראַדאָם־פּשיטיק־ראַדאָם און דערנאָך — ראַדאָם־לאָדזש־ראַדאָם. אויך באַזיצט לאַסט־אויטאָס וועלכע האָבן געפירט סחורות אויף די פריער דערמאָנטע ליניעס. אַ דאַנק דעם בין איך כמעט יעדער צווייטן טאָג געווען אין פּשיטיק.

אין יאָר 1936, ווען ס'איז פאָרגעקומען דער פּשיטיקער פּאָגראָם, בין איך געווען אין ראַדאָם. ווי נאָר ס'איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה וועגן די געשעענישן, בין איך גלייך אַוועק אין שטעטל און פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויסער חורבן. כ'האָב דאַן אין ראַדאָם געהאָלפן שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם. מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט וואַרשע און פון דאָרט זענען געקומען יידישע סיים־דעפּוטאַטן, פערזענלעכקייטן און זשורנאַליסטן. מיר האָבן באַזאָרגט שפּייז־פּעקלעך אין די תפיסות וווּ ס'האָבן זיך געפונען פּשיטיקער יידן, אַרעסטירט אונטער דער

באשולדיקונג פון באַטייליקן זיך אין די עקסצעסן. אויך אַמעריקע האָט זיך אָפּגערופן מיט הילף פאַר די קרבנות פון פּשיטיקער פּאָגראָם.

אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער צווייטער וועלט-מלחמה זענען מיר פון אַ פאַמיליע פון זעקס נפשות (מיין פרוי, איך, פיר קינדער) — געבליבן פיר. אין יאָר 1965 איז געשטאָרבן איין טאָכטער פון אַ האַרץ-פעלער וועלכן זי האָט באַקומען אין לאַגער. איצט וווין איך אין די פאַר. שטאַטן און מיר האַלטן אַ קאָנטאַקט מיט די פּשיטיקער אין ישראל און אין אַנדערע לענדער.



# אַ שטעטל — אַן אינדזל

## דינה גרובשטיין (שוויעטשקע)

### א

פּשיטיק האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אינדזל. אַרום איז געווען וואַסער, פעלדער, וועלדער און גערטנער. די שטאָט גופא איז באַשטאַנען פון דריי טיילן: דער מאַרק; זאַכענטע; פּאָדגייעק.

אַז דער ליבער זומער איז געקומען, האָבן מיר זיך געבאָדן אין דעם וואַסער, געלאָפן אויף די פעלדער בלומען רייסן. און ווי גוט איז געווען זיך אויפצוהייבן גאַנץ פרי, אַוועקלאָזן זיך אין וואַלד אַריין, כדי קלויבן שוואָמען און דערנאָך לאַנג זוכן דעם וועג צוריק.

דאָקעגן ווינטער איז מען אַוועק זיך גליטשן אויפן אייז. עס איז גוט געווען צו פאַלן, צעקלאַפּן זיך און אַפילו מיט געוויין זיך אומקערן אַהיים. דאָ האָט שוין די מאַמע באַרויִקט.

✶

פּשיטיק, ווי אַ דורכויס יידיש שטעטעלע, האָט פאַרמאָגט אַלע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שיינער ביבליאָטעק. געווען אויך אַ בית״ר און אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין. אין בית״ר, צו וועלכן איך האָב געהערט, האָט מען געזונגען און געטאַנצט. אַז דער הויפּט-קאָמענדאַנט פון בית״ר, א. פּראָפּעס, איז געקומען קיין פּשיטיק, האָבן מיר אין מונדירן און אויף אַ מיליטערישן אופן אויפגענומען דעם גאַסט און דורכמאַרשירט איבערן מאַרק — אַן אמתע דעפילאַדע.

געווען אויך אַן אומלעגאַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. ווער געדענקט ניט מאָטע באַרנשטיין, וועלכער איז געשטאָרבן אין ווראָנקער תפיסה? ליידנשאַפטלעכע דיסקו־סיעס וועגן ציוניזם און קאָמוניזם האָט מען דאַמאָלט געפירט אין גאַס, אין שטוב, אין בית־המדרש.

דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט אירע היימישע חסידים, נאָר מיט פרעמדע נעמען: אַלעקסאַנדער, וואָרקער, גערער. איך געדענק, אַז ווען דער וואָרקער רבי איז אַמאָל געקומען קיין פּשיטיק, זענען די חסידים אים אַנטקעגן געפאָרן ביז הינטער דער שטאָט און דערנאָך געטאַנצט אין די גאַסן. דער חשובער גאַסט איז איינגעשטאַנען ביי אונדזער מחותן יוסף־חיים שוחט.

פּשיטיק האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע ישיבה, אָבער דערפאַר האָבן אונדז נישט געפעלט קיין ישיבה־בחורים. זיי האָבן געלערנט אין די פאַרשידענע שטיבלעך און אין דער שול.

מיר האָבן אויך געהאַט אַ רעליגיעזע מיידל־אָרגאַניזאַציע „בנות" און די בית־יעקב שול האָט געגעבן אַ שטרענג טראַדיציאָנעלע און חסידישע דערציונג די ידישע מיידלעך.

אין שטעטל האָט אויך געווירקט „פּועלי אגודת ישראל", ווו מיין ברודער ישראל־אברהם שוויצקאָ איז געווען פאָרזיצער. ער און נאָך עטלעכע יונגעלייט זענען אַרויס־געפאָרן קיין כזשאַנאָוו אויף הכשרה.

דער ספּאָרט־קלוב האָט דער עיקר זיך פאַרנומען מיט פוטבאָל. צו די גוטע שפּילער האָבן געהערט רוסאַק און בליכער. די פאַרמעסטונגען האָבן שטענדיק צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. אַז מ'האָט געשפּילט מיט פּאָלאַקן, זענען צוזאַמענשטויסן געווען אומ־פאַרמיידלעך. נאָר אונדזער פּשיטיקער יוגנט איז תמיד אַרויס זיגרייך...

## ב

איך געדענק מיין חסידישע היים. מיין פאָטער איז געווען אַן אַלעקסאַנדער' חסיד, דער ברודער האָט געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות. מיין מוטער, רחל זעלצער — אַן ערלעכע גוטהאַרציקע פרוי.

פרייטיק האָב איך געמוזט צוטראָגן אַן אָרעמען ייד אַ שטיקל פיש, דעם אַנדערן — אַ ביסל יויך. ביי אונדז האָט געאַרבעט משה־יחזקאלס טאָכטער, חוה. זי איז געווען לונגען־קראַנק. האָט מיין מוטער זי באַזאָרגט יעדן טאָג מיט מילך, פּוטער און אייער. אזא איז געווען מיין מוטער, נאָך אַ סך אַזעלכע פרויען האָט פאַרמאָגט פּשיטיק. נישט בלויז געלעבט פאַר זיך, נאָר אין זינען געהאַט אויך אַנדערע.

מיין פאָטער איז געווען אַ שיינער ייד, אַ הויכער, קלוגער. ער האָט זיך פאַרנומען

מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים: גבאי אין חברה קדישא, פרעזעס פון „ביקור חולים" וואָס האָט ערטיילט הילף אָרעמע לייט. אַ סך האָט ער געהאָט אויסצושטיין פון קהל. מיין מוטער פלעגט שטענדיק האָבן טענות: „נאָך וואָס טויג דיר דאָס?" נאָר מיין פאָטער האָט געזאָגט, אַז מען קען קיינמאָל נישט צופרידנשטעלן אַלע, נאָר עס מוז דאָך זיין עמעצער וועלכער זאָל זיך מיט די זאַכן פאַרנעמען.

מיין פאָטער איז אויך געווען ראַט־מיטגליד אין דער אָרטיקער גמינע (4 יידן און 4 קריסטן). די יידן: מיין פאָטער, משה קירשנצווייג, לעווינטאַל און זוכהאָלץ.

ווען די גמינע האָט באַשלאָסן אויסברייטערן דעם שטאָטישן שטח, האָט מען באַדאַרפט פאַרשיטן דאָס וואַסער. מיין פאָטער האָט אין דעם פּלאַן אַריינגעלייגט אַ סך כוח. פון דער גאַנצער אַרבעט איז אָבער גאָרנישט געוואָרן, ווייל דאָס וואַסער האָט דורכגעריסן. דער ענין האָט אָפּגעקאָסט די שטאָט 4000 זל. הערשל זאַלצשירער, אַ לעבעדיקער בחור, האָט אויסגענוצט דעם דורכפאַל פון די שטאָט־פאַרזאָרגער און פאַרפאַסט אַ לידל:

אינעם קליינעם שטעטל פשיטיק,
וואָס ליגט זיך דאָרט אין אַ טאָל —
פאַראַנען פיר עסקנים
וואָס שיין זענען זיי ווי אין אַ געמאָל...

דער ערשטער הייסט ר' לוי,
אַ ייד מיט אַ צעקעמטער באָרד.
ער זעט אויס ווי נח אין דער תיבה
וואָס קהלס גראָשן איז אים שטאַרק אַ שאָד...

דאָס איז טאַקע געווען אויפן אַדרעס פון מיין ליבן, טייערן טאַטעשי.

## ג

ביז היטלערס קומען צו דער מאַכט, איז דאָס לעבן צוגעגאַנגען מער וויניקער רויק. דערנאָך האָבן די פּאָלאַקן גענומען גיין אין היטלערס דרכים. דער אנטיסעמיטיזם אין פּוילן האָט זיך פאַרשטאַרקט. אין פשיטיק האָט זיך געגרינדעט אַן ענדעקישע פּאַרטיי, בראש איז געשטאַנען אַ געוויסער קאָרטשאַק. זיי האָבן אַגיטירט קעגן יידן, באָיקאָטירט דעם יידישן האַנדל, געהעצט בעת די יארידן. אונטער דער אָנפירונג פון יצחק פרידמאַן האָט זיך אָרגאַניזירט אַ יידישע זעלבשוץ.

עס איז געקומען דאָס יאָר 1936. פון די אַרומיקע שטעטלעך קוויף, אָדזשיוואָל און אַנדערע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען באומרואיקנדיקע ידיעות וועגן אָנפאַלן אויף יידן. איך געדענק, ווי אַ געוויסן פרייטיק זענען יידן געקומען פון קוויף אין אַ בהלה — ווער אויף אַ וואָגן, ווער צופוס. אַ סך פון זיי זענען געווען צעשלאָגן. יעדער ייד פון פשיטיק האָט אַריינגענומען צו זיך איין משפחה אויף שבת. די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע האָבן באַקומען מעדיצינישע הילף.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי אַ שבת אויף דער נאַכט (אפשר איז עס געווען אַ פּראָוואָקאַציע), האָט מען געזאָגט אַז די פויערים פון די אַרומיקע דערפער מאַרשירן אויף פשיטיק. מיר האָבן געוווינט אויף פּאָדגאַיעק. מיין פעטער משה דוד מיט זיינע צוויי זענען געקומען נאָך אונדז און מיר זענען מיט זיי אַוועק אין שטאָט, מיין ברודער האָט געכאַפּט אַ האַק, מיין פאָטער אַ שטיק האָלץ. די שטוב האָבן מיר געלאָזן אויף הפקר. ס'איז שוין געווען פינצטער. אין גאַס האָבן מיר דערהערט אַ



השוק בפשיטיק ● דער פשיטיקער מאַרק

פראַגע: „אַ ייד צו אַ קריסט?" מיין ברודער האָט אָנגעצינדן אַ שוועבעלע — און מיר האָבן דערזען יצחק קעסטנבערג. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ מעסערל. אַ חסידישער ייד, אַ ביסל פאַראַליזשירט — דאָך האָט ער זיך נישט פאַרשלאָסן אין שטוב. אַזוי האָבן פשיטיקער יידן געהאַנדלט אין אַן עת־צרה. אַלע זענען געווען אַנטשלאָסן צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון די יידן.

דעמאָלט איז גאָרנישט פאַרגעקומען. מיר האָבן בלויז געלעבט מיט שרעק. די העץ־קאַמפּאַניע פון די ענדעקעס איז אָבער נישט געגאַנגען לאיבוד. 2 טעג שפּעטער,

מאַנטיק, איז פאָרגעקומען דאָס פאַר וואָס מיר האָבן זיך געשראָקן. די וועלכע האָבן געוווינט אין שטאָט האָבן נישט געפילט ווי מיר, אין זאַכענטע און פאָדגאַיעק, די שרעקלעכע געשעענישן.

### ד

ווען איך בין געגאַנגען צו מיין מומע שיינדל שוויעטשקע, האָב איך באַמערקט אַז דאס פאָרן פון די פויערים איז נישט ווי אַלעמאָל. זיי זענען געפאָרן צו 4 און 5 פורן אין איין ברייט. איך בין נישט דערגאַנגען צו דער מומען, נאָר געלאָפן אַ היים, אַ חוץ דער מאַמען, איז אין שטוב קיינער נישט געווען. זי איז דעמאָלט געווען נאָך אַ קרענק, האָב איך זי גענומען אויף דער פלייצע און דורכן סאָד אַריין צו ר׳ יצחק־מאיר אין מיל. איך האָב דערציילט וואָס עס קומט פאָר, אַלע זענען אַריין אין מיל און צוגעמאַכט די טירן. די פויערים האָבן אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער און רייסן די טירן. עובדיה לענגער האָט גענומען אַ געוויכט און זיך געשטעלט ביי דער טיר. איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געזען ווי ביי בעריש פשעטיצקי רייסן די פויערים די טירן און וואַרפן שטיינער. זיי האָבן דוקא געוואָלט זיך אַריינרייסן. פלוצלינג האָבן זיי אָנגעהויבן אַנטלויפן — ס׳איז געשען אַ נס: יצחק־מאיר לענגער איז אָנגעקומען מיט פאָליציי. מיר אַלע זענען אַרויס מיט אַ געוויין. ר׳ יצחק־מאיר לענגער, אַ גוטער ייד, אַ גרויסער בעל־צדקה, האָט דערציילט וואָס אין שטאָט איז פאָרגעקומען. מיין מוטער האָט געחלשט, מיר האָבן זי קוים דערמונטערט. אַ חוץ מיר איז פון די קינדער קיינער נישט געווען אין שטוב און מיר האָבן גאָרנישט געוווּסט וואָס מיט זיי האָט פאַסירט. דער פאָטער איז געווען אין לאָדזש. די שוועסטער האָט זיך באַהאַלטן ביי מנשה וועבער.

שפּעטער זענען מיר געוואָר געוואָרן וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. ווען די פויערים האָבן אָנגעהויבן שלאָגן אין שטאָט, האָבן אונדזערע יידן זיך נישט געלאָזט און געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן פאַריאָגט די פויערים פון שטאָט. די פאָלאַקן זענען אַוועק קיין זאַכענטע און פאָדגאַיעק. דעמאָלט איז געשען דאָס גרויסע אומגליק מיט די מינקאַווסקיס. אין זאַכענטע זענען אַ סך יידן שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן, צווישן זיי — מיין קוזינע חוה באָס.

מיין ברודער איז געקומען פון שטאָט און דערציילט אַז די יידן אין מאַרק האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און גוט צעשלאָגן די קריסטן. אויסגעצייכנט האָט זיך ר׳ לייזער בלאכאַזש מיט זיינע זין און משה פירשט. (הלל צייטלין האָט אין „היינט" געווידמעט ר׳ לייזערן אַ ספּעציעלן אַרטיקל).

מיר זענען געגאַנגען אַ היים. אין שטוב איז אַלץ געווען צעהאַקט — דאָס מעבל,

די וועב־שטולן. דער טאַטע איז באַלד געקומען פון לאָדזש. ער האָט זיך דערוווּסט פון ראַדיאָ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין פּשיטיק.

צומאָרגנס זענען געקומען פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער קהילה. יידן האָבן געשיקט הילף, אַפילו גלאָז צו שויבן. באַלד האָט מען אַרעסטירט 8 יידן. צווישן זיי משה לעסקער, לייזער קירשנצווייג, מיין שוואָגער חיים שוויעטשקע. אָבער אים האָט מען נישט געמשפּט און פרייגעלאָזן.

נאָכן פּאָגראָם האָבן אַ געוויסע צאָל יידן פון דער זעלבשוץ באַקומען סערטיפיקאַטן און אַוועק קיין ארץ־ישראל. מיין משפּחה איז איבערגעפאָרן קיין לאָדזש.

ה

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה בין איך מיטן מאַן אַוועק קיין רוסלאַנד. דאָס לעבן איז געווען זייער שווער. מיר זענען געווען אין ווייטן אוראַל ווו די קעלט איז דערגאַנגען ביז 40 גראַד. מיר האָבן שווער געאַרבעט. דערנאָך זענען מיר אריבער קיין וויטעבסק, איך האָב געענדיקט אַ קורס אַלס קראַנקן־שוועסטער. מיר האָבן דערהאַלטן בריוו פון אונדזער משפּחה אין פּוילן. זייער לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע. מיר האָבן זיי געשיקט פּעקלעך און וואָס מיר האָבן נאָר געקענט.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער דייטש־רוסישער קריג, איז וויטעבסק באַלד באָמבאַרדירט געוואָרן. מיר האָבן זיך עוואַקויִרט קיין אוראַל. אין 1942 האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי. איך האָב געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל אויפן פראָנט.

אין 1945 בין איך געקומען קיין פּוילן ווען פּראַגע איז באַפרייט געוואָרן. אַז די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען לאָדזש, בין איך געפאָרן אַהין. איך האָב דאָרט געטראָפן דאָס געטאָ מיט די שטעכל־דראָטן. קיין פּשיטיק בין איך נישט געפאָרן. מען האָט מיר דערציילט, אַז פּשיטיק איז מער נישטאָ, אין גאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. דעמאָלט זענען אין פּוילן געווען באַנדעס פון דער אַ. ק. און ס׳איז געווען אַ פּחד צו פאָרן אין די קליינע ישובים.

זייענדיק נאָך אין דער אַרמיי, האָב איך געטראָפן מינקוסן. אין ביטאָם האָב איך געטראָפן חוה באַנדעס מאַן. פון מיין משפּחה האָב איך קיינעם נישט געפונען. אַלע זענען אומגעקומען.

אין 1940 בין איך געקומען קיין ישראל. דאָ האָבן מיר זיך איינגעאָרדענט מיטן מאַן און זון.

## מיך האָט געצויגן צו דער פשיטיקער יוגנט...

משה־מלך מאָער

אונדזער שטעטל איז געווען רייך מיט פאַרשידענע געשעענישן און געשטאַלטן. געווען דאָרט אַ שיינע יוגנט, אָרגאַניזירט אין פאַרשידענע פּאַרטייען; חסידים פון פאַרשידענע רבנים, כלל־טוערס און סתם יידן. פשיטיק איז אויך באַרימט געוואָרן אין דער יידישער וועלט מיטן ווידערשטאַנד וואָס יידן האָבן געשטעלט בעתן פּאָגראָם אין יאָר 1936.

איך האָב זיך תמיד געפונען אין געאַרבעט אין ראַדאָם אָדער אין וואַרשע. געוווינט אויך אַ צייט אין לאָדזש, אָבער שטענדיק פלעגט מיך ציען אַ היים אויף אַ יום־טוב, צו זיין צוזאַמען מיט מיינע חברים מיט וועלכע איך בין דערצויגן געוואָרן אין חדר, אין בית־המדרש און אין דער אָרגאַניזאַציע. מיר איז שטענדיק געווען צום האַרצן דאָס פאַרברענגען מיט דער פשיטיקער יוגנט. מען האָט געזונגען, געטאַנצט, דיסקוטירט, מחלוקת געפירט... בקיצור — ס׳איז געווען לעבעדיק.

איך וויל דאָ דערמאָנען מיינע חברים פון די קינדער־יאָרן: איטשע באַנדע, פּיניע באַנדע, משה פּירשט, יעקב־לייב זיידע, חיים צימבאַליסטאַ, יצחק צימבאַליסטאַ, ישראליק צימבאַליסטאַ, הלל און העניעק שטראַסמאַן, יידל וואַרשאַווסקי, בערל וואַרשאַווסקי, ישעיה און פישל טייטלבוים, וועלוול, יוסף און מאיר דאַזי, סימע פעלדבערג, ראובן, לייזער און אפרים בלאַכאַזש, יאָסל און הערשל מאָער, חיים משה איינבינדערס, דוד ריבא, פּנחס פרידמאַן (היינט אין בעלגיע), חיים פרידמאַן (בעלגיע), ברוך ניסנבוים, ברוך אייזנמאַן ז״ל (ער האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבן אין אוישוויץ), משה צוקער — יאַנקל שוחטס זון (אין פּאַריז). מאָטע באַרנשטיין, ראובן צוקערמאַן, משה געלעס, מרדכי געלעס, חיים דוד (אין ישראל) — ישראלקע מייערפעלדס איידעם, חיים זיידע, יאָסל האַרנפעלד (אין פּאַריז), יואל קליינבוים, מענדל און דוד קליינבוים, פּסח און אברהם לעוואָקאָוויטש, יחיאל לעסקי, יחיאל מאָער — מיין ברודער, יוסף חיים שוחטס קינדער.

די אַלע זענען געווען די ערשטע פשיטיקער ציוניסטן.

✶

שפּעטער זענען געקומען קיין פשיטיק באַפרייטע פון רוסישן פראָנט, אויסגעדינטע זעלנער וואָס האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציע און סאָציאַליזם. זיי האָבן אַרויסגערופן צערודערונג אין שטעטל. דער שניידער שמשון לייזער, אַ סאָציאַליסט,

האָט דערפירט צו אַ שפּאַלטונג אין ציוניסטישן פאַראיין. ער האָט געשאַפן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועמענס אָנפירער זענען געווען: ראובן צוקערמאַן — סעקרעטאַר, משה צוקער (יאַנקל שוחטס זון), מאָטיע באַרנשטיין, יוסף דאַזי, יאַנקל צימבאַליסטא און דוד רעמבאַלסקי. ביים פאַראיין איז געווען טעטיק אַ ביבליאָטעק. אויך דער ציוניסטישער פאַראיין האָט געהאַט זיין ביבליאָטעק. אין יענער צייט האָט זיך געשאַפן אין שטעטל דער האַנטווערקער־פאַראיין. ווי דערמאָנט, איז דער פירער און סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין געווען ראובן צוקערמאַן, דער זון פון מאָטיע מלמד. אַלע ייִנגלעך פון אונדזער דור און אויך פון פריער האָבן געלערנט ביי אים אין חדר, פון וועלכן מ'איז אַרויס אַ מענטש מיט קענען לערנען און אויך שרייבן אַ שיינעם יידיש. פון מאָטיע מלמדס קאַנטשיק זענען אַרויס ציוניסטן, סאָציאַליסטן און קעמפער פאַרן יידישן כבוד.

פון אונדזער שטעטל האָט מען אויסגעקליבן אַלס קאַנדידאַט אין פּוילישן סענאַט דעם אייגנטימער פון דער מיל בערל לענגא. ווען ער איז געפאָרן אויף אַן אַגיטאַציע־פאַרזאַמלונג, האָט מען אים געוואָרפן אַ שטיין אין קאָפּ און דערהרגעט.

*

איך וויל דאָ דערמאָנען די פּשיטיקער יידישע שניידער, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן די טאַנדעטניקעס: יואל שניידער, שמואל שמעלאַקס, הערשל גראַלאַך, לייביש גראַלאַך, יחיאל לעסקיס פאָטער, משה ראובן לעווקאָוויטש, משה האָניק (געוווינט ביי מענדל באָנדע), בערעלע שניידער, משה־לאָזער בוימאייל (יאָסל דאַזיס אָן איידעם) און אלי גבאיס זון. ביי אים אין דער הייך איז געווען דער ציוניסטישער פאַראיין. דאָרט איז אויך געווען אָן אָפענע טיר פאַר יעדן וואָס האָט געוואָלט לערנען שניידעריי. די אַלע יונגטלעכע פון יענער צייט וועלכע זענען געוואָרן שניידער — טרייטל גרין, מאיר גרין, משה־יהודהס זון, משה צוקער (יאַנקל שוחטס זון) — זענען שפּעטער אַוועק קיין פּאַריז. קיין פראַנקרייך זענען אויך אַוועק: יאָסל שמואל שמחהס הארנפעלד, פּסח לעווקאָוויטש, זיין שוועסטער דינה און דער ברודער אברהם, יואל קליינבוים, מענדל קליינבוים. מיט איין וואָרט — די יוגנט איז זיך צעפאָרן איבער דער וועלט.

*

איך בין געווען אַ קאַמאַשנמאַכער, וועט דאָך זיין אַן עוולה נישט אויסצו־רעכענען די קאַמאַשנמאַכערס: יאַנקל גאָלדטשעווסקי, וועלוול גאָלדטשעווסקי, פּנחס קאַמאַשנמאַכער, וואָלף מאַנע פרידמאַן, אַהרון קאַמאַשנמאַכער, משה עסטריכאַלס.



קבוצת נוער בפשיטיק בעת פרידתו משמואל ברשטל, לעלייתו ארצה ב־1934.
אַ גרופּע יידישע יוגנטלעכע אין פשיטיק בעתן געזעגענען שמואל בערשטעל צו זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1934.

שוסטערס: אברהם יעקב האבערבערג, משה פירשט, בצלאל האבערבערג, איטשע האבער־בערג, יאָסל האַבערבערג, אפרים האַבערבערג.

ביי אונדז זענען אויך געווען שמאַטשאַזשעס. פון דור צו דור פלעגן זיי פאָרן אין די דערפער איינקויפן שמאַטעס. עטלעכע משפחות האָבן דערפון געצויגן פרנסה: אברהמעלע משה־אפרימס מיט זיינע צוויי זין, ישראל קנייטשער און דוד מאָער (מנחם דוד), יאָקל שמאטשאזש מיט אַ זון הערשעלע און אַן איידעם אברהם קאָן. ווער האָט נישט געקענט דעם פעטער שמעון מיט דער שיינער באָרד — מען האָט אים גערופן שמעון פאָפּע.

*

אין שטעטל האָט יעדער געהאָט זיין צונאָמען. דער בלויזער פאַמיליע־נאָמען האָט נישט גענוגנט.

רופן בלויז אפרים יאָסל מאָער וואָלט מען נישט געוווּסט וועמען מען מיינט, אָבער אפרים יאָסל שמעון פאָפּעס — איז געווען באַקאַנט אין גאַנצן שטעטל. די צונעמען זענען געווען נישט בלויז פון טאַטנס נאָמען, נאָר מען האָט אויסגערעכנט דעם נאָמען

פון עלטער זיידן: משה־מיילעך דוד־אבֿרהמס משה־אפֿרימס איינִיקל. שפּעטער האָט זיך א ביסל איינגעבירגערט אויך דער פֿאַמיליע־נאָמען.

✶

די פּשיטיקער שול איז אַלט געווען 400 יאָר. אַמאָל איז געווען אַ שׂריפֿה אין שטעטל. גאַנץ פּשיטיק איז פֿאַרברענט געוואָרן, נאָר די שול איז געבליבן גאַנץ. יידן זענען דעמאָלט אַוועק קיין פּשיסכע, אָבער דערנאָך איז דאָס שטעטל צוריק אויפֿגעבויט געוואָרן. ווידער אַ מאָל איז געווען אַ כאָלערע און אַ סך פֿון שטעטל זענען אומגעקומען. דערנאָך האָט מען זיך ווידער באַזעצט אינעם שטעטל. אַזוי האָבן יידן דאָרט געלעבט הונדערטער יאָרן, ביז היטלער ימ״ש האָט אַ סוף געמאַכט צו דער פּשיטיקער יידישער קהילה.



## דער פֿישער־קאָאָפּעראַטיוו אין פּשיטיק

שלום־וועלוול צימבאַליסטאַ / פּאַריז

שווער איז געווען דאָס לעבן פֿון יידן אין שטעטל צוליב דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע וואָס איז געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג ערגער. די אַנטיסעמיטישע העצע האָט דערפֿירט דערצו, אַז יידן זענען געוואָרן אַרויסגעשטויסן פֿון איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער. אומדערטרעגלעכע שטייערן זענען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף דער יידישער באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט זיך שווער געראַנגלט כּדי מפֿרנס צו זיין די משפּחות. מען האָט געזוכט פֿאַרשידענע וועגן צו פֿאַרלייכטערן זיך.

איינער אַזאַ וועג איז געווען דאָס אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּעראַטיוו. אַנשטאָט יעדער באַזונדער זאָל אַרויסנעמען אַ פּאַטענט צו האַנדלען אָדער אַרבעטן — האָט מען דאָס געטאָן אויף איין דערלויבעניש אָדער פּאַטענט. אויך שטייערן האָט מען געצאָלט צוזאַמען.

עטלעכע יידישע פֿיש־סוחרים האָבן אין יאָר 1937 געשאַפֿן אַזאַ מין „ספּולקע״. די שותּפֿים זענען געווען: מיין פֿאָטער זעליג צימבאַליסטאַ; זינדל ליפּשיץ; שמואל פֿרידמאַן; ביינִיש ליפּשיץ; איטשע באַנדע; פֿיניע באַנדע און זיין ברודער משה.

יעדער אין קאָאָפּעראַטיוו האָט געהאַט זיין אויפֿגאַבע און אַרבעט. מיין פֿאָטער —

איינקויפן אַ גאַנץ יאָר די פיש (קאַרפּן) אין די הייף פון אַבלאַס און קינער. זינדל איז געווען דער טעכנישער לייטער. ער האָט באַשטימט וויפל פיש מען דאַרף פאַר פּשיטיק און וויפל פאַר ראַדאָם. ביינעש ליפּשיץ — דער פינאַנסיסט. איך, שלום־וועלוול, מיט שמואל פרידמאַן זענען געפאָרן קיין ווישמיערזשיץ ברענגען די טייך־פיש: פּלאָטקעס, העכט, שלייען, אָקאָנעס וועלכע מען האָט געכאַפּט אין די פּיליצע. איטשע באַנדע האָט אָנגעפירט מיטן פאַרקויפן די פיש פּרייטיק אויפן מאַרק. געהאָלפן האָבן אים די פרויען פון אַלע שותּפים...

ווינטער איז דער מסחר בעסער געגאַנגען ווי זומער. ווינטער האָט מען נישט געכאַפּט קיין סך פיש, צוליב די פרעסט און שנייען. מיר דאַקעגן האָבן געהאַט קאַרפּן אין די „סאַדזען״. דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט קאַסטן מיט לעכעלעך, אַ טירל און אַ שלאָס, צום פאַרשליסן. דעם „סאַדז״ איז געווען צוגעבינדן צו אַ קלאָץ אונטער דער וואַרשעווער בריק. אַזוי אַרום האָבן מיר אַפילו אין ערגסטן וועטער געהאַט פיש צום פאַרקויפן.

פרייטאָג פאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן דאָס גרויסע גערודער. ווער ס'האָט נישט געהאַט קיין געפרוווירענע הענט, האָט זיך אונטערגענומען אַרויסציען די קייט מיטן קאַסטן, אויפשליסן דעם שלאָס און אַרויסנעמען די פיש. ס'האָט אָפּט פּאַסירט, אַז מען האָט געמוזט גיסן קאָכעדיק וואַסער אויפן שלאָס, כדי אים עפענען. דערנאָך האָט מען געברענגט אויפן מאַרק די פיש אין באַליעס; פאַרקויפט האָט מען אַנטקעגן ביילע מרדכי־דודס הויז.

לערך 8 אַ זייגער אין דער פרי האָבן די פרויען אָנגעהויבן איינקויפן פיש אויף שבת. רייכערע האָבן זיך דערלויבט אַ שיינעם קאַרפּ פון אַ קילאָ אָדער אַ ביסל מער. אָרעמערע האָבן גענומען אַ פישל פון אַ האַלבן קילאָ. זייער אָרעמע אַ ביסל פּלאָטקעס. ווען אויף שבת זענען נישט געווען קיין אַנדערע פיש אויסער קאַרפּן, האָבן די אָרעמע פרויען געוואַרט ביז אַ פיש אין דער באַליע וועט אָפּשטיין, טויט ווערן — דעמאָלט האָט מען געכאַפּט אַ מציאה. אַ קליינע ישועה איז אויך געווען, ווען פון דער באַליע אָדער פון דער וואָג זענען אַראָפּגעפאַלן אָדער אַרויסגעשפּרינגען אויף דער ערד קליינע פישעלעך — האָט מען זיי שוין נישט צוריק געלייגט אין באַליע, נאָר געמוזט פאַרקויפן ביליקער. פון אַזאַ האַלבן קילאָ פישלעך האָט מען געמאַכט אַ סך געפילעכץ, צוגעגעבן ברויט — און ס'איז געווען פיש אויף שבת פאַר דער גאַנצער משפּחה.

אין די הייסע זומער־טעג האָט דער פיש־האַנדל אין גאַנצן זיך געביטן. די אָרעמע

האָבן מער נישט געדאַרפֿט וואַרטן אויף אַ נס אַז די פֿיש זאָלן שפּרינגען פֿון באַליע און זיך דערהרגענען. דאָ האָט זיי אַרויסגעהאָלפֿן די היץ. די פֿיש זענען אַליין אָפּגע־שטאַנען. אויך פֿיל קריסטן האָבן געכאַפּט פֿיש מיט זייערע ווענדקעס און ס׳איז געווען אַ שפֿע. מיר, די „ספּולקע״, האָבן איינגעקויפֿט פֿיש — אַ סך ביליקער.

אַ געוויסן פֿרייטאָג איז די היץ געווען זייער גרויס. די פֿיש האָבן זיך פּשוט אָפּגעזאָגט פֿון לעבן. דערפֿאַר האָבן די ווייבער געטאַנצן. מען האָט געקליבן אין דער באַליע וויפֿל עס האָט זיך געלאָזט. שטייט זיך אַזוי איטשע באַנדע, קוקט וואָס דאָ קומט פֿאָר און גיט אַ געשריי: „ווייבער, איר זאָלט וויסן אַז מיט אייער קלויבן דערהרגעט איר אַלע פֿיש״. אַז זינדל האָט דאָס געהערט, שרייט ער: „איטשע, וואָס רעדסטו? זיי דערהרגענען די פֿיש? אונדז דערהרגענען זיי, מיר וועלן היינט דערלייגן דאָס גאַנצע געלט״. דאָך האָט מען זיך אַן עצה געגעבן. דער הייסער פֿרייטאָג איז אַדורך בשלום — אַ חוץ פּרנסה, פֿאַרשטייט זיך.

דעם זעלבן פֿרייטיק, שוין געגוג שפּעט, זאָגט שמואל פֿרידמאַן, אַז ער וויל אַרויסנעמען 5 זלאָטעס אַ קאַנטאָ פֿון שותּפֿות, כּדי ער זאָל האָבן אויף שבת. מיר האָבן געוווּסט, אַז קיין גרויסער ריווח בלייבט נישט, אָבער וואָס קען מען טאָן, ווען אַ ייִד דאַרף אויף שבת? זונטיק, ווען מען האָט געמאַכט דעם חשבון, האָט מען ערשט געזען דעם חורבן. מיר האָבן געהאָט אַ גרויסן היזק. אַזוי האָט אויסגעזען דער יידישער האַנדל...

סוף יאָר האָט מען אונדז צוגעשיקט צו באַצאָלן שטייערן — מער וויפֿל עס האָט באַטראָפֿן דער גאַנצער מסחר. מיין ברודער משה איז אַרומגעלאָפֿן צו די פּריצים אין די הייף אַרויסנעמען רעכענונגען וויפֿל פֿיש מען האָט געקויפֿט פֿאַר דער גאַנצער צייט. ער איז אַוועק קיין ראַדאָם אין שטייער־אַמט און געטענהט: „ווי אַזוי קען מען באַצאָלן אַזוי פֿיל, אַז אונדזער גאַנצער אומזאַץ באַטרעפֿט נישט אַזוי פֿיל?״ דער באַאַמטער האָט זיך געמאַכט תּמעוואַטע — רייד צו דער וואַנט!

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט געמוזט אויפֿגעבן דעם גאַנצן מסחר, ס׳איז געוואָרן אויס קאָאָפּעראַטיוו.



# פשיטיק טרוימט וועגן ארץ־ישראל...

## פון אַ בריוו קיין ארץ־ישראל — פון צבי זאלצשירער, שו״ב אין פשיטיק און שפּעטער אין לעאָנטשין, געשריבן אין יאָר 1935

ליאונצ׳ין, אסרו־חג של פסח ה. תרצ״ה לפ״ק

טייערע דבורה!

דיין טייערן האַרציקן בריוו האָבן מיר דערהאַלטן אין סאַמע ברען פון ערב יום־טוב. וואָס דאָס הייסט אַזעלכעס ערב יו״ט אין אונדזער "ליבער" פּוילישער פּראָווינץ — דאַרף איך דיר נישט דערציילן: ווייסן, כשרן, שאָבן, קראַצן און וואָס נישט? נו, שטעל דיר פאָר, אַז דיין בריוו איז מיר אָנגעקומען אין אַזאַ מאָמענט. מיט אומבאַשרייבלעכן אייפער און ברען האָב איך אים געעפנט און זיך גענומען שלינגען יעדעס וואָרט. צוערשט דעם אַזוי לאַנג אויסגעקוקטן בריוו פון... נו, פון דיין אליעזר. דאָס איז געווען אויף דער גאַס, און באַלד האָב איך געהאַט אַרום מיר האַלב לעאָנטשין. קודם האָט מען באַקוקט די פּאַפּיראָסן, די ארץ־ישראלדיקע. ווען די פּאַפּיראָסן זאָלן זיין לעבעדיקע וועזנס, וואָלטן זיי געשפּירט דאָס זעלבע וואָס יעדער מענטש ווען ער איז אַן אָביעקט פון קנאה... אָבער צו וואָס די פילאָזאָפיע וואָס די פּאַפּיראָסן האָבן געפילט, וויכטיקער און רעאַלער איז וואָס איך האָב געדענקט און געטראַכט. אַ צעשטראַלטער און פאַרפלייצטער פון אינערלעכער פרייד, האָב איך אליעזרס בריוו געשיקט צום רב איבערצולייענען (דו ווייסט מסתמא זיין אומבאַגרעניצטע ליבשאַפט צו ארץ־ישראל). איך האָב שוין געלאָזט שטיין דעם גאַנצן ערב יום־טוב. צו וואָס ערב יום־טוב? ווען דאָס אַליין איז ביי מיר אַ הערלעכער יום־טוב. אויך דיין בריוו האָב איך פאַרגעלייענט אין איין אָטעם פאַר צעטלען מיט לייבלען און ברכהלען און מיר האָבן אַדורכשטודירט... די פאָטאָגראַפיע און „נאַזאַד דאָ ראַבאָטי", ערשט אין אָוונט, נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אויפּסניי גענומען לייענען, איינמאָל און נאָך אַ מאָל און אַ צווייט מאָל און אַ זעקסט מאָל, ביז, ביז מיר האָבן געמאַכט נאַכט. דאָ האָט זיך צו מיר גענומען דער בעל־החלומות און ער האָט דאָס מיר אָנגעדרייט אַ נאַכט מיט „ארץ־ישראל" — און איך האָב געוואָלט אַז עס זאָל זיך אַזוי ציען אומאויפהערלעך.

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן גאַנץ פרי, איז דיין התנס בריוו געווען דאָס געשפּרעך פון טאָג. אַלס צולאָג האָט מען מיר דערציילט, אַז דו נעמסט מיך קיין... ארץ. נו, האָב איך געענטפערט: הלוואי! לייבעלעס חברים האָבן אים גענומען פאַרשיטן

מיט פראַגן וועגן דער מומע דבורה און וועגן ארץ־ישראל און ער האָט מיך געפּייניקט וועגן די אַלע פראַגן, ער וויל אַלץ וויסן. אויף אַלץ וויל ער אַן ענטפער. אַ קינד איז שטאַרק עמפּינדלעך און מען מוז אים ענטפערן. אַזוי האָבן מיר געהאַט אַ יומטובדיקע שטימונג נאָך שיינע עטלעכע טעג פאַר יום־טוב, פאַר וואָס דו און דיין אליעזר זענט ווערט דעם אמתן האַרציקן יישר־כוח!!!

איצט ליבע און טייערע דבורה, אין דיין יעדן בריוו זאָגסטו מיר צו אַז וועסט מיר שרייבן אַ גרויסן און אויספירלעכן בריוו, אַזוי אַז איך זאָל האָבן אַ פולשטענדיקן קלאָר בילד פון דיין גאַנצן לעבן אין ארץ־ישראל, הן פריוואַט, הן געזעלשאַפטלעך און ביז היינט האָב איך נאָך נישט געהאַט די זכיה דערצו. אַזוי, אַז שוין נישט רעדנדיק וואָס איך ווייס נישט צו ענטפערן אַלע דיינע און מיינע נאָענטע פריינד וואָס מען הערט ביי דיר, נאָר אויך איך אַליין ווייס אַבסאָלוט נישט דיין מצב אין וועלכן דו געפונסט זיך, ווי עס זעט דיר אויס דיין צוקונפט, ווי אַזוי האָסט בדעה זיך איינצו־אַרדענען און בכלל ווי דו לעבסט זיך אויס עקאָנאָמיש, גייסטיק אאַז״וו.

ביי אונדז איז גאָר קיין נייעס. די שחיטה איז נאָך שוואַכער ווי געווען. דאָס פוילישע יידנטום ווערט דערדריקט אונטער דער אומדערטרעגלעכער שטייערן־שרויף. זעלבפאַרשטענדלעך, אַז דאָס רופט זיך אָפּ נעגאַטיוו אויף אַלע צווייגן פון לעבן. ממילא איז דער ארץ־ישראל פסיכאָז געוואָרן אַ מאַסן־זאַך. איך קען דיר נישט פאָרשטעלן ווי אַזוי פוילישע יידן טראַכטן וועגן ארץ־ישראל. עס וועט קיין גוזמא נישט זיין אויב איך וועל זאָגן, אַז כמעט יעדער צווייטער ייד אין פוילן טראָגט זיך אַרום מיט אַ זיסער טרייסט־האָפענונג אַז ער וועט אַמאָל עולה זיין. האָט ער דאָך שוין אין ארץ אַ פעטער אָדער אַ קוזינקע. און ווער שמועסט נאָך אַז מען האָט אַ פאָטער אָדער אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער. דער איז דאָך אַ געוואַלדיקער יחסן. דער הייסט שוין אויך אַן ארץ־ישראלדיקער. קלאָרער: אַ גליקלעכער מענטש.

בכלל, איז נעבעך דאָס יידישע לעבן אין פוילן אַריין אין אַ פינצטער, בלינד געסל אָן אַן אויסוועג, אָן דעם מינדסטן שטראַל אויף דער צוקונפט. און עס פרייט מיך וואָס כאָטש דו געפונסט זיך, ווי עס האָט זיך פאַר מיר איינער אויסגעדריקט, צווישן די גליקלעכסטע פון די גליקלעכע, אַזוי רופט מען היינט אַ ייד וועלכער וווינט אין ארץ־ישראל. מיר רעדן נישט פון די יעניקע וועלכע באַטראַכטן ארץ־ישראל אלס דאָס גאָלדענע פּיאַסטער־לאַנד, נאָר אויך אַזעלכע מענטשן מיט אַן ערנסטערן און טיפן בליק אויפן לעבן, וועלכע ווייסן אַז אויך אין ארץ־ישראל ליגט נישט קיין געלט אין גאַס, אַז מען מוז שווער האָרעווען. נאָר דער גלות, דעם ביטערן גלות, האָבן

יידן קיינמאָל נישט אַזוי דערפילט ווי היינט. שטעל דיר פאָר, אַז אין אַזאַ פאַרשטויסן אָרט ווי פשיטיק און לעאָנטשין איז אויף יעדן בוים און גאַס אויסגעקריצט אין דער קאָרע דער פאַרשאָלטענער האַנקרקרייץ און דער אַנטיסעמיטיזם איז נישט צום באַשרייבן. איך האָב אַזעלכעס נאָך נישט איבערגעלעבט ווי פאַר דריי וואָכן, ווען אַלע יידן זענען שבת נאָך מנחה געגאַנגען אַ היים, איז אַ שייגעץ זיי באַפאַלן. באַלד איז אָנגעקומען אַ גאַנצע באַנדע ווי פון אונטער דער ערד און זיי האָבן געשלאָגן די יידן מכות רצח. יאָ, זיי זענען דערנאָך אריין אין שול מיט אַ הונט זוכן נאָך יידן. צום גליק, בין איך דעמאָלט נישט געגאַנגען דאַווענען. די פּאָליציי האָט זיך גאָרנישט ווויסנדיק געמאַכט. עס איז שרעקלעך צו לעבן אין אַזאַ אַטמאָספער. איך בין מיטן רב געווען אינטער־ווענירן ביים לעאָנטשינער גלח. איך האָב אים געשילדערט דעם פאַרלויף פון די געשעענישן. ער האָט אונדז כלומרשט באַרויִקט, נאָר גלייכצייטיק יעזואיטיש געבעטן, אַז יידן זאָלן נישט פּראָוואָצירן די קריסטלעכע יוגנט. ער האָט זיך מיט אונדז פריינטלעך געזעגנט, נאָר דאָס האַרץ קאָן פּלאַצן פון אַזאַ פריינטלעכקייט.

איך האָב דיר בכיוון אָנגעוואָרפן די קאָנטורן פון יידישן לעבן אין פוילן — וואָס האָט זיך זייט דיין אַוועקפאָרן אַזוי ראַדיקאַל געענדערט צום שלעכטן — כדי דו זאָלסט וויסן ווי צו שעצן דיין לאַגע.

פון דעסטוועגן טאָר מען זיך צו פיל נישט איבערנעמען. די יידישע געשיכטע איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט. יידן האָבן שטענדיק געהאַט שונאים. מיר האָבן פיל ערגערע תקופות אַדורכגעלעבט. די יידישע שונאים זענען צעשמעטערט און אונטער־געגאַנגען און דאָס יידישע פאָלק לעבט און מאַכט אַדורך אַ פאַריונגערונג־פּעריאָד, גייט פאָרווערטס מיט ריזן שריט צו זיין הערלעכן און דערהויבענעם ציל — ארץ־ישראל, וואָס איז דער רעפלעקטאָר און לייכט־טורעם וועלכער באַלייכט און וואַרעמט אונדזער חושכדיקן הווה צו אונדזער גליקלעכן עתיד. **נצח ישראל לא ישקר!!**

יאָ, מיר האָבן זיך נאָך נישט געהאַט גענוג אָנגעפרייט מיט דיין בריוו און בילד, האָסטו אונדז ווידער געמאַכט אַן אָנגענעמען סיורפּריז מיט דיינע שיינע ארץ־ישראל מתנות. לייבעלען האָב איך געזאָגט אַז דאָס קאַפּעלע האָסטו אים געשיקט לכבוד זיין געבורטס־טאָג וואָס קומט אויס ביי אונדז שביעי של פסח און ביי אייך דער לעצטער טאָג פסח. אָ, זיין פרייד איז געווען נישט צום באַשרייבן. איצט שלאָפט ער, אָבער מאָרגן וועט ער דיר באַזונדער שרייבן אויף זיין אָריגינעלן אופן. דאָס בילד פון דעם כותל מערבי איז אַ קונסטווערק. מיר וועלן דאָס איינראַמען און לאָזן מאַכן דערויף אַ שויב. אויך דאָס שפּילקעלע איז פּראַכט. ביים סדר האָב איך געראויכערט דיינע צוויי

ארץ־ישראלדיקע פּאַפּיראָסן. לייבעלען האָב איך געמוזט געבן צו רויכערן. אונדזער שמועס ביים סדר איז געווען וועגן דער מומע דבורה. איך האָב פאַרטייטשט „לשנה הבאה בירושלים״. איך האָב אים, לויט זיין פאַרשטאַנד, דערציילט גאַנצע שטיקעו׳ יידישע געשיכטע וואָס האָבן אַ שייכות מיט גלות מצרים, גאולה און ארץ־ישראל. ער פרעגט זיך צי די מומע דבורה מיטן פעטער אליעזר זאָגן אויך די הגדה. איך האָב אים אויפגעקלערט אַז דאָרט ווו די מומע דבורה מיטן חתן זענען דאָ, פאַרמאַכט מען נישט די לאָדנס מיט די טירן ביים סדר און מען וואַרפט נישט קיין שטיינער. דאָ פרעגט ער מיך בתמימות צי דאָרט זענען נישטאָ קיין שקצים, צי לישקעוויטשן (אַ פּאָפּולערער היגער כוליגאַן) וועט מען נישט אַריינלאָזן קיין ארץ־ישראל. אַזוי האָבן מיר פאַרברענגט אין זיסע דערינערונגען בידע סדר־נעכט.



משפחת השו״ב זלצשירר

די משפחה פון השו״ב זאַלצשירער

איך האָב פּיגען געשריבן צוויי קאָרט־לעך אַז זי זאָל קומען אויף יום־טוב. איך האָב אויך געבעטן אירע בעלי־בתים אַז זיי זאָלן איר דאָס דערלויבן. איך בין אַפילו ערב יום־טוב אַראָפּגעגאַנגען צום סטאַטעק. זי איז אָבער נישט געקומען. דעם ערשטן טאָג יום־טוב האָב איך פון איר באַקומען אַ קאָרטל, אַז זי קען נישט קומען, נאָר באַלד נאָך יום־טוב וועט זי קומען אויף אַ שבת. איך קוק זי שוין אויס מיט טויזנטער אויגן, ווייל איך האָב זי שוין נישט געזען באַלד אַ יאָר. עס קומט מיר נישט אויס צו זיין אין וואַרשע. שרייבט מיר וואָס מען הערט ביי הינדען. צי זענען געקומען עפּעס פשיטיקער קיין ארץ? צי זעסטו זיך אַמאָל מיט חיים יהושע לענגא? גיב אים אַ גרוס פון מיר. צי זעסטו זיך אַמאָל מיט ישראלקעס חברה? גריס זיי פאַר מיר. ביזט אפשר געווען פסח אין ירושלים? איך האָב לייבעלען געזאָגט אַז יאָ, האָב איך געטראָפן? חוץ דעם קיין נייעס. זיי מיר האַרציק געגריסט און געקושט. אַ גרוס פאַר אַלע פשיטיקער און פאַר דיין חתנס גאַנצע פאַמיליע, ספּעציעל פאַר די פון דער פאָטאָגראַפיע. למען השם, האַלט מיך נישט אויף מיט קיין בריוו, נאָר שרייב תיכף

און פיל. איך שרייב אויך אַ בריוו צו דיין מחותן הרב בורשטיין קיין ראדאינטע. צאַטעלע און לייבעלע און ברכהלע וועלן שרייבן באַזונדער.

דיין: **צבי שו"ב זאלצשיצער**



## ביי די אַלגעמייינע ציוניסטן און אין בית"ר

מרגלית רובינאַוויטש־מילשטיין

מיינע עלטערן מענדל און רחל מילשטיין האָבן געוווינט נישט ווייט פון דער וואַרשעווער בריק. מיר האָבן געהאַט אַ רעסטאָראַן.

נאָכן ענדיקן די פאָווּשעכנע שול אין 1928 בין איך געוואָרן אַ מיטגלד אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן (סיעה „על המשמר" פון יצחק גרינבוים). די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען: חיים־אהרן בערקאָוויטש, יוסף לינדענבוים, די צוויי ברידער ריבא, גאָלדשעווסקי. מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן לאָקאַל אויף דער וואַרשעווער גאַס, אַנטקעגן דעם רינעק און אויך אַ פיינע ביבליאָטעק מיט אַ סך יידישע און פוילישע ביכער. מיר האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע ציוניסטישע אַקציעס און נאַציאָנאַלע פאָנדן, ווי קרן היסוד, קרן קיימת. מיר זענען אויך געווען



גדוד ברית טרומפלדור (1930)

זייער אקטיוו ביי די וואַלן צום סיים, קהילה, שטאָטראַט. דעם רוב פּאַרטייאישע אויפגאַבן האָט מען אַרויפגעלייגט אויף אונדזערע יוגנט־חברים. הגם מיר אַליין האָבן נאָך נישט געהאַט קיין וואַל־רעכט, האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט קלעפּן אויפרופן, טיילן פלוגבלעטלעך, הויז־באַזוכן און אַגיטאַציע. ווען מיר האָבן אין ברען פון דער וואַל־קאַמפּאַניע זיך געוואָנדן צו יצחק גרינבוים ער זאָל קומען קיין פשיטיק אויף אַ מיטינג, אָדער שיקן אַן אַנדערן וויכטיקן רעדנער פון וואַרשע, האָט ער אונדז געענטפערט: „איר האָט דאָרט בערקאָוויטשן, דאַרפט איר קיינעם נישט״.

אין יאָר 1932, ווען אין פשיטיק איז אַנטשטאַנען דער בית״ר, בין איך אַריינגעטרעטן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע און געפאָרן אויף הכשרה אינעם נאָענטן שטעטל פשיסכע. מיר האָבן געאַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק און אויסגעפירט פאַרשידענע הילפס־אַרבעטן ווי האַלץ האַקן, רוימען א. אַ. וו. אין יאָר 1935, נאָכן פאַרענדיקן די הכשרה, האָט מען אונדז געשיקט קיין וויעזשבניק, פון דאָרט קיין סקאַרזשיסקאָ — אַ גרויסער אינדוסטריע־צענטער, ווו מיר האָבן דורכגעמאַכט די הכשרה אין דער כעמישער פאַבריק פון מיין פעטער נתן קיוועלעס. דערנאָך — אין אַ פאַבריק פון עלעקטרישע מאַטעריאַלן.

נאָך זייענדיק אין סקאַרזשיסקאָ, האָט מען מיך באַשטעטיקט פון צענטראַלן פּאַלעס־טינע־אַמט (דורכן נציבות בית״ר) צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל. קומענדיק קיין פשיטיק זיך געזעגענען, אין סאַמע ברען פון מיינע צוגרייטונגען עולה



קן בית״ר בפשיטיק נפרד מיעקב קירשנצווייג לרגל עלייתו ארצה.
דער בית״ר אין פשיטיק געזעגנט זיך מיט יעקב קירשענצווייג צו זיין עולה זיין קיין א״י.

צו זיין, האָט די נציבות פון בית״ר באַשלאָסן נישט אָנצונעמען די באַשטעטיקטע סערטיפיקאַטן אַלס פּראָטעסט קעגן דער קליינער צאָל וואָס דער פּאַלעסטינע־אַמט האָט זיי צוגעטיילט. איך בין דערוויל געבליבן זיצן אויף די פּעקלעך. שפּעטער האָט מען פאַר די רעוויזיאָניסטן געגעבן נאָך 4 סערטיפיקאַטן פון דער פריער נישט אויסגענוצטער נאָרמע — און מ׳האָט באַשלאָסן אַז איך באַקום איינעם פון די 4 סערטיפיקאַטן.

דעם זעלבן פרימאָרגן ווען איך בין געפאָרן קיין פּשיסכע זיך געזעגענען מיט די חברים, איז אין פּשיטיק אויסגעבראָכן דער מוראדיקער פּאָגראָם וואָס האָט אויפגערודערט נישט נאָר גאַנץ פּוילן, נאָר אויך די גאַנצע וועלט.



# מיר זענען געלאָפן קיין רוסלאַנד...

ירמיהו קויפמאַן


שלמה באומגאַרטן, דערשאָסן געוואָרן אין די יאָרן פון די סטאַליניסטישע „רייניקונגען״ — און דערנאָך געוואָרן רעהאַביליטירט...

1

געבוירן בין איך אין שידלאָוועצ, קעלצער געגנט. נאָך זייענדיק אַ קליין קינד, זענען די עלטערן אַריבער וווינען אין פּשיטיק. די ערשטע צייט איז דער פאָטער געווען אַ מלמד, שפּעטער האָט ער געאַרבעט ביי זיין פאַך אַלס שטעפּער. אין די 20קער יאָרן איז מיין מוטער געשטאָרבן, איך מיט נאָך צוויי ברידער און שוועסטער זענען געבליבן יתומים. מיך האָט גענומען צום דערציען מיין מוטערס אַ שוועסטער, די מומע רחל, וועלכע איז אַליין געווען אַן אַלמנה מיט פינף קינדער. איך האָב זיך אַרומגעזען אַז ס׳איז נישט קיין תכלית צו זיצן ביי דער מומען, בין איך, נאָכן אָפּלערנען אַ 5 יאָר אין חדר און אַ 3 יאָר אין דער פּאָווסעכנער שול, אַוועק לערנען שניידעריי ביי לייבוש־מענדעלע.

אָפּגעאַרבעט דאָרט אַ 5 יאָר אַלס לערן־יינגל, בין איך געוואָרן זעלבשטענדיק, אַליין זיך אויסגעהאַלטן.

אין אָנהייב פון די 30קער יאָרן בין איך אַריינגעטרעטן אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די טעטיקייט איז באַשטאַנען אין אַרויסהענגען אַ רויט פענדל, אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען, שטרייקן אדג״ל. פון די הויפּט־טוער געדענק איך: מאָטקע באַרנשטיין, די געלע חייה, אברהם צוקער. כדי צו מאַסקירן די אומלעגאַלע טעטיקייט, פלעגט מען איינלאַדן ציוניסטישע רעפערענטן אינעם איינציק לעגאַלן לאָקאַל פון פּראָפ.־פאַראיין פון די באַקלייד־אַרבעטער, וועלכער איז געווען אונטער דער קאָמוניסטישער השפעה. דער פאַראיין האָט דורכגעפירט עטלעכע דער־פאָלגרייכע שטרייקן ביי די שניידערס.

צוליב מיין טעטיקייט ביים אָרגאַניזירן הילף פאַר פּאָליטישע אַרעסטאַנטן (מאָפּ״ר) און פונאַנדערקלעפּן אומלעגאַלע אויפרופן, איז די פּאָליציי געקומען אויף מיינע שפּורן און כ׳האָב געמוזט פאַרלאָזן פּשיטיק. איך בין אַוועק קיין לאָדזש, גלייך געפונען דאָרט אַרבעט און איבערגעריסן מיין פּאָליטישע טעטיקייט, ווייל כ׳בין דאָרט געווען אומלעגאַל.

אין יאָר 1932 האָבן מיר אַ גרופּע פּשיטיקער: שלמה בוימגאַרטן, מענדל האָניג, שלמה כלעבאָווסקי און אברהם צוקער, באַשלאָסן צו שמוגלען די גרענעץ קיין רוסלאַנד. מיר זענען אַוועק נישט ווייט פון ווילנע, אָבער דער שמוגלער האָט פון אונדז פאַרלאַנגט אַ סך געלט. זענען מיר אַריינגעפאָרן קיין בוצלאוו, אַ 12—10 קילאָמעטער פון דער סאָוו־עטישער גרענעץ. אין רעסטאָראַן האָבן מיר זיך פאַרבינדן מיט אַ שמוגלער, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פירן אונדז אין חודש אַפּריל איבער דער גרענעץ, ווייל די פעלדער זענען דעמאָלט פאַרפלייצט מיט וואַסער פונעם צעלאָזענעם שניי. בלית ברירה זענען מיר אַוועק קיין דאָלגינאָוו, אַ 6 קילאָמעטער פון דער גרענעץ. דאָ האָבן מיר אָפּגערעדט מיט אַ שמוגלער, אַז פאַר 55 זלאָטעס זאָל ער אונדז אַריבער פירן אויף יענער זייט. דעם טאָג, בין השמשות, זענען מיר אַרויס צו דער גרענעץ, טאָפּטשענדיק ביז איבער די קני אין בלאָטעס. צוקומענדיק האַרט צו דער גרענעץ, האָט אברהם צוקער, דער עלטסטער פון אונדזער גרופּע, זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך דערפילט אַזוי שוואַך, אַז מיר האָבן אים געמוזט אונטערהאַלטן אונטער די אָרעמס. צום סוף האָבן מיר אים צוליב געטאָן, איבערגעלאָזן אַליין און אָן אים אַריבער די גרענעץ. ביים נייטראַלן פּאַס האָט דער שמוגלער, נאָכן באַקומען פון אונדז דעם פאַראָאַל אָפּצונעמען דאָס געלט, אָנגעוויזן די ריכטונג: גיין גלייך, וועלן מיר צוקומען אויף דער אַנדערער זייט. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן מיר דערזען פאַר זיך 2 וועגן — אויף רעכטס און לינקס. נאָך אַ קורצער באַראַטונג זענען מיר אַוועק אויף לינקס און באַלד דערזען

**Polska Zjednoczona Partia Robotnicza**

**Komitet Centralny**

Tel. 21-04

~~Wydział~~ Zakład Historii Partii Warszawa, dnia 8 grudnia 1958 r.
ul. Nowy-Świat 6/12

L. dz. KZ/521/229/58

Tow. Włodzimierz Wolf Baumgarten

Bytom, ul. Chrobrego 3 m.1

Szanowny Towarzyszu!

W odpowiedzi na Wasze pismo z dnia 25 ub.m. Zakład Historii Partii przy KC PZPR zawiadamia, że w wykazie nadesłanym w sierpniu 1958 r. przez Komitet Centralny Komunistycznej Partii Związku Radzieckiego do Komitetu Centralnego Polskiej Zjednoczonej Partii Robotniczej wśród zrehabilitowanych pośmiertnie działaczy polskiego ruchu komunistycznego figuruje również nazwisko Waszego brata: Baumgarten Salomon /Szloma s.Lejzera/.

Innych bliższych danych Zakład nasz nie posiada.

Z partyjnym pozdrowieniem

Dyrektor
Zakładu Historii Partii
przy KC PZPR
/ Tadeusz Daniszewski /

HM/HT

בריוו פון צ. ק. פון דער פוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי צו וואָלף בוימגאַרטן וועגן רעהאַביליטירן, נאָכן טויט, זיין ברודער שלמה — אַ קרבן פון די סטאַליניסטישע רציחות אין די דרייסיקער יאָרן.

מכתבו של מרכז המפלגה הקומוניסטית הפולנית אל וולף בוימגרטן, על טיהור שמו של אחיו שלמה — קרבן הרציחות הסטאליניות בשנות השלושים.

אַ פויערישע כאַטע. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט, אונדז איז שוין געווען אַלץ איינס צו ווערן אַריינפֿאַלן. מען האָט אונדז אַריינגעלאָזט, גוט אויפֿגענומען און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז מיר זענען שוין אין ראַטנפֿאַרבאַנד. זיי האָבן אונדז געהייסן אויסטאָן כדי אויסצוטרוקענען די קליידער, צוגעגרייט פֿאַר יעדן הייסע טיי, אָבער אָן צוקער. דערנאָך האָבן זיי געמאָלדן דער גרענעץ־וואַך און צוויי זעלנער האָבן אונדז אַוועקגעפֿירט אין אַרעסט. נאָכן אָפּזיצן דאָרט אַ חודש און אויספֿאַרשן, האָט מען אונדז איבערגעפֿירט אין אַ גרעסערע תּפֿיסה אין פּלעשטשעניץ (ווייסרוסלאַנד), פֿון דאָרט, ווידער נאָך אַ חודש — אין מינסקער צענטראַלער תּפֿיסה. נאָך 3 חדשים האָט מען אונדז איבערגעשיקט אין סאַראַטאָווער לאַגער הינטער מאָסקווע, ווו מ'האָט אונדז באַשעפֿטיקט ביי וואַלד־אַרבעט, אונטער אַ קאָנוואָי. ערשט נאָך 5 חדשים, ווען זיי האָבן זיך איבערגעצייגט אַז מיר זאָגן אמת, האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט קיין זלאַטאָוסט ביי טשעליאַבינסק, אויף פֿרייער פֿאַרשיקונג.

סוף 1936, נאָכן דערמאָרדן קיראָוו, האָט מען אונדז באַזאָרגט מיט סאָוויעטישע פּעסער, נאָר מיט אַ „פּאַראַגראַף".

בשעת דער גרויסער „טשיסטקע", בין איך אַוועק קיין דניעפּראָפּעטראָווסק און אין אַנדערע ערטער. יעדער באַזונדער — און אַזוי אַרום אויסגעמיטן אַרעסטן. נאָכן אויסברוך פֿון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה, האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי וועלכע האָט פֿאַרלאָזט דניעפּראָפּעטראָווסק. ביים כסדרדיקן צוריקטרעטן, האָב איך זיך אָפּגעפֿרירן די פֿינגער פֿון די פֿיס און דערפֿאַר האָט מען מיך באַפֿרייט פֿון דער אַרמיי. איך בין אַוועק קיין מיטל־אַזיע און זיך באַזעצט אין פֿערגאַנאַ.

אין 1942 האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער „טרוד־אַרמיי" (אַרבעט־אַרמיי) און אַוועקגעשיקט קיין סעראָוו, אוראַל. פֿאַר דער גאַנצער צייט פֿון דער מלחמה האָט מען מיך איבערגעוואָרפֿן פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן. אין 1946 בין איך אַלס פּוילישער בירגער צוריק געפֿאָרן קיין פּוילן. נאָכן קעלצער פּאָגראָם בין איך אַוועק קיין דייטשלאַנד, אין באַד רייכנהאַל. דאָרט חתונה געהאַט און אין 1949 זענען מיר מיט דער שיף „עצמאות" אָנגעקומען קיין ישראל.

✶

פֿון אַ בריוו פֿון פּוילן:

... מיר זענען אַוועק קיין רוסלאַנד — אין יאָר 1932 — איך, מענדל האָניג, שלמה כלעבאָווסקי און שלמה באומגאַרטען. געווען איז מיט אונדז אויך אברהם צוקער, אָבער ער איז נישט אַדורך די גרענעץ.

איך גלויב, אַז דיר איז אַלץ באַקאַנט פֿון יענע צייטן, ווייל פֿיל ווייניק ווייסטו, אַז

אין 1936 יאָר איז געווען פאַרבאָטן אין ראַטנפאַרבאַנד צו פאָרן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. קורץ פאַר דעם, טאַקע אין יאָר 1936 האָט מען דערהרגעט קיראָוון אין לענינגראַד. מיר אַלע פיר זענען געווען אין איין פּלאַץ.

סוף 1936 האָבן מיר באַקומען צייטווייליקע דאָקומענטן. מענדל האָניג האָט געהאַט משפּחה אין דניעפּראָפּיעטראָווסק, אין אוקראַינע; שלמה כלעבאָווסקי האָט געהאַט משפּחה אין אָמסק, אין סיביר; איך בין געפאָרן מיט מענדל האָניג קיין אוקראַינע און שלמה כלעבאָווסקי קיין אָמסק, שלמה באומגאַרטען איז געבליבן אין זלאַטאָוסט, אויף אוראַל, דאָרט וווּ מיר זענען אַלע פריער געווען, ווייל ער האָט געדאַרפט גיין אין מיליטער אויף דריי מאָנאַטן.

אין דער צייט איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פון די טראָצקיסטן. גלייך האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַלע אויסלענדער, אַרעסטירן אין די נעכט. ווען איך בין געקומען צו דער אַרבעט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איך האָב מזל וואָס איך בין נאָך דאָ. מיר האָבן באַקומען אַ בריוו פון שלמה באומגאַרטן, אַז די געפּאַר האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין שניידער־צעך. מען זאָגט, אַז אונטער דער מאַסקע פון פּאָליט־עמיגראַנטן האָבן אַלע געקומענע זיך אַרויסגעוויזן אַלס שפּיאָנען. מען האָט אַלע מענער פון שניידער־צעך צוגענומען און פאַרשיקט. די פרויען זענען געבליבן.

מער קיין בריוו האָבן מיר פון קיינעם נישט דערהאַלטן. איך האָב געדאַרפט שטימען, אַז מען זאָל זיי שיסן, די טראָצקיסטן. און איך האָב עס געטאָן...



# בילדער און געשעענישן

הלל שטראַסמאַן / תל־אביב

**1**

אין דעם ערשטן וועלט־קריג זענען פּשיטיקער ייִדן עוואַקויִרט געוואָרן פון שטעטל, אויפן באַפעל פון צאַרישן מיליטער. צווישן יענע רוסישע זעלנער האָט זיך געפונען ש. אַנסקי, דער מחבר פון „דיבוק". ער פלעגט זיך תּמיד אַרומדרייען אין מאַרק און טיילן די קינדער צוקערלעך.

נאָכן צוריקקערן זיך פון די אייגוואוינער, האָט מען געטראָפן דעם מאַרק פאַרוואַקסן מיט ווילדגראָז. אָבער צוזאַמען מיט דעם גראָז איז אויך אויסגעוואַקסן אַן אַנדערע, פאַרגעשריטענע יוגנט, וועלכע האָט אין דער שפּעטערדיקער צייט געשאַפן אַ דראַמאַ־

טישן קרייז, וועלכער האָט אָנגעהויבן שפּילן טעאַטער מיט דערפאָלג. עס איז דאָן געקומען קיין פּשיטיק דער אַרטיסט מאָריס לאַמפּע און מיט אים האָט מען געשפּילט דעם „קעניג ליר", „די שחיטה", ,כּאַשע די יתומה", „דער דיבוק" און אַנדערע פּיעסן. ס'איז דערגאַנגען צו דעם, אַז די טרופּע האָט באַקומען אַן איינלאַדונג צו שפּילן אין ראַדאָם.

מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדישע צייטונג פאַר פּשיטיק און אומגעגנט, וועלכע איז געדרוקט געוואָרן אויף אַ שטענצל, אונטער דער רעדאַקציע פון מאָטע באָרענשטיין, חיים אהרן בערקאָוויטש און דער שרייבער פון די שורות... ביז מיין פאַרלאָזן פּשיטיק, זענען ביי מיר געבליבן עטלעכע עקזעמפּלאָרן פון דער צייטונג.

ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ ביבלאָטעק מיט הונדערטער ביכער.

אָבער די האַרמאָניע האָט דאָרט נישט לאַנג געדויערט צוליב אידעישע מיינונג־פאַרשידנהייטן, ביז עס איז דערפירט געוואָרן צו אַ פּלעביסציט אין דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבלאָטעק. די מערהייט האָט באַקומען די גרופּע פון די ציוניסטן, וועלכע האָט שפּעטער אָנגעפירט מיט דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פאַר ארץ־ישראל, באַזאָרן פאַרן קרן־קימת, ליטעראַרישע אָוונטן און אַנדערע אימפּרעזן.

## 2

צוליב די אויסגעוואַקסענע שטרעבונגען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, האָט די ציוניסטישע גרופּע זיך געשפּאָלטן. עס איז אַנטשטאַנען די צעירי־ציון גרופּע.

אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. נאָכן פונאַנדערלאָזן די אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן דער החלוץ און די פּועלי־ציון. די אַקטיוויסטן זענען געווען: שלום האָניג, די שוועסטערס האָפּמאַן, איך און אַנדערע. עס איז געפירט געוואָרן אַן אַקטיווע טעטיקייט מיט פאַרלעזונגען.

שפּעטער איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ בית״ר, אונטער דער לייטונג פון יצחק פרידמאַן, וועלכער האָט געפירט אַ גאַנץ פאַרצווייגטע אַרבעט. אין דער צייט איז אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט אַוועק אויף לינקע וועגן און געשאַפן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אונטער דער אָנפירונג פון מאָטע באָרענשטיין. (אַן אַנדערער מאָטיע באָרענשטיין איז שפּעטער אַריינגעפאַלן אין תּפיסה און איז דאָרט געשטאָרבן).

פון דער ציוניסטישער יוגנט איז אַ געוויסער טייל אַוועק מיט דער אומלעגאַלער עלייה. די וועלכע זענען געפאָרן מיט די רעוויזיאָניסטן, האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן.

אַ צייט פאַר די געשעענישן אין פּשיטיק האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אויף דעם שטעטל גרייט זיך אַ פּאָגראָם.



חברים וידידים נפרדים מחיים פרידמאַן לרגל עלייתו לארץ־ישראל — 1930.
חברים און פריינד געזעגענען זיך מיט חיים פרידמאַן צו זיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל — 1930.

האָט דאַן די יידישע יוגנט באַוואָפנט זיך מיט פאַרשידענע כלים.

צום גליק אָבער זענען די פויערים נישט געקומען און ס'איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ בלוט־פאַרגיסונג.

3

שטום ליגט דאָס שטעטעלע, באַדעקט מיט שניי. פון ערגעץ זעט מען רויך פון די קוימענס. דער מאַרק איז ווי מיט אַ ווייסן טעפיך באַדעקט. נישט געקוקט אויף דער קעלט און פראָסט, גייט אַ ייד אין דאָרף אַריין עפעס איינהאַנדלען. ער וויל קויפן אַ קעלבל און וועט עס שלעפן מיט זיך צופוס אַהיים, ווייל באַצאָלן פאַר אַהיימפירן קאָן ער נישט, ס'וועט אים פעלן צום פאַרדינסט.

ווען עס באַווייזט זיך דער מאָרגנשטערן, לאָזן זיך יידן זוכן די שווערע פרנסה:

איינער אויפן מאַרק, דער צווייטער אין זיין קראָם. מען לאָדנט אָן וועגענער מיט געבעקס, מיט פעלצן, מיט שטיוול, מיט פאַרשידענע בגדים.

פון איין געסעלע נעבן דער שול באַווייזט זיך מאָטיע דער טאַנדייטניק און שרייט צו זיין ווייב ז׳ זאָל זיך צואיילן, ווייל עס ווערט שפעט...

4

אין פשיטיק איז מאָנטיק געווען דער מאַרק־טאָג. האָבן יידן זיך אויסגעשטעלט מיט זייערע סטראַגאָנען — ווער מיט שטיוול, ווער מיט בילקעלעך און ווער מיט ברויט און פלעצלעך.

פון דער ווייטנס זעט מען ווי אַ שניידער וויל אַרופציען אַ שמאָלן פעלץ אויף א דיקן פויער — און מיט זיין קני קוועטשט ער אים איין דעם בויך...

דער גרעסטער טייל יידן אין פשיטיק האָט געלעבט פון גמילת חסדים, אָדער זיך אויסגעבאָרגט אַ ביסל געלט ביי אַ טאָכטער, וועלכע האָט געזאַמלט נדן פון איר ארבעט, ווייל דער פאָטער האָט איר קיין נדן נישט געקענט געבן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ געוויסער טייל פון סוחרים, שניטקרעמער, אָדער תבואה־הענדלער זענען געווען פאַרמעגלעך. אָבער דאָס זענען געווען קליינע אויסנאַמען. דער גרעסטער טייל האָט זיך געמאַטערט, געכאַפּט אַ גמילת־חסד כדי צו קויפן אַ ביסל סחורה ביי די פויערים. דערנאָך האָט מען געפירט די איינגעקויפטע גענדז און אינדיקעס קיין וואַרשע. ווען מען איז בשלום צוריקגעקומען, צי מ׳האָט פאַרדינט צי דערלייגט, האָט מען דעם גמילת־חסד צוריקגעגעבן מיט דאַנק.

יעדן פרייטיק פאַרנאַכט האָט דער שמש מענדל טרייטלס גענומען זיין הילצערנעם האַמער און געקלאַפּט אין די טירן פון די געוועלבער, גערופן זיי צו פאַרמאַכן און גיין אין שול אַריין. דער מענדל טרייטלס איז געווען אַ גרויסער לץ. ער פלעגט זאָגן, אַז איצט איז ער הונגעריק און ער גייט אַהיים עסן הייסן לעקער מיט ברויט. (געמיינט האָט ער — זיין אייגענעם צונג).

5

ווען אין שטעטל איז געווען אַ חתונה, איז מען געגאַנגען אין שול צו דער חופה מיט מוזיק, באַגלייט פון הונדערטער מענטשן. אַלץ איז געווען באַלויכטן מיט שטורקאַצן. אויך פון די געוועלבער האָט אַרויסגעלויכטן מיט לאָמפּן. ביי דער שול האָט מען חתן־כלה אָוועקגעשטעלט אונטער דער חופה אויף איין גרויסן שטיין. נאָך דעם ווי דער חתן האָט צעהאַקט דאָס גלאָז האָט דער עולם זיך געווונטשן מזל־טוב און מיט מוזיק האָט מען צוריק באַגלייט דאָס יונגע פּאָרל מיט די געסט אין זאַל אריין, ווו

מען האָט געפּראַוועט די סעודה. נאָך דעם בדחן, וועלכער האָט באַזונגען די כלה, האָט מען אויסגערופן דרשה־געשאַנק — ווער פון חתנס צייט, ווער פון כלהס צייט. שפּעטער האָט מען זיך גענומען טאַנצן: די יונגע מענטשן — מאָדערנע טענץ, און די עלטערע — דאָס מצווה־טענצל.

פון פּשיטיק איז געגאַנגען אַן עמיגראַציע. יוגנטלעכע זענען אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע, לאָדזש. דאָס זענען געווען שוסטערס, שניידערס און אַנדערע פאַכמענער. דערנאָך פלעגן זיי קומען קיין פּשיטיק אויף חול־המועד פּסח און סוכות — מיט די האַרטע קאַפּעלושן און שטעקנס מיט זילבערנע הענטלעך, און דערציילט פון די גליקן און „פון מאַכן אַ לעבן" אין די גרויסע שטעט.



# אייניקע דערינערונגען פון שטעטל

יעקב קירשנצווייג / חיפה

ווי אַלע ייִדישע קינדער אין פּשיטיק, האָב אויך איך געלערנט אין חדר. דערנאָך געלערנט ייִדיש און העברעיש ביים לערער פעלד און אין דער „פּאָווישעכנע" שול. אין יאָר 1930 בין איך געוואָרן א חבר אין אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. דריי יאָר בין איך געווען אויף הכשרה אין באָזשענטין, נעבן קעלץ, דערנאָך אין וואָידיסלאַוו און צום סוף — אין סקאַרזשיסקאָ. איך האָב געענדיקט די הכשרה, אָבער קיין שאַנסן עולה צו זיין זענען נישט געווען. איך בין צוריק געקומען קיין פּשיטיק און געהאָלפן די עלטערן אין דער יאַטקע און אין שטוב־אַרבעטן.

אין יענער צייט האָט דער אַנטיסעמיטיזם זיך פאַרשטאַרקט מיטן באָיקאָט קעגן ייִדן, וועלכע האָבן געלעבט אין כסדרדיקער שפּאַנונג. אפילו אין שול האָבן מיר געהאַט גרויסע צרות פון די אַנטיסעמיטישע שילער. מיין חבר לינדענבוים, זון פונעם ציוניסטישן עסקן, האָט באַזונדערס געליטן פונעם הונט־שלעגערס „תכשיט", אַ כוליגאַן וועמען כ'האָב גוט אָנגעבראָכן דיביינער און אונטערגעהאַקט די אויגן. מען האָט מיך דערפאַר אַרויסגעטריבן פון שול און געהייסן קומען מיט מיין פאָטער. ער אָבער, אַ שטאָלצער ייד און ראַט־מיטגליד אין דער פּשיטיקער גמינע, האָט נישט געוואָלט גיין זיך דערנידעריקן און בעטן מען זאָל מיך צוריק נעמען. אַזוי האָב איך געמוזט דערגענצן מיין בילדונג אין דער ייִדישער שול פון פעלדן.

פאַרן פּאָגראָם האָט די יידישע באַפעלקערונג געפילט די נאָענטע סכנה — און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. אַ בילד פון אַ פּאָגראָם מיט אומוואַרפן און ראַבירן יידישע סטראַגאַנעס, האָבן מיר געהאַט פון שטעטל אָדזשיוואָל, נישט ווייט פון פּשיטיק.

דעם ערשטן פּרווו פון אַ פּאָגראָם האָבן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער אָנגעהויבן אַ געוויסן שבת־צו־נאַכט, אין נאָוועמבער 1935. עמעצער האָט אונדז געוואָרנט אַז זיי דערנענטערן זיך צו פּשיטיק. מיין עלטערער ברודער יוסף (אומגעקומען ביי די דייטשן), אַן אויסגעדינטער זעלנער, האָט זיך גלייך געשטעלט בראש פון דער זעלבשוץ. מען האָט באַשלאָסן נישט צולאָזן אין שטעטל די כוליגאַנעס, נאָר זיי פאַרהאַלטן אויפן וועג. די פּויערים האָבן זיך דערפון דערוווּסט און זיך צוריק געצויגן. אַזוי אַרום איז דעמאָלט אויסגעמיטן געוואָרן דער פּאָגראָם.

אַזוי האָבן מיר געלעבט אין שפּאַנונג אַ פּאָר חדשים, ביז ס׳איז געקומען דער קריטישער מאָנטיק פון 9טן מערץ 1936. איך בין געווען אין יאַטקע, פּלוצלינג האָבן מיר דערזען אַן אָנלויף. מען האָט אונדז דערציילט, אַז ביים בעקער ספּיריטוס האָט אַ שטעטלדיקער גוי זיך אַוועקגעשטעלט און נישט אַריינגעלאָזט קיין קונים. מיין יונגערער ברודער לאָזער האָט אים דערלאַנגט קלעפּ, פּאָלאַקן האָבן זיך פאַר אים אָנגענומען און ס׳איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג.

מיין צעשראָקענע מוטער האָט מיך געשיקט נעמען אַ היים דעם ברודער, ווייל מיר האָבן געוווּסט אַז ער האָט ביי זיך הייס געווער. כ׳האָב אים אַרומגעזוכט אין גאַנצן שטעטל, ווען ס׳איז שוין געווען אַ גרויסע מהומה. אין פאַרשידענע ערטער זענען אָנגעגאַנגען געשלעגן. אַ געוויסן מאָמענט האָב איך באַמערקט ווי די פּויערים און יידן פון מאַרק הייבן אָן לויפן. מען האָט מיר געזאָגט אַז מען האָט אויך געשאָסן. שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז געשאָסן האָבן מיין ברודער לאָזער און מיין שול־חבר שלום לעסקי.

נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן אונדזער נצחון. די פּויערים וועלכע האָבן אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָבן זיך צוריקגעקערט, ווייל די פּשיטיקער ענדעקעס האָבן זיי צוגעזאָגט הילף. איך בין צוריק צו מיינע עלטערן און זיי געטראָפן מיט נאָך שכנים גרופּירט אין איין הויז. יידן האָבן געהאָפט, אַז אין צענטער שטאָט וועלן די כוליגאַנעס נישט דערגיין.

ענדלעך האָט די פּאָליציי באַהערשט די לאַגע און גענומען אַרומזוכן מיין ברודער

און די אַנדערע יידן פון דער זעלבשוץ. נישט געפונענדיק מיין ברודער, האָבן די ענדעקעס אַנגעוויזן אויף מיר. צומאַרגנס האָט מען מיך אַרעסטירט צוזאַמען מיטן יונגערן ברודער וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אין דער היים. צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטירטע יידן און קריסטן האָט מען אונדז אָוועקגעפירט קיין ראַדאָם אין תפיסה.

נאָכן אָפּזיצן 4 חדשים, איז פאָרגעקומען דער משפט. אַזוי ווי עס זענען געווען סתירות אין די עדות דערקלערונגען פון די פּויערים, טייל האָבן געטענהט אַז איך האָב געשאָסן, און אַ טייל — אַז דער ברודער, האָט מען מיך באַפרייט. איך בין גלייך אוועק קיין וואַרשע און זיך געוואָנדן אין פּאַלעסטינע־אַמט נאָך אַ סערטיפיקאַט.

אין דער צייט איז הרב סטיפען וויז געווען אין וואַרשע, ער האָט מיך אויסגעפרעגט אַ סך פּרטים וועגן פּשיטיקער פּאָגראָם און צום סוף געוואָלט וויסן צי איך וויל פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב געפאָדערט: נאָך ארץ־ישראל. ער האָט גלייך פאַר מיר אינטערווענירט, כ׳האָב באַקומען אַ סערטיפיקאַט און עולה געווען אין סעפּטעמבער 1936.

איך האָב אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט מיינע עלטערן און מיט מיין גאַנצע משפחה. בעתן אויסברוך פון קריג איז מיין יונגערער ברודער צוזאַמען מיט אַנדערע אַרעסטאַנטן באַפרייט געוואָרן פון תפיסה און געקומען צו די עלטערן. ער האָט אָבער געמוזט אָוועק צו די סאָוויעטן, ווייל די אָרטיקע פּאָלאָקן און דייטשע פּאָליציי האָבן אים געזוכט. ער האָט חתונה געהאַט אין פּינסק און מיר פון דאָרט געשריבן אַ בריוו. נאָכן קריג האָב איך זיך דערוווּסט פון מענטשן און אויך פונעם פּינסקער יזכור־בוך, אַז מיין ברודער איז געווען טעטיק אין אַ פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד ווּ ער האָט זיך דערדינט אַלס אָנפירער. ער איז געפאַלן ביים אויפרייסן אַ דייטשן עשאַלאָן אין יאָר 1944. מען האָט געהאַט אַ חשד אַז דאָס האָבן אים דערשאָסן די 2 אוקראַינער מיט וועלכע ער האָט אויסגעפירט די מינירונג פון צוג.

וועגן די אַנדערע משפחה־מיטגלידער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דעם עלטערן ברודער יוסף האָבן די דייטשן פאַרפּיינקט אין ראַדאָמער תפיסה אין 1941. דעם פאָטער האָבן זיי דערשאָסן אין ראַדאָמער געטאָ. פון די אַנדערע האָב איך נישט געהאַט קיין שום ידיעות.



# ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה — און שפּעטער

מרים טישלער / חיפה

מיינע עלטערן יעקב און רחל־זיסל פּאַליאנט האָבן געהאַט אַ בעקערײַ אַנטקעגן דעם ברונעם. לייענען און שרייבן ייִדיש און אַ ביסל דאַווענען האָב איך זיך געלערנט ביי גיטל אָשרס. ביז צו דער חתונה האָב איך צוגעהאָלפן אין שטוב און אין דער בעקעריי. אין יאָר 1910 האָב איך חתונה געהאַט מיט מיינעם אַ קוזין, חיים־לייזער טישלער, אַ שוסטער.

ווי אין חלום געדענק איך די רעוואָלוציע פון 1905. אין פּשיטיק זענען פאָרגעקומען שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס פון ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער. זיי זענען אַריין אין די שטובן פון די גבירים און געצווינגען צו באַשטייערן זיך פאַרן שטרייק־פאָנד. פון ראַדאָם איז געקומען פּאָליציי און מיליטער און מען האָט איינגעשטילט דעם עולם. דאָס מיליטער האָט מען איינקוואַרטירט אין ייִדישע הייזער, ביי יעדן — צו עטלעכע זעלנער. מיר האָבן געדאַנקט גאָט, ווען מען האָט זיי צוריק גערופן קיין ראַדאָם.

איך געדענק אויך ווען דער פּשיטיקער גביר משה ווייספּוס האָט פאַרענדיקט שרייבן אַ ספר־תורה און די גרויסע פייערונג וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען. די סעודה האָט געדויערט 7 טעג. דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן מיט דער נייער ספר־תורה איז אַדורכגעגאַנגען פאַר מיין שטוב. בראש — דער ביאַלאָבזשעגער צדיק רב יואל, וועלכן מען האָט ספּעציעל פאַרבעטן. דער רבי און דער גביר ר׳ משה האָבן געטאַנצט פאַר דער ספר־תורה. דער גאַנצער עולם האָט מיטגעטאַנצט, געפּאַטשט מיט די הענט און געזינגען: „פרייט זיך מענטשן מיט מיין פרייד, תורה וגדולה במקום אחד״.

מיין מאַן איז געווען אַן איינציקער זון, דערפאַר האָט מען אים נישט געדאַרפט נעמען צום מיליטער. דאָך ווען ער איז געשטאַנען צום פּריזיוו אין ראַדאָם אין 1903, האָט מען אים צוגענומען און אַוועקגעשיקט פּאַניען דינען אַזש קיין קערטש. נאָך גרויסע באַמיונגען האָט מען אים נאָך אַ יאָר דינען באַפרייט און ער איז צוריק געקומען קיין פּשיטיק.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען מיין מאַן צום מיליטער נישט גענומען, ווייל ער האָט געהאַט אַ פעלער אויף איין אויג.

איך געדענק ווי היינט, ווען אין שטעטל זענען אָנגעקומען קאָזאַקן, ייִדן האָבן פאַרמאַכט די געשעפטן. מען האָט באַפוילן צוריק עפענען, ווייל מען וועט נישט ראַבירן. מיין מאַן האָט געעפנט דעם שוסטער־וואַרשטאַט, נאָר די שאַנק מיט די 5



בי״ס עממי (פולני) בפשיטיק • פוילישע פאָלקס־שול („פּאָווּשעכנע״) אין פשיטיק

פאַר פאַרטיקע שטיוול האָט ער אויסגעדרייט צו דער וואַנט. די קאַזאַקן זענען אַריין, צוריק אויסגעדרייט די שאַנק, אַרויסגענומען די שטיוול וואָס זענען ווערט געווען אפשר 15 רובל, געגעבן אַ צענערל און נאָך געפאָדערט אַ רעשט. ווען כ׳האָב זיי געגעבן דעם רעשט, האָבן זיי דאָס צוגענומען צוזאַמען מיטן דרייער קערבל און זענען אַוועק.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מען אונדז געהייסן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, ווייל אין פשיטיק דאַרף פאַרקומען אַ גרויסע שלאַכט. מיר האָבן גענומען מיט זיך נאָר אַ ביסל בעטגעוואַנט, קליידער און... דאָס צוגעשטעלטע שבתדיקע עסן, ווייל ס׳איז געווען פרייטיק. קינד־און־קייט האָבן זיך געלאָזט קיין ראַדאָם, נישט פאַר־שליסנדיק אַפילו די טירן.

אין ראַדאָם זענען מיר געווען ביי אַ 6 וואָכן. אין צווישנצייט איז אַרויס אַ באַפעל, אַז ווער עס האָט איינצוצאָלן 100 רובל, וועט בלייבן אין ראַדאָם און ווער עס האָט נישט קיין געלט אָדער וויל נישט געבן, דאַרף זיך עוואַקוירן אין טיף רוסלאַנד. איך בין געווען פאַרמעגלעך, ווייל מיין מאַן האָט אין ראַדאָם געאַרבעט, האָב איך איינגעצאָלט דאָס געלט און געבליבן אין ראַדאָם.

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען ראַדאָם, זענען מיר צוריק קיין פשיטיק. מיר האָבן געטראָפן די שטוב אין בעסטן אָרדענונג, עס האָט גאָרנישט געפעלט.

אין 1918 האָט די פוילישע ציווילע באַפעלקערונג אַנגעהויבן אַנטוואָפענען די דייטשן און פוילן איז געוואָרן זעלבשטענדיק.

אין 1933 זענען מיר אַוועק וווינען אין לאָדזש, ווייל אין פשיטיק איז אַלעמאָל געוואָרן ערגער מיט פרנסה צוליבן באָיקאָט פון די אַנטיסעמיטישע פאַלאַקן.



## אַ פּילפּאַרביק יידיש לעבן

חנהטשע פרידמאַן־האָניג / תל־אביב

מיין קליין שטעטעלע פשיטיק! כ׳וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן — מיט אַלע פאַרפּייניקטע, אומגעקומענע יידן און מיינע טייערסטע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וואָס שטייען מיר תמיד פאַר די אויגן. אָט אָ דאָס קליינע שטעטעלע ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, ביז איך בין געווען געצווינגען צו פאַרלאָזן, ווען די דייטשן זענען דאָרט אַריין...

געוווינט האָבן מיר נעבן דער שול און בית־המדרש. דאָרט האָבן מיינע עלטערע ברידער געלערנט אַ בלאַט גמרא, צוזאַמען מיט אַנדערע פרומע בחורים. ס׳איז אַ סך צו דערציילן וועגן דער שול. דאָס גאַנצע לעבן פון די עלטערע מענטשן איז געווען קאָנצענטרירט אַרום דעם בית־הכנסת. אַלץ פלעגט דאָרט פאָרקומען: בר־מצוות און חתונות, סעודות אין יאָרצייטן. אויך לוויות און אַ הספד האַלטן — אַלץ איז פאָרגעקומען אַרום און אין דער שול. עס פלעגט אָפט קומען אַ מגיד און רעדן וועגן דער וועלט און יענער וועלט, מוסרן און שטראָפן, אויפקלערן וועלכע מצוות מען דאַרף מער אָפּהיטן, אָדער סתם דערציילן אַ שיינע מעשה, צי משל.

מיין פאָטער איז געווען אַ פרומער, גוטער און ערלעכער ייד. ער פלעגט אַ היים נעמען אַזאַ מגיד אויף עסן און שלאָפן. אויך אַנדערע אורחים און אָרעמע פלעגן זיין ביי אונדז צום עסן. מיין פאָטער אין אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און אַוועק אין בית־המדרש דאַווענען, דערנאָך זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט געפירט אַ שניידעריי־וואַרשטאַט. שווער געאַרבעט אַרויסצוציען אַ ביסל פרנסה. ער האָט באַשעפטיקט עטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן אים געהאַלטן בכבוד, ווייל ער פלעגט זיי ערלעך און גוט באַהאַנדלען. אויך פויערים וועלכע האָבן ביי אונדז געקויפט, האָבן געהאַט צום פאָטער אַ שטאַרקן

צוטרוי. זיי האָבן לאַנגע יאָרן ביי אונדז געקויפט. אַפילו ווען די דייטשן זענען שוין געווען, פלעגן זיי קומען קויפן ביי אונדז. אַמאָל האָט אַ באַקאַנטער פויער אונדז געברענגט פאַר־שידענע פּראָדוקטן, וואָס איז בעת דער אָקופּאַציע געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות.

דער גרעסטער טייל ייִדן אין שטעטל זענען געווען שטאַרק פרום. אַז ס'איז גע־קומען פרייטאָג, האָט מען געפילט אַז דער הייליקער שבת דערנענטערט זיך אין יעדער שטוב. די שטימונג איז געווען אַ דערהויבענע. צו יעדן יום־טוב האָט מען זיך געגרייט און אַלץ געטאָן אַז ער זאָל זיין אַ פרייליכער און געגוי ווי די טראַדיציע האָט געפאָדערט. מען פלעגט אַלץ אויספירן מיטן גאַנצן האַרצן און גרויס כוונה. יעדער יום־טוב האָט געהאַט זיינע אייגנשאַפטן. יום־כפור פלעגט אָנוואַרפן אַ מרה־שחורה. קליין און גרויס זענען געווען אין שול. דעם חזן האָט מען געהערט ווי ווייט. ייִדן פלעגן שטאַרק וויינען און בעטן גאָט ער זאָל מוחל זיין די זינד און אָנשרייבן אַ גוט קוויטל.

מער ווי אַלע ימים־טובים האָב איך ליב געהאַט פסח. ספּעציעל די סדר־נעכט. מען האָט געפּראַוועט דעם סדר מיט גרויס פייערלעכקייט.

אַזוי האָט זיך געפירט אונדזער לעבן, שטאַרק געבונדן מיט דער רעליגיע.

ווען איך בין געגאַנגען אין שול, האָבן מיר שבת און זונטיק נישט געלערנט. שבת איז געווען אונדזער רו־טאָג, זונטיק דער רו־טאָג פון די קריסטן. מיר האָבן זיך דאָרט געפילט פרעמד. די באַציונג צו אונדז איז געווען אַ שלעכטע, דער אַנטיסעמיטיזם געווען שטאַרק. די פּוילישע קינדער האָבן אונדז שיקאַנירט און געגעבן צו פילן אַז מיר זענען „זשידעס". איין מאָל, ווען די שילער פון דער פּוילישער שול האָבן בעת אַ פאַרשטעלונג געחוזקט פון ייִדן, האָט מיין ברודער (ער איז דעמאָלט געווען אין דער זיבעטער קלאַס) פּראָטעסטירט. מען האָט אים דערפאַר אַרויסגעוואָרפן פון שול און ער האָט מער נישט געלערנט.

דערפאַר האָבן מיר געהאַט אַ „בית־יעקב" שול, וווּ מיר האָבן זיך געפילט פריי און היימיש. אין דער פרי זענען מיר געגאַנגען אין דער פּוילישער („פּאַווּשעכנער") שול, נאָכמיטאָג — אין בית־יעקב. אַ סך מיידלעך האָבן דאָרט געלערנט. דער עיקר לערנען איז געווען חומש, ייִדישע געשיכטע, שרייבן און דינים. איך האָב דאָרט געלערנט עטלעכע יאָר.

איין מאָל איז צו אונדז געקומען די פרוי שענירער, די גרינדערין פון „בית־יעקב". איך האָב מיט באַוווּנדערונג געקוקט ווי זי האָט זיך געשטעלט אין אָוונט דאַווענען — ווי אַ מאַן.

די שול איז געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. מיר האָבן דאָרט געלערנט פיל גוטע זאַכן פון די תורה. גלייכצייטיק האָבן מיר דאָרט אויך גוט פאַרברענגט, איינגעאָרדענט אויספלוגן, געשפּילט אין דראַמקרייז, אָפּגעמערקט פאַרשידענע היסטאָרישע דאַטן און יובילעאומס.

מיר האָבן געהאַט פאַרשידענע לערערינס, אָבער אַממיינסטן האָבן מיר ליב געהאַט די לערערין בוים (היינט ווייזער, לעבט אין ישראל), זי איז געווען אַ לערערין און גלייכ־צייטיק אַ פריינד, א חבר. ווען זי איז פאַרן קריג אַוועק קיין ארץ־ישראל, איז די שול זיך צעפאַלן.

מיט איין וואָרט — אויך אין פשיטיק האָט זיך געפירט אַ פילפאַרביק יידיש לעבן.



## זכרונות פון שטעטעלע פשיטיק

גוטשע בליכער (מייערפעלד) / תל־אביב

איך וויל אין קורצן דערציילן וועגן דעם קולטור־לעבן פון די יוגנטלעכע אין פשיטיק פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פון די יינגסטע יאָרן האָבן די קינדער געלערנט — ווער אין שול אָדער חדר, ווער אין ישיבה. קיין מיטל־ און הויכשולן זענען אין פשיטיק נישט געווען און נאָר אַ זייער קליינע צאָל האָט זיך געקענט דערלויבן צו פאָרן אין אַן אַנדער שטאָט.

אונדזער בילדונג וואָס מיר האָבן דערגרייכט — קאָן מען זאָגן — איז כמעט פון זיך אַליין. איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב געהאַט חברים מיט וועלכע מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף פאָרלעזונגען אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, דורכגעפירט פאַר־שיידענע דיסקוסיעס. מיר האָבן אויך גענאָסן פון דער רייכער בעבליאָטעק.

קיין ספּעציעלע מעגלעכקייטן פון פאַרווײַלונג האָבן מיר נישט געהאַט. מיר האָבן געלעבט זייער באַשיידן. עס זענען אָבער פאַרגעקומען אונטערנעמונגען, ווי למשל — קעסטל־אָוונטן. יעדן נאַציאָנאַלן יום־טוב איז פאַרגעקומען אַ פייערונג. בעת אַ חנוכה־אָוונט האָט מען געשענקט אַ מתנה אויף דער לאָטעריע און דערנאָך האָט מען געמאַכט די אויספלעטונג. דאָס געלט פון דעם איז געווען באַשטימט פאַר קרן קיימת.

אין פשיטיק איז נישט געווען קיין קינאָ. אָבער אַ דאַנק דער עלעקטריע־געזעלשאַפט מיט דוד ריבאַ, מענדל אַלטעס (מאַלצמאַכער) און אויך אַנדערע, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קינאָ אין דער רעמיזע פון די פייערלעשער. פילמען האָט מען געוויזן איין מאָל אַ וואָך. אויך די אויפטריטן פון די פשיטיקער דראַמאַטישע קרייזן פלעגן דאָרט פאָרקומען.

צווישן דער פשיטיקער יוגנט זענען געווען אַ סך אַרטיסטן — ממש „האָליוווד". מיט גאָר קליינע מעגלעכקייטן זענען געווען גרויסע דערגרייכונגען אויף דעם געביט.

אין פשיטיק איז געווען אַן אַרבעטער-פאַראיין, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן לייזן

די פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־יוגנט. אויך אויפן קולטורעלן געביט האָט דער דאָזי־קער פאַראיין נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו שעמען. פאָרלעזונגען און מסיבות פלעגן אָפט פאָרקומען. דער פאַראיין האָט אויסגעפילט זיינע אויפגאַבן מיט טריישאַפט און דערפאָלג. אַמיינסטן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון עטלעכע חברים, וואָס זענען געווען אַקטיוו אין דער פראָפעסיאָנעלער טעטיקייט: חיה קירשענצווייג (די געלע), מאָטיע באָרנשטיין, מענדל קליינבאום, רבקה ליפשיץ.

אינטערעסאַנט און כדאי איז צו דערמאָנען וועגן דער קאָמוניקאַציע אין פשיטיק. אויף וויפל איך געדענק, האָט די באַפעלקערונג זיך באַנוצט אַלס פאַרקער־מיטל — מיט פערד־און־וואָגן. אַ ביסל מער פאָרגעשריטענע זענען געפאָרן מיט דער בויד פון מאיר־יחיאל פּאָמראָק. דאָס האָט געהייסן „עקספּרעס פשיטיק—ראַדאָם".

די יידן אין פשיטיק האָבן זיך מפרנס געווען פון יאַריד, וועלכער איז פאָרגעקומען איין מאָל אין דער וואָך — מאָנטיק. שוסטערס, שניידערס, פעלצן־מאַכערס און אַנדערע האָבן געוואַרט אויפן פּדיון אין דעם דאָזיקן טאָג. אַ גאַנצע וואָך האָט איינער געבאָרגט ביים צווייטן און מאָנטיק אין אָוונט, נאָכן מאַרק, זענען זיי געגאַנגען אויפמאָנען די חובות. קיין גרויסע גליקן זענען פון דעם נישט געווען.

אין שטעטל זענען אויך געווען באַוווּסטע טרעגערס, ווי מאָטעניו פּאָרך, שמואל גראַצמיל אאַנ"ד.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען גאַנצע משפחות אומגעקומען אויף אַ שוי־דערלעכן אופן. ווייניק, זייער ווייניק יידן האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון פשיטיק. דאָס איז זייער אַ גרויסער פאַרלוסט, ווייל אַזעלכע גוטע יידן איז זעלטן צו געפינען.

כבוד זייער אָנדענק!



קבוצת צעירים מפשיטיק.
א גרופּע יוגנטלעכע אין פשיטיק.

# מיין יוגנט

מ. ראָזנשטיין / פּאַריז

איך בין געווען אַ קינד פון זייער אָרעמע עלטערן, דערפאַר האָט מען מיך געשיקט אין חדר צו מאַטל דעם מלמד. אָבער די לערע איז אַוועק שלעכט. איך גיב זיך נישט אָפּ קיין רעכענונג צוליב וואָס פאַרא סיבה. צי בין איך געווען אַ שווערער תלמיד, אָדער דער רבי איז געווען אַ שטאַרקער כעסן? בקיצור — דער קאַנטשיק איז נישט אַראָפּ פון מיין רוקן און אַפילו די אויערן האָט דער רבי מיר אונטערגעריסן.

האָב איך „פאַרשטרייקט" און נישט געוואָלט מער גיין אין חדר. מיינע עלטערן האָבן בלית ברירה געמוזט טוישן דעם רבין און מען האָט מיך געשיקט צו לייבקע מלמד. אַז איך בין אויך פון דאָרטן נישט אַרויס קיין למדן — דאָס איז זיכער.

אָבער דאָ איז צוגעקומען נאָך אַ טשעקאַווע מעשה. דעם רבינס זון האָט געהאַט אַ שטיקל פאַבריקל און ער האָט מיך צוגענומען צו דער אַרבעט. איך בין דאַן אַלט געווען ניין יאָר. איך האָב „געלערנט" האַלבע טאָג ביים פאָטער און די אַנדערע האַלבע טאָג געאַרבעט ביים זון. מיין „מייסטער" איז דורכגעקומען מיטן טאַטן, אַז ער וועט מיר צאָלן דריי רובל אַ יאָר. עס איז געווען אַ לעכערלעכע שכירות, אָבער אויף דעם איז מען באַשטאַנען. גאַנצע פיר יאָר האָב איך אָפּגעאַרבעט און קיין גראָשן פאַר די אויגן נישט געזען.

דערווייל בין איך אַלט געוואָרן 13 יאָר און ווי עס פירט זיך ביי יידן — געוואָרן בר־מצווה. מיין פאָטער האָט פאַר מיר געדאַרפט קויפן אַ פּאָר תפילין. איז אָבער אַ פראַגע: ווו נעמט מען געלט? מיין פאָטער, ווי געזאָגט, איז געווען אַן אָרעמאַן. דעריבער האָט מיך דער עניין מיט די תפילין שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב לאַנג נישט געטראַכט און ווייסנדיק, אַז מיין באַלעבאָס האָט צוויי פּאָר תפילין, האָב איך איין פּאָר גענומען פאַר זיך.

ווען איך האָב זיי געבראַכט אַהיים — האָט מיין פאָטער זיך לאַנג פאַרטראַכט וואָס צו טאָן. פון איין זייט איז ער געווען צופרידן, ווייל דאָס פּראָבלעם בר מצווה איז געוואָרן געלייזט. אָבער דערנאָך האָט ער זיך באַראָטן מיט אונדזערע רעליגיעזע אויטאָ־ריטעטן, וואָס האָבן אים דערקלערט:

— הגונב מהגנב פטור — אַז עמעצער גנבעט ביי אַ גנב, קומט אים נישט קיין שטראָף דערפאַר...

— מילא, — האָט מיין פאָטער געזאָגט צו מיר — גאָט ווייסט דאָך דעם אמת. דער וואָס גנבעט לשם מצוה, צו לייגן תפילין — איז נישט קיין גנב...



# מענטשן, שטיבלעך און אינסטיטוציעס אין פשיטיק

משה וואַגשאַל

כבוד אבי מורי הרב החסיד הגאון בתורה ר׳ יחיאל גדלי׳ בן הרב הגאון ר׳ חנוך הענדיל זצ״ל. נפטר כ״א סיון תרע״ח בויסקיט;
אמי הרבנית חנה־פריידה בת ר׳ שלמה־יהודה ע״ש, שנספו בשואה כ״א תשרי תש״ג ביעדלינסק־ביאַלובז׳ג;
ז״ג הראשונה מרת יוכבד בת ר׳ אברהם פרץ־זיידה ע״ש;
בנותי חוה־נעכע, אסתר־גאָלדע, ברכה־קיילע, ח״י מרים־מלכה, בנה יחידי מרדכי־מנחם פרץ, לאה הי״ד;
אחי יעקב־שמואל עם משפחתו;
אחי שלמה־דוד, שו״ב ביעדלינסק, עם משפחתו;
אחותי ח״י יעקב עם משפחתה;
אחותי יוכבד ובעלה יעקיל צוקר ומשפחתם;
אחותי אסתר־הדסה, בעלה משה לרנר הכהן ומשפחתם;
אחותי ברכה־גאָלדע ומשפחתה;
אחי שמחה־בונים, שו״ב בלסקרוב, מרים ליברמן ומשפחתם;
אחותי מרים־דבורה ומשפחתה.
כולם קדושים וטהורים שנהרגו ונשרפו על קידוש השם בשנת תש״ג כ״א־כ״ב תשרי הי״ד. על אלה בוכה בשבירת לבי, בדמעות יומם ולילה בנם, אביהם ואחיהם, אברהם־משה וגשל, אמי זקנתי רחלי משה־יצחקס ע״ה.

איך בין געבוירן אין פשיטיק. אין יאָר 1912 האָבן מיינע עלטערן זיך באַזעצט אין וויסקיט. איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ קליין יינגל.

אין יאָר 1920 האָב איך חתונה געהאַט אין פשיטיק מיט דער טאָכטער פון אברהם־פרץ זיידע ע״ה — יוכבד, גערופן האָט מען זי יאַדזשע הי״ד. מיר זענען פאַרבליבן אין דער וווינונג פון אירע עלטערן. מיר האָבן געהאַנדלט מיט שניט־סחורה. געפאָרן אויף יאַרידן — דאַנערשטיק קיין ראַדאָם און מאָנטיק זענען מיר אַרויסגעגאַנגען אויפן מאַרק אין פשיטיק. קיין פרנסה האָבן מיר נישט געהאַט פון דעם מסחר.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, אין יאָר 1927, קומט צו מיר אַריין ר׳ איטשעלע אָפּאַטשנער ע״ה. ער איז געווען מיין מוטערס אַ פעטער. ער זאָגט צו מיר:

— ביז וואַנען וועסטו זיך אַזוי מוטשען מיט פאָרן אויף יאַרידן, באַרגן געלט און נישט האָבן קיין פרנסה? פאָלג מיר און מאַך אַ בעקעריי. זיין אַ בעקער איז זייער גוט!

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן מיין עלטער־פעטער. ער האָט מיך באַרוּיקט און מיט שיינע רייד דערוויזן, אַז איך דאַרף זיך נישט שעמען מיט דער

מלאכה, געגעבן מיר ביישפּילן פון תלמוד וועגן דעם, אַז גרויסע תּנאים האָבן זיך באַנוצט מיט מלאכה — ר׳ יוחנן הסנדלר...

מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט צוויי טעכטערלעך און געדאַרפט פּרנסה. האָב איך איינגעשטימט בתנאי, אַז איך מוז פריער באַצאָלן אַלע חובות די סוחרים אין ראַדאָם. אַזוי ווי קיין געלט האָב איך נישט געהאַט, האָבן מיר פאַרפּאַקט די שניט־סחורה און אָפּגעשיקט קיין ראַדאָם צו די סוחרים.

ערשט דאַן בין איך געגאַנגען באָרגן געלט, כדי איינצואָרדענען די בעקעריי. איך מוז דערמאָנען לשבח די אַלע, וועלכע האָבן מיר אַרויסגעהאָלפן מיט הלוואות אָן אַ טערמין — ר׳ פּנחס מאַלץ און זיין פרוי (200 זלאָטעס); ר׳ שמעיה שמעדרא (75 זל׳); ר׳ משה־יהושע לינדענבוים (200 זל׳, אַ וועקסל) , אויך ר׳ דוד לערנער הי״ד האָט מיר געגעבן סחורה צום געשעפט און ר׳ מנשה שטענגעל האָט מיר אויפגעשטעלט דעם אויוון און געוואַרט מיטן געלט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר אָפּגעגעבן אַלע חובות.

מיר האָבן געהאַט פּרנסה. פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג איז מען געקומען צו אונדז — בעל מלאכות, סוחרים, חסידים. מיר האָבן באַלד באַשטימט צו געבן טיי אומזיסט, יעדן שבת פריי, יעדן אָן אונטערשייד. גאַנץ פריי פלעגן קומען ר׳ יוסף־חיים שו״ב ע״ה, ר׳ משה אָפּאַטשנער, מיין פעטער ר׳ איטשעלע אָפּאַטשנער, ר׳ ישעיהו טאָבער. חסידים און בעל־מלאכות האָבן מיר געגעבן טיי מיט צוקער, אַפילו מיט מאַלינעס־סאָק.

איך האָב געדאַוונט אין וואָרקער שטיבל. עס זענען דאָרט נישט געווען קיין פאַר־מעגלעכע מענטשן, אָבער אהבת רעים ואחים האָט געהערשט. מען האָט זיך אינטערעסירט מיט דער לאַגע פונעם צווייטן. יעדן שבת נאָכן דאַווענען האָט מען געמאַכט קידוש, כדי מהנה צו זיין אַזעלכע וועלכע האָבן נישט מיט וואָס אין דער היים קידוש צו מאַכן. ביים קידוש האָבן מיר פאַרבראַכט מיט דברי תורה און דברי חסידות.

אין וואָרקער שטיבל האָבן געדאַוונטביידע שוחטים. מיר פלעגן פון זיי באַקומען קוגל, קישקע, מילץ. זייער גוטע בעל־תפילות זענען געווען ר׳ יוסף־חיים שו״ב און ר׳ דן האָפמאַן, ר׳ יעקב־שמואל וואַקסמאַן און ר׳ הערשל פאַרבער, ר׳ אשר ווייזער.

מיט דער צייט איז ר׳ יוסף־חיים געוואָרן שוואַכער, ר׳ דן האָפמאַן איז אַריבער אין אַמשינאָווער שטיבל. האָט ר׳ יוסף־חיים צוגעצויגן יונגע בעלי־תפילות, צוו״אַנד — זיין זון לייבל. אויך מיר האָט ער געמאַכט פאַר אַ בעל־תפילה. פון אָנהויב האָב איך נישט געוואָלט. ווען ער האָט מיר געפרעגט פאַרוואָס, האָב איך געענטפערט, אַז איך

האָב מורא. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז זייער גוט און דערפאַר וועסטו גוט דאַווענען. אַזוי איז געווען ביז דער מלחמה.

ווער געדענקט נישט דעם ווינטער, אין יאָר 1937, שבת פּ׳ בשלח? ס׳איז געווען זונטיק. קיין פּשיטיק איז געקומען דער אדמו״ר פון אָטוואָצק. ער איז איינגעשטאַנען אין דער וווינונג פון משה לערנער. שבת האָט מען געפּירט אַ טיש אין בית־המדרש. עס זענען געקומען צענדליקער מענטשן, אויך פון ראַדאָם, שידלאָוועצ, יעדלינסק, ביאַלאָ־בזשעג. דער דרך־ארץ איז געווען זייער גרויס, אַפילו פון דער יוגנט. מיט גרויס כבוד און כיבוד האָט מען אויפגענומען דעם רבין. זינגענדיק, האָט ר׳ פּנחס מאַלץ געפּירט אַ ספר־תורה פון זיין וווינונג אין שול אַריין.

אין פּשיטיק איז אויך געווען אַ בית־יעקב שול, אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ יוסף־חיים שו״ב. יעדע צווייטע וואָך פלעגט מען זיצן, כדי צו זען, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. אין דער דאָזיקער שול זענען געווען די בעסטע לערער. אין ישראל געפינט זיך איינע פון די לערערינס, ר׳ צבי ווייזערס שנור, פון דער היים שרה בוים.

אויף דער וואָרקער רבי איז געקומען יעדעס יאָר אין פּשיטיק און איינגעשטאַנען ביי ר׳ יוסף־חיים שו״ב, אַמאָל ביי ר׳ שמעיה שמעדרא. מען פלעגט אים אַנטקעגן פאָרן מיט גרויס פּאַראַד.

אין פּשיטיק איז אויך געווען אַ גערער שטיבל מיט תלמידי חכמים, מיט שיינע בעלי־תפילות; אַן אַמשינאָווער שטיבל, וועלכעס האָט זיך געפונען אין הויף פון דער משפחה זיידעס, ביי ר׳ שמואל־שמחה ע״ה. לעצטנס האָט דאָרט געוווינט ר׳ דן האָפמאַן, אַ תלמיד חכם, אַ בעל קורא, אַ בעל־תפילה אין די ימים הנוראים. מענדל־דוד זיידע, וועלכער האָט געהאַט דעם מאַנאָפּאָל־געשעפט, האָט זיך נישט געשעמט צו גיין חסידיש געקליידט — שבת אַ זיידענע קאַפּאָטע. זיין שטוב איז געווען אַ באמת ידישע. זיין פרוי רחל איז געווען אַ גרויסע צדקה־געבערין, מתן בסתר. זי האָט געזאָרגט פאַר קראַנקע און אָרעמע, פאַר קימפעטאָרינס און פלעגט זיך כסדר אויף זיי נאָכפרעגן.

אין דעם אַמשינאָווער שטיבל איז געווען אַ שיינער יונגערמאַן, יאָסל הענדל. ער האָט געקענט גוט לערנען און געזונגען מיט זיין זיס קול מאָדזשיצער ניגונים. ס׳איז אויך געווען אַ ביאַלאָבזשעגער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביי ר׳ אלימלך כץ, יואָס איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ באַשיידענער און זיך מיט יעדערן אינ־טערעסירט.

אין פּשיטיק איז געווען אַ חברה קדישא מיט פאַרשידענע מענטשן — חסידים, בעל־מלאכות און סתם באַלעבאַטים. איך געדענק די גבאים: ר׳ מענדל סאָלטיס, ר׳ יואל האָניג, אַ בעל־מלאכה; די גרויסע חסידים — אברהם־יעקב האבערבערג, ר׳ בצלאל.

איך האָב אויך געקענט דעם ספר פון דער חברה קדישא אין וועלכן עס זענען געשריבן געוואָרן די תקנות. ר׳ מאיר־לייזער, מיין פאָטער הרב ר׳ יחיאל גדלי׳. דער ספר איז געלעגן ביים גבאי ראשון. די לעצטע 10 יאָר פאַר דער מלחמה האָט ר׳ איטשעלע אַפּאָטשנער מסדר געווען. מען האָט אַריינגענומען אַ צענדליק חסידישע יונגעלייט אין דער חברה. אויך איך בין געווען איינער פון זיי. אין פשיטיק האָט זיך געפונען אַ שיינע שול, נאָך פון די אַלטע צייטן. זומער האָב איך דאָרט געדאַוונט אַ מנחה ומעריב און שבת אַ מנחה. געווען אַ שיין בית־המדרש. האַלבע נאַכט האָט מען שוין דאָרט געטראָפן זיצן באַלעבאַטים, בעלי־מלאכות לערנען משניות, זאָגן תהילים און דאַווענען ביז 12 אַ זייגער בייטאָג.

אַזוי האָט אויסגעזען פשיטיק מיט אירע מענטשן, שטיבלעך און אָרגאַניזאַציעס — ביז דער קריג.



קבוצת ספורטאים יהודים בפשיטיק בשנת 1932

אַ גרופּע יידישע ספּאָרטלער אין פשיטיק אין יאָר 1932

# ווי אַזוי פּשיטיקער אין פּאַריז געדענקען זייער געבורטשטעטל

חיה קירשענצווייג, מאָריס ראָזנשטיין, שפרה פרידמאַן
און שלום צימבאַליסט / פּאַריז

שוין לאַנגע יאָרן ווי מיר זענען אַוועק פון פּשיטיק און דאָך איז ביי אונדז דאָס געבורטשטעטל שטאַרק איינגעוואָרצלט אין האַרצן. מיר מיינען, אַז פּשיטיקער זענען אין דעם פאַל נישט קיין אויסנאַם. ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. יעדער מענטש האָט אַ נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט צו זיין געבורט־אָרט און אפשר איז עס נאָך מער אַנטוויקלט ביי אָפּשטאַמיקע פון קליינע שטעטלעך.

דאָס איז זיכער אַן ענין פון סענטימענטן, פון בענקעניש צו דעם אָרט, ווו מ׳האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם הימל, דיביימער, די וועלט אַרום. דערנאָך פאַרבראַכט דאָרט די יוגנט. און אפשר האָט דאַן צום ערשטן מאָל זיך צעבליט די ליבע צום מיידל, יינגל...

דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז אונדז פּשיטיקער דאַכט זיך אויס, אַז אונדזער שטעטל איז אַ מין אויסנאַם אין זין פון נאַטור־שיינקייט.

— איך קען נישט קיין שענערע געגנט, אַ געבענטשטע מיט אַלע מעלות ווי פּשי־טיק — זאָגט חיה.

אמת, פּשיטיק איז נישט געווען גרויס. אָבער דער אַרום — די גרינע לאָנקעס, די פעלד־בלומען — געלע, ווייסע, פיאָלעט, האָבן פאַרשמעקט מיט זייער אָנגענעמע ריחות די גאַנצע געגנט. אוממעגלעך צו פאַרגעסן ווי עס האָט געווירקט אויף אונדז נאָכן אַרויס־גיין פון דער דושנער ווינונג אָדער פון דעם חדר פון מאָטל מלמד. מיט איין שפּרונג איז מען אַריין אין די פרישע לאָנקעס און פעלדער, אַריין אין וואַסער. דערצו די אַרומיקע וועלדער, די הילצערנע הייזקעס...

מען מוז אָבער געדענקען, אַז געניסן פון דער דאָזיקער שיינער נאַטור איז אַ סך מאָל געווען אָפּהענגיק פון אַ קאַפּריז פון אַ פּויער, וועלכער האָט אונדז דערמאָנט ביי יעדער געלעגנהייט אַז מיר זענען „זשידעס”. אָבער אין אָט דער דאָזיקער סביבה און לאַנדשאַפט זענען מיר געוואַקסן און געזעלשאַפטלעך געבליט.

אין פּשיטיק זענען ווי אויף הייוון געוואַקסן ביבליאָטעקן, ספּאָרט־קלובן, פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראיינען און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס — מזרחי, פּועלי־ציון, בית״ר, קאָמוניסטן א. אַנד. די אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען ווי אַ פאַרטיידיקונג קעגן דעם פּילסודסקי־ענדעקישן אַנטיסעמיטיזם.

דער עלטערער דור האָט זיך טאַקע געהאַלטן ביי די אַמאָליקע טראַדיציעס. חסידים מיט זייערע חסידים-שטיבלעך — גערער, אַלעקסאַנדער א. אַנד. ; רעליגיעזע, פּשוטע ייִדן און דער וויכטיקסטער טייל — יידישע אַרבעטער, און גאָר ספּעציעל די היים־אַרבעטער און בעלי מלאכות (כאַלופּניקעס), וואָס האָבן אויך געשיקלט אויף לינקס.

מיר דערמאָנען זיי אַלע מיט יראת הכבוד, נישט געקוקט אויף זייער פאַרשידנ־אַרטיקייט. מיר באַדויערן שטאַרק און אין האַרצן קלעמט אַ ווייטיק, וואָס מיר קענען זיי שוין נישט זען און באַוווּנדערן אונדזערע פּשיטיקער ייִדן...

ליידער, וועלן מיר זיי שוין קיין מאָל מער נישט זען — די שטילע, האַרציקע ייִדן וועלכע דער היטלעריסטישער מלאך המוות האָט אומברחמנותדיק אַרויסגעריסן מיטן וואָרצל און ס'איז אַפילו נישט באַוווּסט, ווו זייערע קברים געפינען זיך.

מיר בייגן טיף אונדזערע קעפּ אויף די אומבאַוווּסטע קברים — צעזייטע און צע־שפּרייטע אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אין די גאַז־קאַמערן און געטאָס!



# די קעמפּערישע פּשיטיק

העלען בוים / פּאַריז

**אין חדר**

איך האָב געלערנט ביי מאָטע מלמד צוזאַמען מיט די יינגלעך. אין יענע צייטן איז עס געווען אַ גרויסער פּראָגרעס — אַ געמישטע שול, פאַר יינגלעך און מיידלעך.

אונדזער רבי ר' מאָטע איז נישט געווען קיין בטלן, גראָד אַן אינטעליגענטער מענטש, ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים חומש, גמרא, פּויליש, רוסיש און יידיש, ליטע־ראַטור און געשיכטע.

מאָטע מלמד איז געווען אַ זעלטן פעיקער מענטש און געהאַט אַ ספּעציעלן טאַלאַנט צו דערציילן קינדער־מעשהלעך. ער פלעגט אונדז פאַראינטערעסירן מיט זיינע געשיכטעס, וועלכע ער פלעגט אַליין פאַרפאַסן און זיי דערציילן אין המשכים לאַנגע וואָכן. ביי אַנדערע באַדינגונגען וואָלט מאָטע געקאָנט זיין איינער פון די מייסטער פון קינדער־מעשהלעך און קאָנקורירן מיט די גרעסטע דערציילער און פאַרפאַסער פאַר קינדער.

איך דערמאָן זיך אַ טשעקאַווע געשיכטע פון די יאָרן 1922—1923, ווען מיר האָבן געלערנט ביי מאָטע מלמד.

אין חדר פלעגן מיר גיין ווינטער בייטאָג און אויך אין די אָוונטן. אין יענער צייט

איז פֿאַרגעקומען אַ שטרייק פֿון אַרבעטער — די עלטערע ברידער פֿון די חדר־ייִנגלעך, וועלכע האָבן געפֿאָדערט אַ לוין־העכערונג. די חדר־ייִנגלעך האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט דער שטרייק־אַטמאָספֿער און אַרויסגעשטעלט זייערע פֿאָדערונגען.

זיי האָבן גענומען נאָכקאָפּירן די עלטערן — זיך אָרגאַניזירט, אויסגעקליבן אַ פּאַר־אַנטוואָרטלעכן אָנפֿירער, אַוועקגעשטעלט שטרייק־פּיקעטן — אַלץ לויטן מוסטער פֿון די גרויסע.

און ווייסט איר וואָס זייער פֿאָדערונג איז געווען? איין קלייניקייט: מיר ווילן נישט גיין ביינאַכט אין חדר!... אין די ווינטערלעכע שולן זעט מען עס נישט. וואָס — מיר זאָלן „אַרבעטן" בייטאָג און ביינאַכט?

דער שטרייק איז געווען גוט אָרגאַניזירט. די פּיקעטן האָבן נישט דורכגעלאָזן קיין שום ייִנגל און ווער עס האָט געוואַגט צו גיין אין חדר, האָט געקראָגן אָנגעבראָכן די ביינער.

די ייִנגלעך האָבן געזיגט! און פֿון דעם טאָג און ווייטער איז מען שוין נישט געגאַנגען דעם צווייטן האַלבן טאָג אין חדר.

### די וואַלן צום סיים

בעת דער סאַנאַציע־מאַכט אין פּוילן, אין יאָר 1931, זענען פֿאָרגעקומען וואַלן. די וויילער האָבן געהאַט אויסצוקלייבן צווישן פֿיר ליסטעס (אָדער פֿיר נומערן).

פֿאַרשטייט זיך, אַז די הערשנדיקע פּאַרטיי פֿון מאַרשאַל פּילסודסקי („סאַנאַציע") האָט זיך גענומען דעם נומער איינס. די קאָמוניסטן, למשל, האָבן געהאַט דעם נומער פֿיר. עס זענען אויך געווען ייִדישע ליסטעס פֿון די ציוניסטן, „מזרחי", אגודת ישראל, „בונד" און אַנדערע.

נאַטירלעך האָבן אַלע ליסטעס געהאַט זייערע אָנהענגער, צווישן וועלכע ס'איז אָנגעגאַנגען אַן אַגיטאַציע. אָבער דער נומער פֿיר האָט געאַרבעט מעשים — ווי מען זאָגט. מיר זענען יונג, דינאַמיש, פֿיזיש שטאַרק — און דאָס אַלץ אויסגענוצט אין דער וואַל־קאַמפּאַניע.

מיר זענען אויך געווען ענטוזיאַסטן, געגלויבט אַז דער גורל פֿון דער וועלט וועגט זיך אויף דער פּשיטיקער וואַגשאָל און אַז דער גורל פֿון די פּשיטיקער ייִדן שטייט דאָ אין קאָן. דאָס איז פֿאַר אונדז געווען קלאָר ווי דער טאָג. האָבנדיק פֿיל אָרגאַניזאַציאָנעלע דערפֿאַרונג און סאָלידע אַרגומענטן, האָבן מיר געהאַט דערפֿאָלג ביים האַרעפּאַשנעם עולם — ביים שוסטער, שניידער, היטלמאַכער און אויך ביים אָרעמען קליינהענדלער.

דערביי טאָר מען נישט פֿאַרגעסן, אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פֿאַר וועלכער מיר האָבן גערופֿן שטימען, איז געווען אומלעגאַל. פֿאַרוואָס די פּילסודסקי־מאַכט האָט

דערלויבט אַרויסצושטעלן דער דאָזיקער באַוועגונג אַ לעגאַלע וואַל־ליסטע — איז געווען אומפאַרשטענדלעך.

פיל האָבן דערביי געזען אַ כיטרעקייט, כדי אויפצודעקן די מיטגלידער און סימ־פאַטיקער און לייגן דערנאָך אויף זיי אַ האַנט. עס איז אויך פאַרשטענדלעך, אַז די מורא נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, האָט אונדז געשטערט און באַשווערט די אַרבעט.

אויף דער ידישער גאַס האָבן מיר געהאַט אַ סך קעגנער און דאָס איז נישט קיין נייעס. די רעליגיעזע ידן האָבן געשריען: — שטימט נישט פאַר די אפּיקורסים! די ציוניסטיש געשטימטע האָבן באַשולדיקט די ידישע קאָמוניסטן, אַז עס פעלט זיי נאַציאָ־נאַל געפיל!

דאָך זענען מיר אויף דער ידישער גאַס אַרויס די שטאַרקסטע און מיר זענען געווען גליקלעך.

וויפל יאָרן תפיסה דאָס האָט שפּעטער געקאָסט — איז שוין אַ צווייטער ענין. איך אַליין בין געווען דריי יאָר פאַרשפּאַרט אין תפיסה. אָבער איך געדענק ווי מען האָט מיר (וואָס איז געווען באַקאַנט אין שטעטל פאַר אַ „רויטע" און מען האָט מיך גערופן „די געלע חיה") גראַטולירט דעם זיג. אַפילו אונדזערע קעגנער האָבן עס געטאָן. זיי האָבן מיר געגעבן אַ קניפּ אין באַק און אויסגעשריען: — בינסט אַ מאַלאַדיעץ, חיה!



## פאַרטייען און ידישער שטייגער אין פשיטיק

ד"ר אינזש' שלום האָניג / פּאַר. שטאָטן

### פון רעכטס ביז לינקס

אין פשיטיק איז געווען אַ שפע פון פאַרטייען — פון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס: אגודה, קאָמוניסטן, אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען. נאָר איין פאַרטיי איז נישט געווען — דער „בונד".

די פאַרטייען האָבן פיל געהאָלפן צו דערציען די יוגנט, געגעבן זיי אַ וועלט־אָנשויונג און אַ פּאָליטישע אָריענטאַציע. יעדע פאַרטיי האָט זיך געהאַט איר לאָקאַל, ווו מ'האָט אָפּגעהאַלטן זיצונגען, פאַרלעזונגען, רעפעראַטן אָדער סתם געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענטרעפן. אין די לאָקאַלן איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אויך צו פאַרברענגען און דיסקוטירן. נאָר אין לאָקאַל האָט מען פאַרגעסן די גרויע, טאָג־טעגלעכע ווירק־

לעבקייט, ווייל דאָרט איז געווען פריילעך און לעבעדיק. יינגלעך האָבן זיך געטראָפן מיט מיידלעך (אין יענער צייט איז עס געווען אַ חטא).

אויף אַ העכערן ניוואָ זענען געשטאַנען די אָנפירערס פון די פאַרשידענע פאַרטייען. צווישן זיי זענען אָפט פאָרגעקומען העפטיקע וויכוחים, נאָר אויסערן לאָקאַל (ענלעך צו די חסידים, ווייל איינער איז נישט געגאַנגען אין אַנדערנס „שטיבל״). אַ מזרחיסט איז זעלטן געקומען אין לאָקאַל פון די פועלי־ציון פאַרברענגען דאָרט אַן אָוונט, און חלילה אַז אַ בית״ראָוויעץ זאָל גיין אין לאָקאַל פון החלוץ. אָבער אין גאַס פאַרן לאָקאַל האָט מען דיסקוטירט מיט וועמען מען האָט געוואָלט. יעדער האָט געגלויבט, אַז דער גאַנצער אמת איז ביי אים, והא ראייה — אַזוי שטייט דאָך בפירוש אין זיין צייטונג. אָבער דער קעגנער האָט געהאַלטן פונקט פאַרקערט — און אויך ער איז געווען גערעכט — לויט זיין צייטונג...

הגם די דיסקוסיעס זענען געווען גאַנץ ליידנשאַפטלעכע, זענען די דיסקוטאַנטן געבליבן גוטע פריינד. אַ חבר איז אָבער געווען נאָר דער וואָס האָט געהערט צו דער זעלבער אָרגאַניזאַציע. טיילמאָל זענען אָבער פאָרגעקומען אינצידענטן. למשל, די בית״רניקעס האָבן אַראָפּגעבראַנגט אַ רעדנער. ער האָט געזאָלט רעפערירן אין דער שול. מיינער אַ באַקאַנטער, אַ חבר פון בית״ר האָט געזען, אַז עס זענען געקומען צו פיל מענטשן פון דער אָפּאָזיציע. עטלעכע מינוט פאַר דער רעדע האָט ער מיך געפרעגט: „שלום, וועט איר אונדז שטערן?״ איך האָב נישט געענטפערט. אַ האַלבער רעפעראַט איז אַדורך אין אָרדענונג, אָבער ווען מ׳האָט דעם רעדנער געשטעלט אַ פראַגע און זיין ענטפער האָט נישט באַפרידיקט, האָבן מיר אָנגעהויבן זינגען די „התקוה״. פאַרשטייט זיך, אַז דעם נאַצאָנאַלן הימן האָבן אַלע געמוזט מיטזינגען.

אָבער אַזעלכע אינצידענטן זענען געווען זעלטן.

אַן אַנדערער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין אַ זומערדיקן אָוונט. מיר זענען געשטאַנען אין אַ רעדל אין מאַרק און דיסקוטירט. יידל וואַרשאַווסקי, אַ קאָמוניסט, האָט געזאָגט (מיינענדיק דערביי מיכאל פאַצאַנאָווסקי), אַז די עלטערע זענען שוין פארפאַלן, אָבער „אַזוי פיל יוגנט זאָל פאַרלוירן גיין אין מפא״י — איז אַ גרויסער שאָד״. דער פועלי־ציוניסט פאַצאַנאָווסקי האָט זיך באַליידיקט און פאַרלאָזט דאָס רעדל.

איין פראַגע בעת אַ פאַרלעזונג איז מיר געבליבן אין זכרון. געפרעגט האָט רפאל האָניג (שפּעטער — איינער פון די באַשולדיקטע אין פּשיטיקער פּראָצעס): „מוז מען ארץ־ישראל בויען מיט קאַפּיטאַל? ווי אַזוי ווילט איר בויען אַ סאָציאַליסטיש לאַנד מיט קאַפּיטאַל?״ זיין אויספיר: מען דאַרף נישט בויען...

אין יעדער פּאַרטיי איז געפירט געוואָרן אַ דערציעריש־קולטורעלע אַרבעט. דער

פֿאַרזיצער אָדער דער מדריך, האָט געהאַלטן פֿאַרלעזונגען, שמועסן, דערקלערט די שטעלונג פֿון זיין פּאַרטיי צו פֿאַרשידענע פּראָבלעמען: יידיש, ווי אַלגעמיין־וועלט־לעכע. אין לאָקאַל האָבן די מער באַוווסטזיניקע חברים געגעבן לעקציעס, ספּעציעל אין עברית און יידישע געשיכטע. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאַט איר ביבליאָטעק.

אָפֿט האָבן די אָרגאַניזאַציעס צוזאַמענגעאַרבעט, ביים אַרויסשטעלן אַ געמיינזאַמע ליסטע צו שטאָטראַט־וואַלן, צום ציוניסטישן קאָנגרעס. חיים־יוסף בלאַכאַזש פֿון מזרחי האָט נישט תמיד זיך גוט געפֿילט, ווען ער האָט געמוזט אונטערהאַנדלען מיט פּועלי־ציון. ווי קומט עס אַ ייד אַ סוחר צו אַרבעטער?

אין דער צייט פֿון פּשיטיקער פּאָגראָם, האָבן אַלע פּאַרטייען, פֿון עקסטרעם רעכטס ביז עקסטרעם לינקס — צוזאַמענגעאַרבעט אויפֿן בעסטן אופֿן ביים אָרגאַניזירן דעם ווידערשטאַנד.

**די חסידים-שטיבלעך**

הגם דאָס שטעטל איז געווען קליין, זענען אָבער געווען אַ סך חסידישע שטיבלעך, אויסער דעם בית־המדרש און שול. אין די שטיבלעך האָט מען נישט בלויז געדאַוונט. זיי זענען געווען אָפֿן אַ גאַנצן טאָג און ווער ס׳האָט געהאַט צייט, פֿלעגט קומען אַהין לערנען אַ בלאַט גמרא אָדער סתם אַריינקוקן אין אַ ספֿר.

ביי יידן שטייט די חשיבות פֿון יחיד אויף אַ הויכער מדריגה. דאָס שטיבל, די חסידישע, צי פּראָפּעסיאָנעלע אָנגעהעריקייט, האָט אַ סך צושטייער געגעבן אויף אויס־צופֿאָרמען אַ געזעלשאַפֿט, ווו דער יחיד זאָל זיך פֿילן אַ נישט־פֿאַרגעסענער, אַ גלייכ־באַרעכטיקטער. אין אייגענעם שטיבל, אין אַ היימישע חברה, האָט מען יעדן גוט געקענט, זיך באַצויגן צו אים חבריש, נאָענט, ווי אין אַן אייגענער משפּחה. אין גערער שטיבל, צו אין אַן אַנדער מקום קדוש וועט מען למשל, זיך נישט שטעלן דאַוונען שחרית אין שבת, ווען יאַנקל פֿעלט. ווען יאַנקל איז דאָך נישט געקומען, און ס׳איז שוין געווען די העכסטע צייט אָנצוהייבן דאַוונען — האָט מען געשיקט אַ יינגל אים מודיע זיין אַז דער עולם וואַרט אויף אים.

די גרעסטע שטיבלעך זענען געווען פֿון די גערער און וואָרקער חסידים. דאָרט האָבן געדאַוונט זייער פֿרומע יידן, בני־תורה. די וואָרקער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער עניוות, דאַקעגן די גערער חסידים זענען געווען מער זעלבסט־זיכער אין זכות פֿון זייער רבין.

דער וואָרקער רבי זצ״ל איז אַמאָל געקומען קיין פּשיטיק. פֿאַרשטייט זיך — אַ גרויסער כבוד פֿאַר דער שטאָט בכלל און פֿאַר די וואָרקער חסידים בפֿרט. מען האָט דעם רבין אָפּגעגעבן אַ סך כבוד. געפּראַוועט דעם שבת מיט אַלע פּיטשעווקעס און

דערצו — אַ גרויסע מלווה־מלכה. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו מער וואָכעדיקע זאַכן: פרעגן און פועלן ביים רבין וועגן פרנסה, געזונט, שידוכים אדג״ל.

דער שוחט איז געקומען צום רבין מיט אַ קוויטל. זיין זון דודל גייט נישט אין דרך הישר ווי עס פּאַסט פּאַר אַ שוחטס זון. ס׳איז שוין אַזוי ווייט דערגאַנגען אַז דודל איז געפאָרן אויף אַ ראָווער, נישט חלילה אין שבת, נאָר אין דער וואָכן — אַנשטאָט צו זיצן ביי דער גמרא. דער פאָטער האָט דודלען געברענגט מיט זיך צום רבין. דודל איז ווייזט אויס, נישט געווען אַזאַ עניו ווי זיין פאָטער, האָט ער זיך דערלויבט צו פרעגן דעם וואָרקער רבין: „פּאַר וואָס רעדט מען אַזוי פיל וועגן מיר, איז דען אַן עבירה צו פאָרן אויף אַ ראָווער?״ דער רבי האָט אים רויק געענטפערט: „ניין, ס׳איז נישט קיין עבירה צו פאָרן אויף אַ ראָווער, אָבער מיטן ראָווער דערפאָרט מען צו דער עבירה״.

אין די חסידישע שטיבלעך פלעגן יידן זיצן און לערנען אין דער וואָכן נאָך מנחה־ומעריב און שבת נאָך דער סעודה. אויף די ימים־טובים ווידער, אויב ס׳איז נאָר




ועד „צעירי אגודת ישראל״ (יוני, 1934).
קאָמיטעט פון די פשיטיקער „צעירי אגודת ישראל״ (יוני, 1934).

געווען מעגלעך, איז מען געפאָרן צום רבין זיך אָנזאַפּן מיט יידישקייט און תורה אויף אַ גאַנץ יאָר.

אַ גרויסער טייל פשיטיקער חסידים זענען געווען סוחרים, אָבער אויך בעלי־מלאכהס. פשוטע און פרומע יידן וואָס זענען לרוב געפאָרן צום אָפּאָטשנער און ביאַ־לאָבזשעגער רבין.

דער פשיטיקער רב ז״ל, אַליין אַ זון פון אַ רבין, האָט געהאַט זיין אייגן שטיבל. ער פלעגט זייער מקפּיד זיין, ספּעציעל ביי קריאת־שמע און שמונה־עשרה, אַרויסצוזאָגן דייטלעך יעדער אות און נישט פאַרטוישן קיין ז׳ אויף אַ ס׳ אָדער אַ ב׳ אויף אַ פ׳. אַ פשוטער ייד, נתן דער שוסטער, זעט אויס באַאיינפלוסט פון רבין, האָט אויך זייער מאַריך געווען ביים דאַווענען. נאָר אין די ימים־נוראים האָט דער רב געדאַוונט אין שול צוזאַמען מיט עמך.

שמחת־תורה איז פאַר די קינדער געווען אַ גרויסער טאָג. ביינאַכט איז מען מיט די ספר־תורות און פענער מיט ליכט געגאַנגען צו די הקפות פון רבס שטיבל (דורך דער ראַדאָמער גאַס) ביזן בית־המדרש. בייטאָג, בעתן לייענען די תורה האָבן די יונגע חברה מרעיש עולמות געווען. מען האָט דעם אויפגערופענעם מכבד געווען מיט אַ קנייפּן אָדער צוויקן. כדי ראַטעווען דעם קרבן פון די יונגע קונדסים, האָט אָפט דער רב אַליין זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דעם בעל־קורא, ווייל נאָר דעמאָלט האָבן חברה אויפגעהערט מיט זייערע לצנותדיקע שטיק.

אין שטעטל פשיסכע, נישט ווייט פון פשיטיק, איז אַמאָל געווען אַ גרויסער צענטער פון פוילישן חסידיזם. דאָרט האָט געלעבט דער באַרימטער ייד הקדוש. דער אָפּאָטשנער רבי, אַ קרוב פון ייד הקדוש, האָט געהאַט אַ סך חסידים אין אונדזער שטאָט. מיין פאָטער, יואל האָניג ז״ל, אַן ערלעכער און אָפּגעהיטענער ייד, איז לרוב געפאָרן אויף די ימים־נוראים צום רבין קיין אָפּאָטשנע. פאַרשטייט זיך, אַז אַ פרומער ייד האָט אַלץ געטאָן, כדי זיינע קינדער מחנך צו זיין אין יידישקייט און טאַקע מיך מיטגענומען, אַלס קינד, צום רבין. צו מיין איבעראַשונג, אָנשטאָט אַן אַטמאָספער פון דאָגמאַטישקייט און פאַרערונג פאַרן רבין, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, האָב איך דאָרט געטראָפן פריינדלעכע שטימונג. די חסידים, צוזאַמען מיטן רבין האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסע האַרמאָנישע משפחה. ספּעציעל האָט מען דאָס געקענט באַמערקן מוצאי יום־כפור, ביים געזעגענען זיך מיטן רבין, מיט וועלכן מ׳האָט זיך אויך מייעץ געווען אין ענינים פון פרנסה, געזונט און זיך אָנפאַרטרויט אין אַלע אינטימע פראַגן ווי מיטן בעסטן גוטן פריינד.

אַן אַנדערער רבי, אַ קרוב פון אָפּאָטשנער רבין, איז אַוועק קיין ארץ־שראל. מען

האָט געזאָגט דעם רבינס אַ פּירוש אויפן פּסוק: „ובא לציון גואל" — דער גואל וועט קומען קיין ציון, דערפאַר דאַרפן ייִדן פאָרן קיין ציון און דאָרט וואַרטן אויפן גואל.

דעם רבינס בני־בית און די חסידים פּלעגן רעדן מיט גרויס פאַרערונג וועגן דעם רבין אין ישׂראל.

שלום און מנוחה האָט געהערשט אין רבינס הויז. יעדער חסיד איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן ווי אַן אייגענער. ווען מיין פאָטער איז אַוועק פון רבין, האָט ער מיטגענומען אַ חלק פון דער ווונדערבאַרער וועלט און אַטמאָספער פון רבינס הויז. אַזוי האָבן אויך מסתמא חסידים פון אַנדערע רביים, פון גער אָדער וואַרקע, געבערענגט קיין פּשיטיק, נאָך זייער עולה רגל זיין צום רבין — אַ געשטאַרקטן גלויבן, מער ייִדישקייט און מער מענטשלעכקייט.

**די פּשיטיקער מקווה**

אַ גאַנצע וואָך האָט מען נישט צו פיל זיך באַשעפטיקט מיט דער מקווה, אָבער פרייטיק — עפּעס אַנדערש. אין אַ וואָכנס־טאָג, ווען איינער פרעגט זיך ווו ס'איז די מקווה, וועט ער באַקומען אַן ענטפער, אַז זי געפינט זיך לעבן בית־המדרש און שול, אָדער ביים טייכל. דאָקעגן פרייטיק נאָכמיטאָג דאַרף ער בלויז נאָכגיין איינעם אָדער אַ גרופּע ייִדן — און ער וועט גלייך אָנקומען אין דער מקווה.

דער שבת אין פּשיטיק האָט זיך אָנגעהויבן ווען אַ ייִד האָט גענומען אַ פרישׁ העמד און אַ פּאָר גאַטקעס (די מער פאָרגעשריטענע פלעגן אויך מיטנעמען אַ שטיקל זייף און אַ האַנטעך) — און אַוועק אין מקווה. טיילמאָל האָט מען געמוזט אַ ביסל וואַרטן אין פּרוזדור ווייל די מקווה איז געווען פול מיט ייִדן.

אין מקווה גופא האָט מען אין גאַנצן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקע דאגות. אַ מחייהדיקע וואַרעמקייט און פרישקייט האָט זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן קערפער. די הייסע פאַרע האָט אַרומגענומען ווי אַ געדיכטער נעפּל, איבערגעפירט דעם פאַרהאָרוועטן גוף אין אַ העכערער וועלט, אין די עולמות עליונים פון ריינקייט און קדושה. דער טעם פון דער מקווה, די שטימונג און אַטמאָספערע האָבן געהאַט אין זיך עפּעס אייגנאַרטיקס. די הילצערנע שקאַפיקלעך מיטן הייסן וואַסער, די אומגעווויינטלעכע היץ אינעווייניק בעת אין דרויסן האָט געהערשט אַ קנאַקעדיקער פראָסט, דער געדיכטער נעפּל — דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ געפיל פון אַ ספּעציעל אָרט און געשעעניש.

הייַנט דאָס שמייסן זיך מיט די סאָסנעווע בעזעמלעך, די זיפצן און אָכצן פון מחיהדיקן פאַרגעניגן, דער צעפאַרעטער, רויטער גוף וואָס האָט זיך אויסגעגלייכט און אָפּגערוט נאָך דער וואָכעדיקער איינגעבויגנקייט און דערשלאָגנקייט. אפילו אַ טויטער וואָלט אין מקווה אויפגעלעבט. אַזוי אַרום האָט דער פאַריאָגטער און פאַרפּאַלגטער

ייִד כאָטש איין מאָל אין וואָך געהאַט אַ קורצע הנאה פון זיין גענוג שווערן לעבן...

אַזוי לאַנג ווי ס׳איז נאָך געווען אַ פּאָר גוטע שעה צו קבלת־שבת, האָט מען נאָך געקענט געפינען אַן אָרט ווו אָוועקצולייגן די אַלטע וואָכעדיקע מלבושים און די פרישע וועש. דאָס וואַסער אין דער מקוה איז נאָך געווען קלאָר און דורכזיכטיק. אָבער בערך אַ האַלבע שעה פאַר ליכט־בענטשן, ווען פאַרשפּעטיקטע ייִדן זענען געקומען אין אַ גרעסערער צאָל — איז שוין נישט געווען ווו די בגדים אָוועקצולייגן און באַקאַנטע אָדער משפחה האָבן זייערע מלבושים געלייגט איינער אויפן אַנדערן. עס האָבן שוין אויסגעפּעלט שקאַפּיקלעך, דאָס וואַסער אין מקוה איז געוואָרן שוואַרץ און מוטנע. אָבער הייס קאָכעדיק וואַסער איז שטענדיק געווען. דער בעדער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין האָלץ אונטער די קעסלען.

ייִדן האָבן זיך אין איילעניש אָנגעטאָן, די מקוה האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעליידיקט פון די אויסגעצוואָגענע ייִדן מיט פאַרויטלטע פּנימער און... באַרויִקטע נערוון. דאָס שטעטל האָט געמאַכט די לעצטע הכנות צום שבת. אויסגעפּוצט די שיך, אָנגעטאָן די שבתדיקע מלבושים און באַגלייט פון די בנים איז מען אַוועק דאַווענען אין בית־המדרש, אין שול צי אין די שטיבלעך.

אין די באַדינגונגען אין וועלכע ייִדן האָבן געלעבט אין די קליינע שטעטלעך, אין ענגע ווינונגען, אָן באַד־צימערן, האָט די מקוה דערמעגלעכט כאָטש איין מאָל אין וואָך לייטיש זיך אָפּצוואַשן. די מקוה, נישט געקוקט אויף אירע חסרונות, איז געווען נישט בלויז אַן אָרט צום טובלען און וואַשן זיך, נאָר אויך געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע אַטמאָספער וועלכע האָט געהאָלפן פאַרוואַנדלען דאָס וואָכעדיקע אין שבתדיקן.

ווען אונדזערע עלטערן, איבערגעטאָן אין פרישע מלבושים, זענען מיט אונדז קינדער אַוועק אין שול אָדער אין די שטיבלעך, האָט מען געפילט אַ געהויבענע שטימונג. דאָס זאָגן „לכו נרננה" און „לכה דודי" איז טאַקע געווען בבחינת כל עצמותי תאמרנה ה׳ — אַלע גלידער, אַלע ביינער, דער גאַנצער גוף איז אַוועק אין אַ העכערער וועלט — צו שבת מנוחה, שבת המלכה.

### די פרייע צייט אין אַ קליין שטעטל

הגם אין שטעטל איז נישט געווען קיין קינאָ און נאָר געציילטע מענטשן האָבן געהאַט ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, האָבן ייִדן אין פּשיטיק גאַנץ שיין פאַרברענגט זייער פרייע צייט. אפשר דערפאַר וואָס ס׳איז נישט געווען קיין קינאָ און נישט קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, איז מען געווען נעענטער איינער צום אַנדערן, געקומען אָפטער אין קאָנטאַקט. מען איז זיך צוזאַמען געקומען הערן נייעס, דערנאָך זיי קאָמענטירן. ס׳איז גענוג געווען אַרויס־

צוגיין אין גאַס און צושטיין צו וועלכן רעדל — טאָ צו וואָס זיך מאַטערן ביים ראַדיאָ אין פּויליש? דער עיקר: די שטענדיקע פראַגע — „איז דאָס גוט פאַר יידן?", וואָס מען האָט נישט געקענט געוואָר ווערן פון פּוילישן ראַדיאָ. דאַקעגן אין רעדל אין מיטן מאַרק האָט מען דאָך געקענט הערן אַ מומחה וועלכער האָט היינט געלייענט דעם „היינט" אָדער „מאָמענט", צו אַ צווייטן וועלכער האָט אויך געכאַפּט אַ בליק אין דער „פאָלקסצייטונג". די וועלכע האָבן געלייענט נאָר די אגודהשע צייטונג „טאָגבלאַט" האָבן פּאָליטיקירט אין שטיבל אָדער געהאַט זייערע אייגענע רעדלעך. אַזוי אַרום איז דער וואָס איז נאָר אַרויס אין גאַס, האָט ער גלייך געקענט וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער גרויסער וועלט, ווי האַלט עס מיט יידן אין דעם אָדער יענעם לאַנד, דערצו נאָך מיט געהעריקע קאָמענטאַרן און מיינונגען פונעם דערציילער.

אַ רעדל איז געווען אַ מין רשות הרבים ווו יעדער האָט געהאַט אַ פרייען צוגאַנג. געווען גענוג צוגיין, אויסהערן וועגן וואָס מען רעדט, אַפילו נישט אויסהערן און דאָך צווואָרפן זיינע פאַר ווערטער (זיינע צוויי גראָשן — ווי מען האָט דאָס גערופן). דאָ האָט געהערשט פולע דעמאָקראַטיע.

ערנסטערע שמועסן וועגן פּאָליטיק אָדער פּערזענלעכע ענינים האָט מען באַהאַנדלט אין צווייען אָדער דרייען, מיט נאָענטע חברים, שפּאַצירנדיק אין מאַרק שעהנווייז, אַהין־און־צוריק. דאָ האָט איינער אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַרן צווייטן, אָדער סתם דיסקוטירט און דערביי אַריינגעכאַפּט אַ ביסל פרישע לופט.

די יוגנט האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט דער שטעטלדיקער לופט. זיי האָבן געזוכט מער רוים, דעריבער זענען זיי אַוועק הינטער דער שטאָט. די אָנגענומענע שפּאַציר־ערטער זענען געווען: דער פּאָדגייעק וועלכער האָט געפירט צום קליינעם סאָסנע־וועלדל. דאָרט האָט מען געקענט פריי זינגען פאַרשידענע לידער און אויך שמועסן. דער גרעסטער אַרויסמאַרש פון שטעטלדיקן תחום איז געווען שבת בייטאָג און אין אָוונט. די יוגנט האָט נישט צו פיל געזאָרגט, אַז זיי זענען עובר דעם תחום שבת. עלטערע יידן האָבן צוליב דעם געמוזט זיך באַגרעניצן מיט אַ שמועס אין מאַרק, אָדער אַ קורצן שפּאַציר הינטער דער שטאָט.

אַן אַנדער אָרט ווו די יוגנט האָט געפלעגט פאַרברענגען אין אַ שיינעם שבת נאָכמיטאָג איז געווען דער טייך, די לאַנקעס הינטער דער שול און בית־המדרש, אין דער ריכטונג פון איטשע־מאירס מיל. די סטאַווידלעס, דער וואַסער־קאַנאַל, די שלוזן אין די רחבותדיקע גרינע לאַנקעס זענען געווען אַ באַזונדערע אַטראַקציע. אין דער סביבה האָבן יידן זיך געפילט אַ ביסל אומזיכער. דאָ זענען שוין געווען פּויערישע

הייזער מיט הינט — פרעמדע טעריטאָריע. אין די דערפֿער זענען יידן געגאַנגען נאָר צוליב פּרנסה, קויפֿן אָדער פֿאַרקויפֿן.

אַ באַזונדערע און גאָר וויכטיקע אַטראַקציע איז געווען דאָס טייכל ראַדאָמקא וואָס האָט כמעט ווי איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס דאָס שטעטל פּשיטיק, ספּעציעל דער פּלאַץ אויף דער לאַנקע הינטערן בית המדרש און שול, נעבן איטשע מאירס מיל. אין הייסע זומער־טעג פֿלעגט מען דאָ קומען זיך אָפּקילן, אַריינכאַפּן אַ ביסל פֿון די זוניקע שטראַלן וואָס זענען נישט אַזוי לייכט צוגעקומען אין די ענגע געסלעך און צוזאַמענגעפּרעסטע הייזלעך.

געבאָדן האָבן זיך די מענער אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ און די פֿרויען אַ הונדערט מעטער ווייטער. די פֿרויען, אָנגעטאָן אין לאַנגע שווים־העמדער, בעת די מענער — אין שווים־הויזן. דאָקעגן די חסידישע יידן און בחורים האָבן זיך טובֿל געווען אין וואַסער אַזוי ווי די מאַמע האָט זיי געבוירן. איך דערמאָן זיך אַז ישׂראל־יצחק, אַ פֿרומער יונגערמאַן, האָט דערקלערט די חסידישע בחורים, אַז אַ ייד דאַרף זיך נישט שעמען מיטן ברית מילה, ווי דער זוהר זאָגט אין ברית קודש. אין די אַלטע גוטע צייטן אין פּשיטיק האָט מען זיך געקענט דערלויבן אַריינשפּרינגען אין וואַסער ווי אַ פֿרייער מענטש, אָן שמאַטעס אויפֿן קערפּער.

יונגוואַרג האָט אויך געשפּילט אין פֿוטבאָל. אָבער דאָס זענען מייסטנס געווען די „פֿרייע״. פֿרומע ידישע קינדער וועלן זיך דאָך נישט נאַריש מאַכן און פֿאַרטאַכ־לעווען זייער צייט מיטן נאַכלויפֿן דעם באַלעם. אַ פֿרומער ייד האָט אויף אַ תּלמודישן אופֿן געטראַכט: ממה נפשך, האָבן זיי פֿיינט די פּילקע — וואָס לויפֿן זיי איר נאָך? האָבן זיי ליב די פּילקע — פֿאַר וואָס קאָפּען זיי זי אַוועק?

עס זענען אויך געווען אָרגאַניזירטע פֿוטבאָל־שפּילער. זיי זענען לרובֿ געווען אין די ראַמען פֿון אַן אָרגאַניזאַציע אָדער פּאַרטיי. פּאַרטייען האָבן אויך אָרגאַניזירט טאַנץ־אָוונטן. דער פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין — מאָדערנע טענץ, ציוניסטישע פּאַרטייען — חלוצישע טענץ. די חסידישע קרייזן, אַז זיי האָבן זיך משמח געווען מיט אַ פֿעסל ביר — האָט מען פֿאַרקאַטשעט די קאַפּאָטעס, געמאַכט אַ גרויס ראָד און געכאַפּט אַ התלהבֿותדיקן ריקוד צו די טענער פֿון אַ חסידישן ניגון.

נישט קיין סך יידן האָבן געקענט נאָטן אָדער שפּילן פֿידל, אָבער געזינגען האָבן אַלע. יעדער לויט זיין פּאַרטיי אָדער פּאָליטישער אָנגעהעריקייט, האָט געהאַט זיין געזאַנג און זיינע לידער. די לינקע — רעוואָלוציאָנערע לידער, די בירגערלעכע פּאַרטייען — נאַציאָנאַלע לידער, די ציוניסטישע פּאַרטייען — העברעישע לידער, די חסידישע און פֿרומע יוגנט — מאָדזשיצער און גערער ניגונים. מען האָט אויך גערן

געלערנט חזנישע ניגונים פון תפילות ווי למשל א „כבקרת רועה עדרו״ פאַר די ימים־נוראים, אָדער א „שושנת יעקב״ פאַר פורים.

דאָס זינגען אין גרופּן ווי יעדער האָט געקענט אַנטייל נעמען, האָט געהאַט אַ גרויסע דערציערישע באַדייטונג, געגעבן אַ געפיל פון אַנגעהעריקייט צו דער געזעל־שאַפט און געהויבן דעם ווערט פון יעדן יחיד.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשע חיילות קיין פשיטיק, און סעפּטעמבער 1939 — איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן...



# פון פשיטיק ביז ארץ־ישראל

**(מענטשן, געשעענישן, בילדער)**

דוד זיתני (בוימאײילגרין) / תל־אביב

**„פאַרגעסט אונדז נישט!״**

פשיטיק — אַ קליין שטעטל מיט אַ גרויסער פאַרגאַנגענהייט. וויכטיקע געשעענישן און העלדישע מעשים. ווער וואָלט געחלומט מיט 50 יאָר צוריק, אַז מען וועט דאַרפן שרייבן אַ ספר יזכור נאָך דעם שטעטל מיט די עטלעכע הונדערט יידישע פאַמיליעס וואָס האָבן דורות נאָך דורות געלעבט און זיך איינגעוועבט אין דער יידישער געשיכטע אין פוילן. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דאָס שטעטעלע פשיטיק, צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער שטעט און שטעטלעך, זאָל אָפּגעווישט ווערן אויף אייביק ?

ס׳איז אַפילו נישט געבליבן קיין זכר פון די קברים פון אונדזערע נאָענטע. זייערע נשמות זענען צוזאַמען מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריעס אַרויף אין די הימלען. זייער אַש האָט דער ווינט פאַרטראָגן איבערן עמק הבכה פון אומגעבראַכטן פוילישן יידנטום.

פשיטיק איז געוואָרן דער סימבאָל פון פוילנס כוליגאַנישן אַנטיסעמיטיזם אין אונדזער דור. דער פּאָגראָם אין מערץ 1936 איז געווען אַ פאָרשפּיל צו דער נאַצישער יידן־פאַרניכטונג, דער אָנזאָג פון דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע — און אין דער זעלבער צייט האָט דאָס קליינע הייפעלע פשיטיקער יידן געוויזן דעם וועג צו זעלבסט־פאַרטיידיקונג, וואָס איז שפּעטער אַרויסגעבראַכט געוואָרן בעת דעם היסטאָרישן פּראָצעס קעגן די אָנגעקלאָגטע יידן. פשיטיק האָט פאַרשריבן אַ וויכטיקן בלאַט אין דער געשיכטע פון פוילישן יידנטום.

היינט ווערן יזכור־ספרים געהאַלטן אין די היימען פון דער שארית הפליטה אויף דער גאָרער וועלט און דינען אַלס עדות פון דעם וואָס ס׳האָט געטראָפן אונדזער פאָלק — דעם

פאָלק פון גדולי התורה, פון בויער און שאַפער פון דער יידישער און אַלוועלטלעכער קולטור און ליטעראַטור.

דערפאַר איז נישט נאָר אַ מצוה פון „זכור אשר עשה לך עמלק הנאצי" ימ"ש. נאָר אויך אַ פליכט פאַר די צוקונפטיקע דורות, זיי זאָלן גוט געדענקען די אַלע קאַפּיטלען פון קדושה און גבורה פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס האָבן אין זייער לעצטן אָטעם־צוג צו די גאַז־קאַמערן אויסגעשריען: „פאַרגעסט אונדז נישט!".

## אַזוי האָט אויסגעזען מיין געבורט-שטעטל

נישט ווייט פון דער שטאָט ראַדאָם געפינט זיך אַ שטעטל מיט דעם נאָמען פשיטיק.

דאָס שטעטל איז אַרומגעצוימט מיט וואַסערן, ווי אַן אינדזל אין ים. אַריינקומען אין שטעטל קאָן מען נאָר איבער די צוויי בריקן פון וועלכע איינע פירט קיין ראַדאָם און די צווייטע, די וואַרשעווער, פירט קיין וואַרשע. נישט ווייט פון דעם שטעטל געפינען זיך וועלדער מיט לאָנקעס, ווו קינדער פלעגן פאַרברענגען אַ גאַנצן פרילינג און זומער דאָרט האָבן זיי געשטיפט און זיך צוגעהערט צום קוואַקען פון די זשאַבעס.

אינמיטן שטעטל האָט זיך געפונען אַ ברונעם, אין צענטער פון מאַרק. אויך ביים ברונעם פלעגן די קינדער זיך שפּילן.

אין אָט דעם שטעטל בין איך געבוירן געוואָרן אין יאָר 1902. מיינע עלטערן זענען געווען פרומע, דערפאַר האָב איך ביז 13 יאָר פאַרבראַכט אין אַ חדר און אַרומגעשטיפט גלייך מיט אַלע קינדער.

ס'איז געקומען דער זומער, וועלכן מיר קינדער האָבן אַ גאַנצן ווינטער אויסגעקוקט, כדי אַ ביסל אָטעמען מיט פרייער לופט. אַ גאַנצן ווינטער האָט אונדז געשטיקט די פייכטקייט און דער רויך אין די היימען און אין חדר. ווי נאָר די זון האָט דעם ערשטן שיין געטאָן, האָט זיך אויך פאַר אונדז געעפנט אַ נייע וועלט. מיר האָבן זיך אַלע מאָל אַרויסגעגנבעט פון חדר, אַרומגעטאַנצט אין דרויסן, ביז די מורא פאַרן קאַנטשיק האָט אונדז צוריק געברענגט אין חדר.

מיר האָבן זיך דערוואָרט די וואַרעמע תמוז־טעג, ווען דער רבי איז מיט אַלע תלמידים געגאַנגען זיך באָדן צו דער טאַמע — אַזוי האָט מען גערופן דאָס טייכל. מיר האָבן נישט געקאָנט איינזיצן די פּאָר שעה אין חדר, ווייל אונדז איז געלעגן אין קאָפּ דאָס באָדן זיך. ווי גרויס איז געווען די פרייד, ווען דער רבי האָט אויפגעהויבן דעם קאַנטשיק אין אַ געשריי געטאָן, נאָר מיט אַ שמייכל:

— קומט שקצים, וועט עץ ענק אָפּבאָדן...

מיר האָבן איבערגעריסן דאָס שפּילן אונטערן טיש, אין מיטן לערנען, מיט די קאָרטן וועלכע מען האָט זיך דערלאַנגט איינער דעם צווייטן.

אויף דער לאָנקע זענען מיר געשפּרונגען פול מיט פרייד, שנעל זיך אויסגעטאָן און וואָס גיכער אַריין אין וואַסער. זייער אָפט האָט זיך געהערט דעם רבינס געשריי:

— שקצים, דאָרט איז טיף. גייט נישט דאָרט! — און געסטראַשעט מיטן קאַנטשיק. שפּעטער האָט מען געהערט: — אַרויס פון וואַסער, שוין גענוג.

מיר זענען געלאָפן צוריק אין חדר. קוים וואָס מיר האָבן זיך געקאָנט דערוואַרטן אַז דער זייגער זאָל שלאָגן 8, ווען דער רבי האָט בייז צוגעמאַכט דעם חומש און געהייסן דאַווענען מנחה און ערשט דערנאָך גיין אַ היים. אָבער מיר האָבן פאַרגעסן אָן דער היים



משפחת מיירפלד, מראשוני עולים לארץ־ישראל מפשיטיק.
פאַמיליע מייערפעלד, פון די ערשטע עולים קיין ארץ־ישראל פון פשיטיק.

און זענען גלייך געלאָפן, הינטן אַרום, אויף דער לאָנקע, אפשר אויך דערפאַר ווייל דער רבי האָט נאָכגעשריען, אַז אויב ער וועט אונדז דאָרט טרעפן, וועט ער זיך מאַרגן מיט אונדז אָפּרעכענען.

אויף דער לאָנקע האָבן מיר געשפּילט אין זעלנער, געמאַכט קאָזשעלקעס — ביז שפּעט אין דער נאַכט. געקומען אַהיים, זענען מיר מידע אַריין אין בעט און געשלאָפן, ביז דער שמש האָט אונדז אויפגעוועקט מיט זיין קלאַפּן און רופן אין שול, יעדן אין דער פרי.

אין יאָר 1912 האָב איך געלערנט אין דער ישיבה, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אַ

דאַנק אונדזער נייעם, יונגן רב, הרב שפּירא ז״ל. ער האָט זיך אָפּגעגעבן יום ולילה מיט תורה. איך געדענק ווי די פרייד איז ביי מיר געווען גרויס, ווי שטאָלץ כ׳האָב זיך געהאַלטן אַנטקעגן מיינע חברים, ווען דער רב האָט מיר אַ קניפּ געטון אין בעקל, זאָגנדיק: — דאָס וועט זיין פייער, אַ גוטער תלמיד! אַ פאַררויטלטער האָב איך דאָס דערציילט מיינע עלטערן.

## אין דער ערשטער וועלט-מלחמה

אין יאָר 1914, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט מיין פאָטער מיך אַרויסגענומען פון חדר און איך האָב אַלע טאָג געלערנט אין בית־המדרש. איך האָב דאָן אויך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיטן געשעפט. איך פלעג שוין פאָרן מיט מיין פאָטער נאָך סחורה און געהאַט גאָר אַנדערע געדאַנקען. מיר האָט זיך פאַרגלוסט אַרויסצורייסן אין דער גרויסער וועלט, ווייט פון דער היים. מיר איז נישט געפעלן געוואָרן דאָס לעבן אין דעם קליינעם שטעטל, וואָס ווייסט נישט פון קיין פאַרגעניגנס פון וועלכע עס געניסט אַ מענטש אין דער גרויסער שטאָט. איך פלעג אָפט אַרומגיין פאַרטראַכט און מאָלן אין דער פאַנטאַזיע שיינע בילדער. נישט איין מאָל האָב איך באַקומען אַ פּעטשל פון פאָטער פאַרן פאַרטראַכטן זיך, ער פלעגט זאָגן:

— אַ יינגל דאַרף נישט טראַכטן, דאַרפסט זיך נאָר לערנען און נישט אינזינען האָבן נאַרישקייטן.

אין יאָר 1915, אין חודש תמוז (יוני־יולי), האָט מען אונדז פון שטעטל אַרויסגעטריבן קיין ראַדאָם, ווו מיר זענען געקומען פּרייטיק אויף דער נאַכט. מיר האָבן נישט געהאַט ווו אַריינצוגיין און געגעכטיקט אין אַ טויער, ערשט זונטיק האָבן מיר געקראָגן אַ דירה.

אַז איך בין אַרויס אין הויף און געזען ווי די קינדער שפּילן זיך אין זעלנער, אין פערד האָט זיך דערוועקט אַ בענקשאַפט צו דער היים, ווו מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פלעג אויך איך זיך שפּילן. עפּעס האָט געצויגן צו יענעם קינדער־לעבן... אַזוי פלעג איך אַ לאַנגע צייט זיין פאַרטראַכט, ביז מען האָט גערופן אין שטוב אַריין עסן, ווו איך בין געזעסן אויף אַ קעסטל, ווייל עס זענען קיין בענקלעך נישט געווען פאַר אַלעמען.

ערשט דעם 20סטן אין חודש אָב (אויגוסט), 1917 יאָר, האָבן מיר געקאָנט צוריק פאָרן אַהיים, אין אונדזער שטעטל. דער מאַרק איז געווען באַוואָקסן מיט גראָז, די הייזער האָבן אויסגעזען מרה־שחורהדיק, ערגעץ־ווו האָט אַ שראַפּנעל אַ שטיק מויער אָפּגעריסן, אויך די לאַנקע איז געווען באַוואָקסן מיט ווילדגראָז, אַז מען האָט קיין מענטש געקאָנט אַרויסזען. אין אַלע שטיבער איז געווען אַן איבערקערעניש פון די זעלנערס זוכענישן.

דעם ערשטן טאָג האָט מען מורא געהאַט אַרויסצוגיין אין גאַס ביינאַכט צוליב דער מורה־שחורה, וואָס האָט געהערשט אַרום, ווי אויך דערפאַר ווייל עס זענען נאָך געקומען

וויניק מענטשן. ערשט שפּעטער האָבן זיך אומגעקערט מער משפּחות און דאָס שטעטל האָט צוריק אָנגעהויבן ווערן היימלעך. די קינדער האָבן זיך ווידער געפּרייט מיט די לאָנקעס און מיט די וואַסערלעך, וועלכע מען האָט שוין נישט געזען צוויי חדשים. זיי זענען ביי זיי נאָך מער באַליבט געוואָרן און זיי האָבן זיך דאָרט געשפּילט אויף פאַר דער צייט וואָס זיי זענען נישט געווען אין פּשיטיק.

אין יאָר 1917 בין איך צום ערשטן מאָל געפאָרן נאָך אַ ביסל סחורה, כאָטש מיינע עלטערן האָבן מיך נישט געלאָזט, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַז איך זאָל ווערן אַ סוחר, נאָר בעסער זיצן אין בית־המדרש. מיין פאָטער האָט מיט מיר אַ ביסל מסכים געווען, איך האָב ריזיקירט צו ברענגען די סחורה און די עלטערן זענען געווען צופרידן.

**דער טויט פון מיין מוטער**

ווינטער 1918 האָב איך געלערנט אין בית־המדרש. אַלע אויף דער נאַכט, נאָך מנחה־מעריב — מיט מיין פאָטער; פאַרטאָג, האַלב דריי אַזייגער, פלעגט מיין חבר מיך אויפוועקן צו גיין לערנען מיטן רב. דאָנערשטיק פלעגן מיר זיין וואַך אַ גאַנצע נאַכט אין בית־המדרש. פיל מאָל פלעגן מיר איינשלאָפן ביי דעם ספר. אָבער נישט לאַנג האָב איך אַזוי געלערנט.

יענעם ווינטער האָט מען אונדז באַגנבעט. די עלטערן האָבן זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן. ביי מיין מוטער, וואָס פלעגט תמיד זיצן ביים טיש אַ פריילעכע, האָט זיך מער נישט באַוויזן קיין שמייכל אויף אירע ליפּן. פון דעם גרויסן עגמת נפש, אַז איר מי און אַרבעט פון אַ סך יאָרן האָבן גנבים צוגערויבט — איז זי אַ קורצע צייט נאָך דער גניבה קראַנק געוואָרן.

אין יאָר תרע״ט (1919), אין חודש טבת, ווען מיין מוטער איז געלעגן קראַנק, בין איך נישט אָפּגעגאַנגען פון איר בעט. געקוקט אין די אויגן, באַדינט איר און אַלץ געטון וואָס איר האַנט האָט מיר געוויזן און וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. איך בין אַ וואָך צייט נישט געשלאָפן. זונטיק האָט מען מיך איינגעהילט אין אַ דערע און געהייסן פאָרן צום רבין. ווען איך בין צו אים אַריין, האָבן מיך די טרערן געשטיקט און איך האָב אים נישט געקענט ענטפערן וואָס ער האָט געפרעגט. נאָר דריי ווערטער האָב איך געזאָגט: ס׳איז זייער שלעכט.

קומענדיק אַהיים, האָב איך שוין מיין מוטער נישט דערקענט, זי האָט מער נישט גערעדט. איך בין צו איר צוגעפאַלן און אַ קוש געטאָן אין שטערן, מיין שוועסטער האָט מיך אָוועקגענומען און דערציילט, אַז די מוטער האָט אַ גאַנצן טאָג זיך געפרעגט ווו איך בין. איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט.

פאַרטאָג האָט מיין פאָטער געדונגען אַ פור און געהייסן מיר פאָרן קיין פרימנע, 4 וויאָרסט פון ביאַלאָבזשעג, צום אָרטיקן דאָקטער. אַ גרויסער פראָסט איז געווען אין דרויסן. דער הימל פאַרכמאַרעט, דער ווינט האָט געבלאָזן און געפייפט, קוים וואָס מען האָט געקענט הערן דאָס קלאַפּן פון די רעדער פונעם וואָגן, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן דער באַלעגאָלע אין אַ גראָבן שפּענצער און דער דאָקטער, איינגעהילט אין זיין גרויסן שאָפּן־פוטער מיט דעם עלנטן קינד, וואָס האָט אָן אויפהער געמונטערט דעם פורמאַן ער זאָל גיכער פאָרן. אַ גרויסע שרעק האָט מיך דעמאָלט אַרומגענומען. איך בין געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז שדים טאַנצן אַרום אויף די ברייטע פעלדער, אין דער נאַכט־פינצטערניש. נאָר אָט זענען מיר שוין אויף דער בריק. דאָס האַרץ נעמט שטאַרקער קלאַפּן; איך וויל שוין זען מיין מוטער.

פאַרפאָרנדיק מיט דעם דאָקטאָר פאַר דער טיר, האָט מען מיך אַראָפּגענומען, ווייל כ׳האַב זיך נישט געקענט רירן צוליבן גרויסן פראָסט. נאָר דעם דאָקטער האָט מען געהייסן פאָרן צו מיין ברודער, וועלכער איז אויך געווען קראַנק. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז עפּעס איז געשען. איך בין אַנידערגעפאַלן אַ פאַרחלשטער. מען האָט מיך נישט אַריינ־געפירט אין שטוב, נאָר צו מיין ברודער. איך האָב נישט געוווּסט וואָס מיט מיר קומט פאָר. דערנאָך האָט מען דערציילט, אַז כ׳בין געזעסן אויף אַ בענקעלע ביי דער טיר, אַנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער וואַנט.

ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך געשריען: — איך וויל זען מיין מאַמען, פירט מיך אַהיים! — צוויי יידן האָבן מיך גענומען אונטער די הענט. אַריינקומענדיק אין שטוב, האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסן אַ געשריי: — פאַרוואָס בין איך נישט געווען דערביי, נישט געזען איר לעצטן שמייכל ?!...

כ״ח טבת תרע״ט (1919) איז מיין מוטער צו קבורה געקומען. אַ יונגער יתום האָב איך פאַרלאָזט דאָס בית עולם, מיט אַ צעבראָכן האַרץ בין איך געגאַנגען אַהיים. אויף אַ קליין בענקל האָט מען מיך געהייסן זיך זעצן, אַראָפּגעוואַרפן די שיך און מען האָט מיר אַ גלאָז טיי דערלאַנגט.

מיין פאָטער איז פון צער גרוי געוואָרן. ער האָט שוין נישט געוואָלט פאָרן נאָך סחורה. איך האָב געמוזט אין גאַנצן פאַרלאָזן דאָס בית־המדרש און ווערן אַ סוחר. פאַרגעסן די קינדערישע חלומות צו ווערן זעלבשטענדיק, ווייל ס׳איז קיינער נישט געווען, אויסער מיין שוועסטער, וואָס איז געווען פאַרלאָבט מיט אַ יונגערמאַן פון ראַדאָם אַ בן־תורה. אים האָט די מאַמע, נאָך ביי איר לעבן, אויסגעקליבן פאַר דער שוועסטער. ער איז געווען אַן אָרעם יינגל, שטענדיק געזעסן און געלערנט.

מיין שטעטעלע האָט זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון, אַז שטענדיק שוועבט עס פאַר מיינע אויגן.

די קליינע הייזקעס, דער מאַרק מיטן ברונעם ווו ציגן פלעגן זומערצייט זיך פאַרזאַמלען, כדי זיך וואַרעמען אויף דער זון; די גרינע לאָנקעס פון ביידע זייטן טייך וואָס האָבן זיך געצויגן ביז דער גרויסער וואַסערמיל; דער שמאָלער סטאַוו, ווו מיר יינגלעך פלעגן רייסן טאַטאַראַק אויף באַצירן די שטיבער שבועות־צייט.

איך זע לויפן די קליינהענדלער מיט די שטעלעכלעך, כדי אויסצולייגן אין מאַרק זייערע סחורות; מאָנטיק, אין טאָג פון יאַריד, פלעגן פון די אַרומיקע דערפער קומען די פּויערים איינקויפן פאַרשידענע אַרטיקלען און פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן פון דאָרף.

איך זע די אויבסט־יידענע פיגע־צירל: זומער מיטן קויש עפּל און ווינטער מיטן טאָפּ וואַרעמע ביבער און דעם מאָס־גלעזל אין האַנט, גייענדיק פון חדר צו חדר און רופן מיט אַ הייזעריקער שטימע: „הייסע, וואַרעמע ביבער!" די חדר־יינגלעך פלעגן זיך דינגען, כדי צו באַקומען נאָך אַ פאָר ביבער. נישט אַלע האָבן דעם גראָשן און וואַרטן אויפן חסד פון אַנדערע צו קענען נהנה זיין.

עס הערט זיך די שטימע פון מאיר־יחיאל דעם שטאָט־וועקער, וואָס פלעגט פאַרטאָג, ווען די שטערן זענען נאָך געווען אויפן הימל, רופן מיט זיין מעלאַנכאָלישער שטימע וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן שטעטל: — יידעלעך, שטייט אויף צו עבודת הבורא!

דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס לייכט דורך די שוואַכע שיין פון דעם נאַפט־לאָמפּ. אין בית מדרש, אַרום די לאַנגע בענק און טישן, זאָגן יידן תהילים, אויסגיסנדיק זייער ביטער האַרץ פאַר דעם בורא עולם און בעטנדיק רחמים אויף זייער שווערער לאַגע.

איך זע זיי, די פאַרהאַוועטע שניידערס און שוסטערס ביי זייער אַרבעט, פאַרטיפט אין זייערע רעיונות פון „יגיע כפיים כי תאכלו"; דעם אַלטן אברהם וואַסערטרעגער מיט זיינע צוויי וויאַדרעס אויף די אַקסלען, איינגעהויקערט, טריט ביי טריט, שלעפּט ער זיי פאַרזיכטיק, אַז קיין טראָפּן וואַסער זאָל זיך, חלילה, נישט אויסגיסן. מען זאָל זיך נישט באַקלאָגן, אַז די וויאַדרעס זענען נישט פול. ער דאַנקט גאָט פאַר זיין טאָג־טעגלעכער חיונה און פאַרגעסט נישט מנחה־צייט זיך אָפּצושטעלן ביים בית־המדרש און אַריינכאַפּן אַ קדושה.

ווער געדענקט נישט דעם שמאָטשאָזש פון שטעטל — ישראל קנייטשער, וואָס פלעגט יעדן טאָג איינהאַנדלען זיינע שמאַטעס, פאָרנדיק מיטן פערד און וואָגן איבער די ברוקירטע שטיינער אין שטעטל און איבער די אַרומיקע דערפער, זינגענדיק דערביי פאָלקס־לידלעך.

אַזוי האָט מען געשלעפּט דעם יאָך אַ גאַנצע וואָך, כדי צו האָבן אויף שבת — ווער

עס האָט פּאַרדינט אויף ברויט מיט הערינג און ווער אויף חלה מיט פיש. פרייטיק נאָכן האַלבן טאָג האָט מען זיך שוין געפּאַרעט אַרום שבת — די מקווה און דער מרחץ האָבן פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. די מיידלעך — שיין פאַרקעמט נאָכן אויסצוואָגן; די באָבעס און די מאַמעס זיך פאַרפּוצט מיט קאָפּקעלעך און האָר־בענדלעך און געגרייט זיך צו ליכט־בענטשן.

דאָס גיין אין שול, אין בית־המדרש און אין די פאַרשידענע חסידישע שטיבלעך — ווער מיט אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, צי אָפּגעריבענע און פאַרשוויצטע, ווער מיט אַ געהאַקטער, שפּאַלטיקער קאַפּאָטע, אין די קיילעכיקע און שפּיציקע שטריימלעך — דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן דער אָנקומענדיקער שבת המלכה.

יוסף־חיים דער שוחט האָט מיט זיין שיינער שטימע אין באַגלייטונג פון זיינע קינדער, געזונגען דעם ניגון פון לכה דודי. די טענער האָבן דורך די אָפענע פענצטער פון בית־המדרש זיך געריסן צו די הימלען, ביז צום כסא הכבוד. די שבתדיקע אַטמאָספער האָט געהערשט אין אַלע ווינקעלעך פון שטעטל. שבת זענען אויך פאַרגעקומען די באַגעגענישן פון יונגעלייט און מיידלעך; דער שפּאַציר אין וואַלד; דאָס לייענען די נייע מעשה־ביכלעך; דער געזאַנג פון די אַרבעטער־לידער.

אין די חסידישע שטיבלעך פלעגט מען פראַווען דעם שלוש־סעודות ביי לאַנגע טישן, צוגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטעך, וווּ אַ כזית חלה איז געלעגן אויסגעשפּרייט נעבן יעדן איינעם. דוד שוחט האָט געזונגען דעם בני היכלא דכסיפין און אים האָבן צוגעהאָלפן די חסידים, וואָס האָבן זיך געשאָקלט אַהין און צוריק.

אין די שטיבער זענען געזעסן די מאַמעס און באָבעס, איינגעוויקלט אין די וואַרעמע פאַטשיילעס און אַרויסגעקוקט דורך די פאַרפרוירענע שויבן, געזוכט אַ שטערן, כדי צו קענען זאָגן דעם „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב, שיק אונדז צו, ליבער גאָט, רבונו של עולם, אַ נייע, גוטע וואָך פון געזונט און פרנסה",

אַ גייט מען שוין פון די שטיבלעך און פון בית־המדרש. די הבדלה ווערט געמאַכט מיט גרויס פרייד און האָפענונג. דאָס וואַקסענע ליכט, געדרייט פון פיר פלאַמען, באַלייכט די פינצטערע, אָרעמע היימען מיט אַ ליכט פון טרייסט פאַר דער נייער וואָך. דער המבדיל בין קודש לחול ווערט געזונגען מיט פרייד און פון כוס וויין ווערט אַ ביסל אויסגעגאָסן אויפן טיש און מיט די הענט אָפּגעווישט אין די הויזן־קעשענעס — אַ סגולה פאַר אַ גוטער פרנסה און שפע צו דער נייער וואָך.

די אַלע געשטאַלטן און בילדער גייען איצט אויף אין זכרון — דו זעסט זיי לעבעדיקע מאַרשירן פאַרביי דיר, הערסט זייערע טריט, זייערע קרעכצן...

## די יוגנט דערוואַקסט

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט מיט זיך געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג און אויפברויז אויף אַלע געביטן, האָט זיך אויך געענדערט דער לעבנס־שטייגער אין שטעטל. ספּעציעל צווישן דער יוגנט האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען נייע געדאַנקען. דאָ און דאָרט האָבן זיך געשאַפן גרופּן צו באַהאַנדלען די נייעס פון די גרויסע שטעט, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז און אויפגעשטורמעט די יידישע גאַס.

קיין אינדוסטריע האָט אונדזער שטעטל נישט פאַרמאָגט, אויך קיין גרויס־בורזשואזיע איז נישט געווען בנמצא, דעריבער האָט פון קלאַסן־קאַמף נישט געקענט זיין קיין רייד. די בעלי־מלאכות און האנטווערקער האָבן על פּי רוב קיין אַרבעטער נישט באַשעפטיקט. אָבער די קינדער, דערצויגענע אין די דאָזיקע היימען, האָבן דערשפּירט די לופט פון דער דרויסנדיקער וועלט, בפרט די וואָס האָבן געאַרבעט אין די גרויסע שטעט און קומענדיק אַהיים אויף יום טוב, געבראַכט מיט זיך אינטערעסאַנטע גרוסן פון דער גרויסער וועלט.

אַזוי האָט מען אָנגעהויבן הערן די נייע אַרבעטער־לידער, וואָס זענען מיט באַגייס־טערונג געזונגען געוואָרן בעתן שפּאַציר שבת אין וואַלד און אין די וואַרשטאַטן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די ציוניסטישע באַוועגונג, איבערהויפּט נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט האָט זיך אַקטיוויזירט אין קרן קיימת און קרן היסוד. נאָכן רעפעראַט פון פּנחס פאַגעלמאַן, וועלכער איז ספּעציעל אַראָפּגעבראַכט געוואָרן פון ראַדאָם, איז געשאַפן געוואָרן דער יסוד פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטעטל.

מיט דער צייט האָבן זיך אָרגאַניזירט נייע גרופּן פון מזרחי, אגודה, לינקע פּועלי ציון און שפּעטער — די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט מיטגעריסן מיט זיך אַ סך פיינע בחורים און מיידלעך פונעם מיטל־קלאַס און באַלעבאַטישע היימען.

אין שטעטל איז געוואָרן היימלעך. ס'איז געווען ווו די פרייע צייט צו פאַרברענגען. איינער האָט געחלומט וועגן סאָציאַלער באַפרייונג, אַ בעסערן מאָרגן אויף דער פּוילישער ערד. אַן אַנדערער ווידער — וועגן פאַרן קיין ארץ־ישראל, ווערן אַ חלוץ, בויען שאַסייען און לעבן אונטער פייגן־ און טייטלביימער. אין דער פראַגע פלעגט מען זיך צוזאַמענשטויסן און מיט אותות ומופתים וועלן איבערצייגן איינער דעם צווייטן. אַ סך מאָל האָבן אויך נישט געפעלט קיין קלעפּ. כדאי צו דערמאָנען, אַז איין מאָל ל״ג בעומר, ווען די ציוניסטישע יוגנט איז אַרויס אין אַ בלימל־טאָג שאַפן געלט פאַרן קרן קימת, האָבן די קעגנער באַגאָסן מיט טוש דעם נייעם מאַנטל פון רחל מייערפעלד, וועלכע האָט צוזאַמען מיט איר חברטע רחל דאַזערס זיך באַטייליקט אין זאַמלען פאַרן קרן קימת. די דאָזיקע פיינלעכע געשעעניש האָט אַרויסגערופן נאָך מער פאַרביטערטקייט און רייבונגען.

קיין גרויסע ביבליאָטעק האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט פאַרמאָגט. עס זענען געווען אַ 50 ביכער, וועלכע זענען געלעגן אין אַ קעסטל ביי קוראַנטן אין שטוב. נאָך אַ ביכל פלעגט מען זיך פאַרשרייבן אין דער ריי. איך געדענק, אַז ווען איך בין געקומען, האָט איטשע קוראַנט, דער ביבליאָטעקאַר, מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— אָט האָסטו דאָס ביכל „עולם הבא״, אַ 30 בלעטלעך בערך, זאָלסט עס היטן, נישט צערייסן, חלילה, די בלעטלעך.

צום צווייטן מאָל האָב איך שוין גענומען דאָס בוך „אהבת ציון״ פון מאַפּו, אין יידיש. נאָך אַ קורצער צייט איז זיך די ביבליאָטעק צעוואַקסן און אַריבער אין לאָקאַל פון יוסף דאַזערס. דאָרט האָט מען אויך אָפּגעהאַלטן די פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען.

אַחוץ דעם פלעגן אויך פאָרקומען קרייזן און פאָרלעזונגען אין פריוואַטע שטיבער, ביי יוסף לעווענטאַל, וועלכער איז געווען פאַררעכנט פאַר דעם משכיל פון שטעטל — און ביי אַנדערע. דאָרט פלעגט יעדן שבת זיך פאַרזאַמלען אַ קרייז באַלעבאַטישע יינגלעך און מיידלעך, פאַר וועלכע ער האָט פון צייטונגען פאָרגעלייענט די געשעענישן פון דער וואָך. זיין פרוי חיה־איידל פלעגט דערלאַנגען זיסוואַרג און שבת־אויבסט. אַ דאנק די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן האָבן אַ סך יוגנטלעכע זיך דערוווּסט וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן אויף דער וועלט, בפרט אויף דער יידישער גאַס.

## טעאַטער

וועגן שפּילן טעאַטער האָט די יוגנט שוין לאַנג געחלומט. ס'האָט אָבער געפעלט דער מענטש וואָס זאָל מער־ווייניקער פאַרשטיין דעם ענין. דערצו איז געשטאַנען די פראַגע: ווו נעמט מען אַ זאַל?

מיטן צוריקקומען אין שטעטל פון יוסל־שמואל דודס (דער זון פון שמואל־דוד מייזעלס, מלמד און דיין אין פשיטיק), וואָס איז פיל יאָרן געווען אין דער גרויסער וועלט — האָט זיך דער ענין אַ ריר געטאָן. מען האָט געוווּסט אַז יוסל איז אַן אינטעליגענטער בחור, און ווי מען האָט דערציילט, האָט ער שוין געשפּילט ערגעץ טעאַטער. אַזוי האָט אונטער זיין אָנפירערשאַפט, אַ גרופּע יונגעלייט, צוזאַמען מיט וועלוול גאָלדשעווסקי, געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרייז אויפצופירן פאַרשידענע פּיעסן. אַלס ערשטע איז אויסגעקליבן געוואָרן „קעניג ליר״ פון י. גאָרדין. דאָס אויסקלייבן דעם אַנסאַמבל איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, נאָר סוף־כל־סוף האָט מען אים צוזאַמענגעשטעלט. אויך אַ זאַל האָט מען געפונען — דער התונה־זאַל פון קוראַנט, ביי איטשע ספּירטאָס אין הויז.

ענדלעך, נאָך עטלעכע חדשים מי און כסדרדיקע רעפּעטיציעס, איז באַקאַנט געוואָרן אַז מוצאי־שבת וועט מען דאָס ערשטע מאָל שפּילן טעאַטער אין שטעטל, וואָס האָט

אַרויסגערופן שפּאַנונג און נייגעריקייט. נישט אַלע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו קויפן אַ בילעט, האָבן זיך חברה אַרויפגעכאַפּט אויף די פענצטערס און דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס אַריינגעקוקט אינעווייניק.

פּלוצלונג, בעת דער פאַרשטעלונג, האָט זיך דערהערט אַ הילכיק געלעכטער. וואָס האָט פּאַסירט? די ראָל פון חיהן האָט געשפּילט יוסף מאַיערפעלד, פאַרשטעלט פאַר אַ פרוי. בעתן שפּילן האָט זיך ביי אים דאָס קליידל אַראָפּגעלאָזט און ווילנדיק עס אויפהייבן, איז אים דאָס שייטל אַראָפּגעפאַלן פון קאָפּ. דער עולם האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. נאָך מיט דעם האָט זיך עס נישט פאַרענדיקט. אין צווישנצייט איז אין שטעטל אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל:

— ס'טייטשט? די קליפּה פון טעאַטער האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו אונדז אין שטעטל!

— האָט געשריגן אין גאַס שייע דער דאָזער פאַר אַן עולם יידן. — מען טאָר נישט דערלאָזן, נאָר שוין פאַרלעשן דאָס פייער איידער עס פאַרשפּרייט זיך, עוקר מן השורש זיין. לייגן אין חרם די פּושעים. מען דאַרף שבת מעכב זיין די קריאת התורה.

דער עולם אַרום האָט צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און געפרעגט: „וואָס טוט מען? עס וועט דאָך, חלילה, אַראָפּפירן פון וועג אונדזערע קינדער" — האָט איינער צום צווייטן גערעדט. אָבער די צייט האָט געטאָן דאָס איריקע. דער ווילן צו געניסן פון טעאַטער איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אין שטעטל האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן, אַז אין גיכן קומט צו פאָרן די באַרימטע טרופּע מיט מאָריס לאַמפּע אין דער שפּיץ. מען וועט שטעלן די באַקאַנטע פּיעסע „טוביה דער מילכיקער" פון שלום עליכם. פאַרפאָרן וועט מען אין דעם שפּייכלער פון תבואה, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער הויז, אין „זאַכענטע".

דער טאָג פון דער פאַרשטעלונג איז געווען אַ שמחה אין שטעטל. דער עולם איז געקומען זען דעם ווונדער. מערער זענען געווען אין דרויסן, ווי אינעווייניק. — הלמאי באַצאָלן פאַר אַ בילעט — האָבן פיל געטענהעט, הערן קען מען דאָך אין דרויסן אויך און זען די אַרטיסטן וועט מען קאָנען בעת דער פּויזע, פון איין אַקט צום צווייטן, ווען זיי וועלן אַרויס אין דרויסן כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, ווייל קיין סך פּלאַץ הינטער דער בינע איז נישט געווען. אַזוי האָט דער עולם זיך אַמוזירט...

דאָס טעאַטער איז מער און מער אַריינגעדרונגען אין שטעטל. שפּעטער זענען געקומען צו פאָרן טרופּעס, ווי אויך דער היימישער דראַמאַטישער קרייז האָט געשפּילט פון צייט צו צייט. דער זאַל איז שוין געווען אַ בעסערער, אין דער שאָפּע פון די פייערלעשער, וואָס האָט אַריינגענומען אַ באַדייטנדיקע צאָל מענטשן. די בינע איז שוין געווען ווי געהעריק איינגעאָרדנט און געגעבן דעם טעאַטער אַ מער בכבודיקן אויסזען.

## אַ חתונה אין שטעטל

אין מיטן מאַרק שטייט אַ נידעריקע געביידע מיט אַ גרויסן טויער, וואָס פירט אינעם הויף, ווו עס געפינט זיך דאָס הויז פון ר׳ יעקל דעם גביר, דער פעל־סוחר אין שטעטל.

ר׳ יעקל איז פון מיטלען וווקס, מיט אַ קליין בערדל, עטוואָס ברייטפלייציק. ער איז פאַרנומען מיט מסחר טאָג און נאַכט... איר טרעפט אים אַמאָל שפּאַצירן איבערן הויף, וועלכער ציט זיך אַראָפּ צום טייך.

שוין עטלעכע טעג ווי מען פאַרעט זיך אין ר׳ יעקלס הויז און הויף, מ׳גייט אַריין און אַרויס... מען גרייט זיך צו דער חתונה פונעם גבירס איינציקע טאָכטער מיט דעם מורה־הוראהס אַ זון, וואָס דאַרף פאַרקומען די צווייטע וואָך, דינסטיק.

די כלה זעט מען שוין גאַנץ ווייניק אַרויסקומען אין גאַס. דערפאַר קומען צו איר די חברטעס. זיי פאַרפירן מיט איר שמועסן וועגן דעם וואָס אַ כלה דאַרף וויסן, וואָס זי באַדאַרף אַלץ האָבן. זי ווייזט זיי דעם אויסשטייער. זיי ווינטשן איר אַלדאָס גוטס, מען רעדט זיך אַ ביסל אָן — און ביסלעכווייז גייט מען זיך פונאַנדער.

אַלע וואַרטן אויף דעם דינסטיקדיקן טאָג, מען וויל שוין דערלעבן צו זען די שמחה, דערצו נאָך אַזאַ חתונה!

מיטן ערשטן זון־שטראַל וועלכער גנבעט זיך אַריין דורך דער שפּאַרע פון לאָדן, האָבן זיך אויך אויפגעכאַפּט די מענטשן אין ר׳ יעקעלעס הויז. הייַנט דאַרף זיין די חתונה. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון פלייש און פיש.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט שוין אויפגעוואַכט. די זון איז הויך אויפן הימל. אַ יום־טובדיקע שטימונג הערשט איבעראַל, אַ פריילעכער שמייכל איז אויסגעגאָסן אויף אַלע פּנימער. קליין און גרויס געפינען זיך אויף דער גאַס. מען שושקעט זיך איינער מיטן צווייטן וועגן דער חתונה, וואָס מען האָט אַלץ צוגעגרייט...

ביים מחותן אין שטוב זענען אַלע פאַרפאַרעט. פרויען מיט אונטערגעבונדענע פאַרטעכער דרייען זיך אַהין און צוריק, מענדל דער סאַרוועער מיט האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן לויפט אַרום מיט אַ טאַץ אין דער האַנט און כאַפּט בגניבה אַראָפּ אַ שטיקל פיש. ער פאַרהוסט זיך דערביי, כדי מען זאָל נישט באַמערקן.

די מחותנסטע לויפט אַריין און אַרויס, טראָגנדיק עפּעס אונטערן פאַרטעך. ווייבער שכנטעס קומען כלומרשט עפּעס באָרגן, כדי זען וואָס מען גרייט צו דער חתונה.

דער מחותן זיצט אין שטוב. ער שטעלט אויס דעם בראָנפן אויפן טיש, באַטראַכט צי ס׳וועט נישט זיין צו ווייניק פאַר דעם גרויסן עולם וואָס דאַרף קומען פון חתנס צד. ער קוקט כסדר אויפן זייגער. „אָווא, מען זעט זיי נאָך נישט"... — טראַכט ער זיך.

פלוצלונג דערהערט זיך אַ געקלאַפּעריי פון פערד. מיט אויסערגעווייגלעכער

שנעלקייט האָבן גאַלאָפּירט איבערן מאַרק אַ פּאָר פערד ווי לייבן, געשפּאַנט אין אַ וואָגן. גלייך פאַרן מחותנס הויז האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט קולות: די כלי־זמרים זענען שוין דאָ! די כלי־זמרים זענען געקומען! פון קליין ביז גרויס זענען אַרויס אין גאַס. ווייסע חברהניקעס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום די פיר מוזיקאַנטן. צווישן זיי — בערל דער בלינדער מיט זיין באַס. חברה פאַרגנבעט זיך און גיט אַ צימבל. עס דערהערט זיך זיין געברום: — אַוועק שקצים! דער באַלעגאָלע קנאַקט מיט דער בייטש און טרייבט אַוועק דאָס קליינוואַרג, וואָס כאַפּט זיך אַרויף אויפן וואָגן. אויך ער גייט אַריין אין שטוב, ווו דער מחותן טיילט די כלי־זמרים לעקעך מיט בראָנפן.

דער מאַרק איז פול מיט מענטשן וואָס זענען געקומען אָפּוואַרטן דעם חתן. עס דערהערט זיך אַ גאַלאָפּ. — דער חתן פאָרט! באַלד זעט מען אַרויסלויפן דעם מחותן מיט אַ געשריי: — די פורן, ווו זענען די פורן? פון אַלע זייטן הערן זיך קולות: — דער חתן פאָרט! דער חתן פאָרט! עס שטייען שוין גרייט עטלעכע פורן. עס באַווייזן זיך פון אַלע געסלעך בחורים מיט געקרייזלטע פּאהלעך, מיט אויסגעפּוצטע קאַפּאָטקעלעך און זיי לויפן פאַרסאָפּעט צו די פורן. איינעם שפּרונגט דער קאָלנער פונעם העמד קאַפּויער, אַ צווייטן — דאָס היטל אין אַ זייט.

זיי כאַפּן זיך אַרויף אויף די פורן, פאַרנעמען די פּאָלעס, נאָר די ציצית נעמען פלאַטערן אין דער לופטן. דער באַלעגאָלע גיט אַ קנאַק מיט דער בייטש, די רעדער קלאַפּן ווידער איבערן מאַרק.

אויף דער בריק באַווייזט זיך אַ וועגעלע. באַלד ווערט אַ טומל: דער חתן פאָרט! אַלע שטעלן זיך אָפּ, פרויען כאַפּן זייערע קינדער און לויפן אַרויס פאַר דער טיר. דער מחותן רופט די כלי־זמרים, וועלכע קומען אַרויס, איינער מיט אַ בולקע אין מויל, דער צווייטער מיט אַ שטיק פלייש אין האַנט און לאָזן זיך לויפן צו דער בריק.

אַ געשריי, אַ טומל. עס לויפט די טויבע רבקה און שרייט: — עס ברענט? ווו ברענט? מען טרינקט זיך?... ביסלעכווייז הייבן זיך די קולות, אַז עס ברענט, מען טאָפּיעט זיך. ס'ווערט אָבער באַלד קלאָר, אַז מען האָט אַ טעות, עס ברענט נישט, מען טרינקט זיך נישט. אויך דער חתן פאָרט נישט, נאָר סתם אַ פורל קומט אָן פון ראַדאָמער שאָסיי. אַלע שיסן אויס אין אַ געלעכטער. די כלי־זמרים האָבן דערווייל אויפגעגעסן וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין די הענט, די מיידלעך זענען אַריינגעגאַנגען צוקעמען די צעפּלאָשעטע האָר. דאָס שטעטל הערט אָבער נישט אויף טומלען: דער חתן פאָרט! דער חתן פאָרט...

קונדסים לויפן פונעם באָדן זיך אין טייך, אויך זיי זאָגן אַז דער חתן פאָרט און גיבן דערביי ווויליונגעריש אַ פייף.

פלוצלונג: קראַך! עס גאַלאָפּירט אַ דראָזשקע איבערן בריק, אַז עס ציטערן אַזש

די שטיינער, עס קנאַקט די בייטש. עס דערהערט זיך דאָס סקריפּעריי פון די פידלען און דער קול פון טרומייט פאַרהילכט די גאַס. די קאַזוס האָבן זיך פאַר שרעק אָפּגעטראָגן אויף דער שול־לאָנקע און אויסגעדרייט זייערע ציגן־קעפּ מיט די בערד, כדי צו זען וואָס דאָ קומט פאָר...

די ווייבער שטייען אויף די שוועלן, כדי בעסער צו זען. איינע ווייזט מיט די פינגער: — אָט איז ער! עס הערט זיך אַ געשריי פון מחותן: אין אַ מזלדיקער שעה! דער חתן איז שוין דאָ. עס באַווייזן זיך די פורן מיט די בחורים, באַגלייט מיט געזאַנג און געשרייען.

פון דעם הויכשטאָקיקן גמינע הויז, דאָס שענסטע אין שטעטל, ווו ס׳געפינט זיך אויך די פּאָליציי, זענען אַרויסגעלאָפן דער שרייבער, די שרייבערין, אַלע פּאָליציאַנטן און דער געהילף — מיט אַ פעדער הינטערן אויער. זיי האָבן געזען ווי צוויי יונגע בחורימלעך האָבן גענומען דעם חתן אונטער דער האַנט — אַן אויסגעוויקט פּנימל, אַ קליין בערדל און אַ זיידענע פּאַטשיילע אויפן האַלדז און אים אַריינגעפירט אויף אַ סטאַנציע. דאָ הייסט עס, זאָל ער איינשטיין. חברה פּאָליציאַנטן האָבן זיך געקאָטשעט פון געלעכטער...

פאַר דעם מחותנס הויז זענען פאַרפאָרן די פורן מיט די ווייבער — בראש מיטן חתנס מוטער, אָנגעטאָן אין אַ האַר־באַנד מיט אַ פּאָר לאַנגע אוירינגלעך, אין אַ שוואַרץ זיידן קלייד און סאַמעטל אויפן האַלדז. זי האָט געשמייכלט צו די אַנדערע ווייבער און גע־טייטלט מיטן פינגער אויף די צונויפגעלאָפענע קינדער.

אויפן גאַס שטייט דער חקרן יאָסעלע, דער איינציקער צייטונגס־לייענער אין שטעטל, דער אַלץ־ווייסער אין דער וועלט־פּאָליטיק, אָנגעטאָן אין אַ פּאָר בינאָקלען. אַרום שטייט אַ רעדל מיט מענטשן און הערן זיך צו ווי ער רעדט און מאַכט מיט די הענט, אונטער־הייבנדיק בשעת מעשה די אַקסלען. ער זאָגט, אַז היינטיקע צייטן איז דאָס אַ ביסל צו פיל, אַמאָל איז געווען עפּעס אַנדערש, אין יענע צייטן איז עס געווען אַ גרויסע זאַך, היינט מוז מען זיך אַ ביסעלע... און פאַרענדיקט נישט, ווי איינער זאָגט: „איר דאַרפט שוין אַליין פאַרשטיין״...

דער עולם גיט זיך אַ כאַפּ אַז עס ווערט שוין פינצטער און לאָזט זיך לויפן גלייך צו דער שול, דאַווענען מנחה.

אַ שטילער זומער־אָוונט. אַ קיל פאַרנאַכט־ווינטל. עס ווערט אַלץ פינצטערער. מיידלעך, אָנגעטאָן אין ווייסן איילן זיך צו דער חתונה וואָס קומט פאָר ביי דודטשען אין זאַל. געשרייען פון קינדער אַרום די פענצטער און טירן — זיי האָבן געוואָלט זיך אַריינרייסן אינעווייניק. נאָר פאַר קיין פאַל האָט ביינישל דער טרעגער נישט אַריינגעלאָזן, געטריבן מיטן שטעקן און געבייזערט זיך אויף די יונגען, וועלכע זענען נישט אָפּגעטראָטן.

אויף דער גאַס ווערט פאַרט שטילער. עלטערע מענטשן באַהאַלטן זיך אין זייערע הייזלעך. מיידלעך מיט בחורים שטייען אויף דער גאַס, טייל פון זיי וואַרטן אין שטוב, ביז דער חופה.

דאָרט, אויף דער חתונה, זיצט נעבן חתן דער אַלטער ר׳ אברהם און רויכערט אַ פּאַפּיראָס. בחורים ווערטלען זיך ביים טיש. דער יונגערמאַן בעריש זיצט נאָענט פון חתן, נעבן אים — אַנדערע בחורים וואָס בייגן צו די קעפּ, כדי צו הערן די נייעס. בעריש שוויצט און מאַכט מיט די הענט, אַרויסווייזנדיק זיין בקיאות אין וועלט־פּאָליטיק.

נאָר דאָ האָבן זיך אַלע אַ כאַפּ געטון, ווי מען וואָלט זיי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. ס׳האָט זיך דערהערט דאָס הייזעריקע קול פון בדחן. די כלי־זמרים זענען אַריין. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען איז געקומען באַזינגען דעם חתן.

מאָטל־חיים דער כלי־זמר אַרבעט אויף זיין פידל. אַמאָל הערט זיך אַ פריילעכער טאָן, אַמאָל רייסט זיך אַרויס אַ דין קולכל, וואָס שרייט און וויינט ווי איינער וואָס בעט זיך רחמים. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צו די חברה און זיי פאַרשטייען שוין וואָס ער מיינט. אַפילו בערל דער בלינדער אויך.

די קאַפּעליע הויבט אָן שפּילן אַ מאַרש, גייט אַרויס פון די כלים — ביז מען ענדיקט דעם מאַרש.

דאַן גיט דער בדחן אַ געשריי: אין אַ מזלדיקער שעה! די ווייבער הייבן אָן זיך שטופּן צום דעם אָרט ווו די כלה זיצט אָן אָנגעטועני אינעם ווייסן חופּה־קלייד, מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ באַפעל: מאַכטס אַ וואָרע, דער חתן גייט!

דער חתן־בחור, אַ בלאַסער און מידער פונעם פאַסטן אַ גאַנצן טאָג, באַוועגט זיך מיט פּאַמעלעכע טריט, אויך צוליבן געדראַנג. ער גייט צו צו דער כלה און מיט ציטעריקע הענט באַדעקט ער מיטן שלייער איר קאָפּ. דער בדחן נעמט באַזינגען די כלה מיט רירנדיקע גראַמען וועגן דעם שיקזאַל וואָס דערוואַרט דעם יונגן פּאָרל. די ווייבער ווישן זיך די טרערן, קרעכצן און שנאָרצן און הערן דערביי נישט אויף צו טראַכטן און ווינטשן זיך: „ווי דערלעבט מען שוין ביי די אייגענע קינדער?״.

צומערשט דעם חתן, דערנאָך די כלה, פירט מען ענדלעך צו דער חופּה. חברה קליינוואַרג לויפט פאָרויס, פאַר די קלעזמאָרים. די פרויען און מענער, מיט ליכטלעך אין די הענט, זענען אויסגעשטעלט אין שפּאַלערס לענגאויס דעם וועג — ביזן שול־הויף, ווו דער רב פירט אַדורך די גאַנצע צערעמאָניע.

דערנאָך — די סעודה, ביי טישן געדעקט מיט כל־טוב. דער עולם האַלט זיך אונטער נישט נאָר מיט די גוטע מאכלים, נאָר אויך מיט דעם שפּילן פון דער קאַפּעליע און מיטן בדחנס גראַמען אין וועלכע ער רופט אויך אויס דאָס דרשה־געשאַנק. שפּעטער — דאָס

מצוה־טענצל, געלעכטער, פרייד, ווינטשעוואַניעס — צו זען זיך אויף ווייטערדיקע שמחות...

## איך פאָר קיין ארץ-ישראל

אין אַ שיינעם טאָג בין איך צו צו מיין פאָטער ע״ה און אים אַ זאָג געטאָן, אַז איך וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. — וואָס הייסט — האָט ער געפרעגט. — ווו וועסטו מיך איבערלאָזן, מיין איינציקער זון, מיין קרוין אין קאָפּ. וואָס טוט זיך מיט דיר, מיין קינד?

— טאַטע, — האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן. — איך טראָג זיך אַרום מיט דעם געדאַנק שוין אַ לענגערע צייט, נאָר נישט געוואָלט אים ברענגען פאָרן מויל. נאָר אַזוי ווי כ׳האָב זיך דערוווּסט אַז פון ראַדאָם גרייט זיך אַ גרופּע חלוצים צו פאָרן נאָך ארץ־ישראל, האָב איך בדעה ביי דער געלעגנהייט אויך מיטצופאָרן.

ביי מיין פאָטער האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן: — אויב דאָס איז דיין פאַרלאַנג, אפשר איז דאָס אויך דער רצון פון אויבערשטן. נאָר אָן דעם רבינס צושטימונג וועל איך גאָרנישט טאָן.

אַזוי זענען מיר אַריינגעפאָרן קיין ראַדאָם, צום רבין ר׳ שלמהלע. מיין פאָטער האָט דערלאַנגט דאָס קוויטל מיט דעם פּדיון און מיט ציטער געוואַרט וואָס דער רבי וועט זאָגן. נאָר דאָ האָט פּאַסירט עפּעס, וואָס האָט זיך שפּעטער איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף אַ לענגערער צייט.

ווען דער רבי האָט אַ נעם געטאָן דאָס קוויטל אין האַנט און פאַרטיפט זיך אויף אַ ווײַלע, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — יאָ, חיים־דוד בן רבקה, די ראשי תיבות זענען „חדר״. מען וועט דיך נעמען אין חדר אריין (אויף פאָלקס־לשון האָט עס געמיינט — אין תפיסה אַריין). דערלאַנגענדיק די האַנט מיין פאָטער און מיר, האָט ער געזאָגט: — פאָר לחיים ולשלום.

מיין פאָטער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם רבינס ווערטער: וואָס איז ער אויסן? שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט מיך טאַקע גענומען אין „חדר״ — אַזש צוויי מאָל.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אויסגעבראָכן די קריג צווישן פּוילן און רוסלאַנד. די יידן אין פּוילן האָבן פאַר דער צייט דורכגעמאַכט פיל שרעק און דאָס האָט געווירקט, אַז מיין פאָטער זאָל זיך אַנדערש באַציִען צו מיין ווילן צו פאַרלאָזן פּוילן. ענדלעך איז געקומען דער טאָג.

מיט טרערן אין די אויגן און פרייד אין האַרצן האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין שוועסטער. שווער איבערצוגעבן די מינוטן פון צעשיידונג. מיין פאָטער און איך האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגן און געפאָרן קיין ראַדאָם. פון דאָרט — מיטן באַן קיין

סאָסנאָוויץ, ווו מיר זענען פאַרבליבן עטלעכע טעג און געוואַרט אויף די צוגרייטונגען פונעם גרענעץ-שמוגלער.

די באַשטימטע נאַכט צו שוואַרצן די גרענעץ איז געווען אַ טונקעלע. מען האָט מיך צוזאַמען מיט פיל אַנדערע געבראַכט אויף אַ פעלד, באַוואַקסן מיט הויכע גראָזן און געהייסן זיך אויסלייגן, נישט ריידן קיין וואָרט, נישט באַוועגן זיך, ביז מען וועט אונדז ווייטער פירן. פון דער ווייטנס האָט אַ ליכט דורכגעריסן די פינצטערניש. דאָרט, פון יענער זייט שטעטל מיסלאָוויץ, האַבן מיר דורך קאַטאָוויץ געדאַרפט איבערגיין די גרענעץ און ערשט דאַן זיין פריי צו פאָרן ווו מיר ווילן.

ווען מיר האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט האַלב וועג, האָט זיך פלוצלונג דערהערט אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן בלייבן שטיין. פאָליציי און מיליטער האָבן אונדז אַרומגערינגלט און צוריק געפירט קיין סאָסנאָוויץ, ווו מיר זענען פאַרשפאַרט געוואָרן אין תפיסה. די ווערטער פון רבין, אַז מען וועט מיך „נעמען אין חדר אַריין”, האָבן דאַן געקלונגען אין מיינע אויערן. איך האָב זיך מער געשראָקן פאַר מיין פאָטער — די יסורים וואָס ער וועט האָבן, ווען ער וועט זיך דערוויסן וועגן אַרעסט.

נאָך עטלעכע טעג זיצן אין תפיסה, האָט מיין פאָטער, מיט גרויס מי און געלט, מיט דער הילף פון אַ באַוווסטן אַדוואָקאַט, באַפרייט מיך פון תפיסה.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטע פרשה פון שוואַרצן די גרענעץ. דאָס מאָל איז געלונגען, איך בין אַריבער קיין קאַטאָוויץ. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט פיל ראַדאָמער יונגעלייט, וועלכע זענען שוין פון פריער געווען דאָרט און געוואַרט אויפן אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל. אַ קאָמיסיע האָט קאָאָרדאַנירט די אַרבעט מיט דער אָרטיקער קהילה און באַזאָרגט די אַוועקפאָרנדיקע מיט שפייז אויפן וועג, ווי אויך געהאַלטן אָרדענונג אין לאַגער פאַר די עטלעכע הונדערט מאַן.

דעם 17טן אויגוסט 1920, איז דער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן פון שלעזישע שוץ-לייט און פאָליציי אין גרינע מונדירן. מען האָט באַפוילן אַלעמען אַריינגיין אין לאַסט־אויטאָס און מ׳האָט אונדז אַוועקגעפירט צום וואַקזאַל. נאָכן סאָרטירן די פאַרהאַלטענע, האָט מען אונדז אין לאַסט־וואַגאָנען אַריבערגעפירט אויף דער פוילישער זייט און נאָך עטלעכע טעג פאָרן אַהין און צוריק — אַריינגעזעצט אין אַ פעסטונג־לאַגער פון מאָנטע־לופע, לעבן קראָקע.

דאָס איז שוין געווען מיין צווייטער „נעמען אין חדר אַריין”. איך האָב זייער שטאַרק געוואָלט זען מיין פאָטער, אָדער הערן וועגן אים. ליידער, מ׳האָט גאָרנישט געקענט באַקומען פון דרויסן. מען האָט אונדז זייער שטרענג באַהאַנדלט, ווייל די פוילישע מאַכט האָט געוווסט, אַז צווישן די פאַרהאַלטענע זענען געווען אויך אַנטלאָפענע פון מיליטער.

צוליב דעם האָט מען יעדן געפּאַרשט. נאָר אַזוי ווי איך בין נאָך דעמאָלט געווען יונג, נישט אין מיליטער־עלטער, האָט מען מיך אין אַ באַזונדערן באַראַק אַריבערגעפירט, צוזאַמען מיט עלטערע מענטשן. נאָך צען וואָכן איז מיין פאָטער געלונגען מיך פון דאָרט אַרויסצונעמען און איך בין צוריק געפאָרן אַהיים, אין אונדזער שטעטעלע, ווו כ׳האָב זיך נאָך מער אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. פאַר דער צייט האָט זיך אין פּשיטיק פיל געענדערט. אַ סך פון מיינע חברים זענען זיך צעפאָרן אין גרעסערע שטעט. דאָך זענען די צוזאַמענקונפטן פון דער יוגנט געווען אָפטערע און אינטערעסאַנטערע. די יוגנט האָט זיך געריסן אין דער גרויסער וועלט — ווער לערנען אין די ישיבות, ווער אַרבעטן אין פאַבריקן. די דיסקוסיעס צווישן די מיטגלידער פון די פּאַרטייען האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן.

דעם 22סטן פעברואַר 1922, בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דעלעגאַט צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון קרן קימת, וואָס איז פאָרגעקומען אין קעלץ, ווי אויך שפּעטער צו דער ראַיאָן־קאָנפערענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָם, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 12טן מאַי 1922. דאָס האָט מיר געגעבן מער אינספּיראַציע צו פאָרן קיין ארץ־ישראל.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון מיין צווייטער רייזע. געווען איז עס דעם 22סטן יולי 1924 (כ׳ תמוז), אין דער 20סטער יאָרצייט נאָך דעם גרויסן ציוניסטישן מנהיג ד״ר בנימין זאב הרצל. אין דעם טאָג האָב איך געזאָלט אָנטיילנעמען אין די קרן־קימת זאַמלונגען, נאָר אַזוי ווי איך האָב באַקומען אַ ידיעה, אַז אַ גרופּע בחורים פאָרן אומלעגאַל דעם טאָג, זאָל איך זיך מיט זיי פאַרבונדן. איך האָב געמוזט אַלץ איבערלאָזן אין דער לעצטער מינוט און אַפילו קיינעם פון מיינע נאָענטע חברים נישט געגעבן צו וויסן דערפון. מיטן ערשטן זונען־שטראַל דורך דעם שפּאַלט פון לאָדן, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און בין אַרויס אין גאַס מיט גרויס איילעניש, נישט פאַרשפּעטיקן חלילה. מען האָט נישט געזען קיין מענטשן אויף דער גאַס, אויסער דאָס וועגעלע מיטן פויער, וועלכער האָט שוין געוואַרט אויף מיר, כדי מיך צו פירן צום באַן קיין ראַדאָם, און פון דאָרט — קיין וואַרשע.

איך בין אַריין אין שטוב, אַ נעם געטאָן די קליינע וואַליזקע און מיט טרערן אין די אויגן זיך צעקושט מיט מיין שוועסטער (מיין פאָטער האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט) און אין געאייל אַרויף אויפן וועגעלע.

דאָס וועגעלע פאָרט זיך געמיטלעך און איך בין פאַרזונקען אין מיינע מחשבות. מיין בליק איז געווענדעט צו דעם נייעם לאַנד, דעם טרוים פון אַלע מיינע יאָרן.

אָט זענען מיר שוין אין ראַדאָם. נאָך דעם זעלבן אָוונט בין איך אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין פרוי און אירע עלטערן, וועלכע האָבן מיך באַגלייט צום באַן.

נאָכן אָפּזיין עטלעכע טעג אין וואַרשע, בין איך צוזאַמען מיט וועלוול וואַסערמאַן פון ראַדאָם געפאָרן קיין דאַנציק. מיר האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט און דעם גאַנצן וועג זיך געהאַלטן צוזאַמען. אין דאַנציג זענען מיר מיט נאָך אַ גרופּע פון 12 מאַן אָפּגעפאָרן קיין טריעסט (איטאַליע).

דעם 4טן אויגוסט 1924 זענען מיר אָנגעקומען קיין טריעסט. אונדזער שיף איז מיט עטלעכע שעה צוריק געהאַט אָפּגעשוווּמען. דעריבער האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן נאָך אַ וואָך אויף אַ צווייטער שיף.

פרייטיק דעם 15טן אויגוסט, 1924, נאָך אונדזער אומגעדולדיק וואַרטן, זענען מיר אויפגעשטיגן אויף דער שיף. גרויס איז געווען דער געדראַנג, ווייל יעדער האָט געוואָלט וואָס פריער זיין אינעווייניק. פאַרנאַכט איז די שיף אָפּגעשווּמען פון ברעג. עס האָט זיך דערהערט די „התקווה", געזונגען פון אַ גרופּע חלוצים מיט גרויס התלהבות.

די טעג זענען געווען שיינע, דער ים רויק. מיר דערנענטערן זיך צו די ברעגן פון ארץ־ישראל. אַ גרויסער טייל פון די פּאַסאַזשירן האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם דעק פון שיף, ווייל יעדער איז געווען נייגעריק עפּעס צו זען, ספּעציעל די גרופּע חלוצים, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט צו זינגען. מען זעט שוין דעם שפּיץ פונעם ליכט־טורעם ביי יפו. פון דאָרט קומט אָן אַ קליין שיפל מיט עטלעכע מענטשן — דאָס איז די רע־גירונגס־קאָנטראָל.

צוליב אומפאַרשטענדלעכע סיבות האָט מען אונדז נישט אַראָפּגעלאָזט אין יפו, נאָר אַוועקגעפירט קיין חיפה. דעם זעלבן אָוונט דאָנערשטיק דעם 21סטן אויגוסט 1924, זענען מיר אָנגעקומען צום חיפה־ברעג. שפּעט אין דער נאַכט האָט מען אונדז אויף קליינע שיפלעך אַוועקגעפירט אין קאַראַנטין, נעבן דער „שמן"־פאַבריק און נאָך צוויי טעג — באַפרייט. איך און וואַסערמאַן זענען גלייך געפאָרן קיין תל־אביב, ווייל מיר האָבן געהאַט אייניקע אַדרעסן פון ראַדאָמער באַקאַנטע.

תל אביב האָט זיך געהאַלטן אין בויען און אויסשפּרייטן. די עטלעכע גאַסן מיט צוויי־שטאָקיקע הייזער און גערטנדלעך אַרום האָבן אויף אונדז געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קליין שטעטל. די הערצל־גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דעם טויער, ווו די באַן פלעגט דורכגיין פון יפו ביז דער גימנאַזיע, האָט באַשיינט די געגנט. דאָ איז געווען דאָס שפּאַציר־אָרט און צוזאַמענקונפטן יעדן פרייטיק אין אָוונט.

דעם ערשטן מאָלצייט האָבן מיר געגעסן ביי חנה מייזלס, אין אַ קליין הייזל, אויף נחלת בנימין. עס זענען דאָרט געשטאַנען לאַנגע טישן, קוישלעך מיט ברויט און אַן ערדענע קרוג מיט קאַלט וואַסער. פאַר צוויי פּיאַסטער האָט מען געקויפט צעטלעך און

געקאָנט עסן וואָס איינער האָט געוואָלט. אַ סך האָבן געהאַט געניג אַ הייסן טעלער באָרשט פאַר אַ האַלבן פּיאַסטער. ברויט איז געווען אומבאַגרענעצט.

דעם ערשטן שבת האָבן מיר פאַרבראַכט ביי אַביגדור באַקמאַן ע״ה פון ראַדאָם. ער האָט אונדז דערפירט צום פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך געפונען צריפים פון זיינע באַקאַנטע. דאָס איז געווען אויף אַ בערגל זאַמד, היינט זענען דאָרט די גאַסן מאז״ה און באַלפור. דאָס וואָיען פון די שאַקאַלן ביינאַכט האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די איינוווינער פון דער געגנט. מיר זענען אַריין צו שמואל ניידיק אין צריף וועלכער איז געווען דער שענסטער און רחבותדיקער, דאָס אָרט ווו יעדער נייגעקומענער פון ראַדאָם און אומגעגנט האָבן זיך געטראָפן. דאָרט האָט זיך יעדער געפילט היימיש און איז זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון דער פרוי ניידיק ע״ה. מיר האָבן יענעם אָוונט געטרונקען ארץ־ישראל וויין און הנאה געהאַט פון די ארץ־ישראל פרוכטן. ווי לאַנג די נאַכט האָט זיך געצויגן — געדענק איך נישט, ווייל אויפן צווייטן טאָג האָט מיר חבר וואַסערמאַן דערציילט, אַז ער האָט מיך אַ שיכורן געפירט אַהיים, מיט אַ דראָזשקע.

מיט דער געשעעניש האָט זיך אָנגעהויבן מיין פאַרוואָרצלען זיך אין לאַנד...



מצבה על בית־הקברות בפשיטיק — 1930.
מצבה אויפן פשיטיקער בית־עולם — 1930.

# העיירה בוערת!

### 30 שנה לפרעות ולהגנת פשיטיק

דוד שטוקפיש / רמת־גן

העם הפך את השיר „ס'ברענט" — קריאת האזעקה על העיירה היהודית הבוערת — של המשורר והזמר העממי מ. גבירטיק, אשר נרצח בידי הנאצים בגטו קראקוב, למין הימנון של ימי השואה. אך האמת היא, שאותו שיר קשור ב„שריפה" בפשיטיק והמהווה מעין נבואה לתבערה הגדולה שבעתיים, לחורבן הגדול אשר כילה שליש מעמנו.

כבר בשנות השלושים בערה הקרקע מתחת לרגליהם של יהודי פולין. האש אשר ה„אנדקים" האנטישמיים והפורעים מאירגון הסטודנטים „נארא" ליבוה והוסיפו לה מדיניות ה„אדרבא" של שר־הפנים סקלאדקובסקי („פוגרומים — לא, אך אפליה נגד היהודים — אדרבא ואדרבא"), וכן התעמולה ל„שחיטה הומאנית" — „חוממה" מחדש בידי שכנתה הגדולה של פולין במערב, גרמניה הנאצית. והנה ביקשו להושיב את הסטודנטים היהודים בבתי־הספר הגבוהים על ספסלים „יהודיים" מיוחדים ולגרש את בעלי־המלאכה והרוכל היהודי העני מירידים ושווקים.

על קרקע זו, שהוכשרה היטב, פרצו לפני שלושים שנה הפרעות בפשיטיק. אולם היה גם צד שני לאותו מטבע — הגנה יהודית, התנגדות יהודית מאורגנת. בהכרה, באומץ־לב ועקיבות. אותה מרידה נגד הבריונים היתה כה נמרצת ויעילה, עד שהגרמנים בוועידת ואנזה הנודעת־לשמצה, אשר בה הוחלט על „הפתרון הסופי", הפכו הרים כדי להתחקות על סיבות ההתנגדות היהודית בפשיטיק ועל הכוחות שעמדו מאחוריה.

400 משפחות היו באותה עיירה בנפת ראדום שבמחוז קילץ, מהם 90 אחוזים יהודים. ודווקא ישוב כזה ביקשו האנטישמים „לטהר מיהודים". בשנים 1935—1934 התנהלה באותה סביבה הסתה אנטישמית פרועה. הדבר התחיל בכרוזים ומאמרי עתונים, שקראו לאוכלוסייה לקנות אך־ורק אצל פולנים, ונמשך בהצבת משמרות ליד חנויות ודוכנים יהודיים ובהתפרעויות בריוניות בישובים הסמוכים אודז'יוויל וקוויף, עד שהגיע תורו של הפוגרום הגדול בפשיטיק גופא.

### אינם סומכים על „עזרת" השלטונות

הדבר אירע ב־9 במרס 1936, בשושן־פורים. תחילה התפרעו איכרים מוסתים ואספסוף שכור בפרוורים פודגאייק ופיאסקי. חמושים במקלות, כלונסאות, מורגים ואבנים (בחלקם גם ברובים) חדרו הללו לבתי היהודים, פיצחו ראשים, שברו רהיטים ושמשות, הנחיתו מהלומות, זרעו הרס וחורבן. הם לא חסו על ישישים וילדים; הרצחנות הרחיקה־

לכת עד כדי כך, שעינו עד מוות את הסנדלר יוסף מינקובסקי ואת רעייתו חיה. ולאחר מכן גררו מתחת למיטה את הילדים הנבהלים עד מוות והרביצו בהם מכות רצח.

נדמה היה, שעם מותו של מינקובסקי שככה מעט חמת היצרים החייתיים של הפורעים. מעשי הרצח נפסקו. אולם במרכז העיר, בשוק עצמו — גילו היהודים התנגדות עזה. הצעיר החרדי שלום לסקו, בן ה־20, אפילו ירה מאקדח. אחד האיכרים צנח מת. בחורי פשיטיק הוכשרו מבחינה נפשית ומעשית להתנגדות והמון האיכרים נמלט על נפשו מפני היהודים האמיצים. אחינו בני ישראל בפשיטיק לא סמכו על המשטרה ובוודאי לא על מושל הנפה, אשר לפני המאורעות השיב באירוניה ובציניות לכל משלחת יהודית אשר פנתה אליו: „לפי שעה אין עוד הרוגים"...

יצחק פרידמן, אחד המארגנים החשובים ביותר של ההגנה העצמית בפשיטיק (כיום הוא בישראל), יודע לספר, שנציגי המפלגה הסוציאליסטית הפולנית (פ. פ. ס.) ושל מפלגת



ההלווייה של חיה מינקובסקי בראַדום, 1936 ● די לוויה פון חיה מינקאָווסקי אין ראַדאָם, 1936

האיכרים וכן קומוניסטים ופולנים ליבראליים שיתפו פעולה עם היהודים והיו נכונים לסייע במלחמה נגד הבריונים.

רוח ההתנגדות היתה כה מושרשת בפשיטיק היהודית, שאפילו הנאשם בן ה-68 לייזר פלדברג הצהיר לפני שופטו באומץ: „אפילו אתה, אדוני השופט, היית פוגע בי לרעה — הייתי מתגונן".

פרשת פשיטיק עוררה הד נרחב בפולין ובעולם כולו. יהודי פולין אף ערכו שביתת־מחאה של יום אחד. ה„ג'וינט" גייס עזרה לנפגעים; הסוכנות היהודית העניקה סרטיפי־קאטים ליתומי משפחת מינקובסקי למען יעלו לארץ־ישראל.

### יחס שווה לפורעים ולקרבנות

שלוש ערכאות עסקו בפרעות פשיטיק: בית־המשפט המחוזי של ראדום, בית־הדין לערעורים בלובלין ובית־המשפט העליון בווארשה. בערכאה הראשונה ישבו על ספסל הנאשמים 44 פולנים ו־14 יהודים; 320 פולנים ו־80 יהודים נקראו להעיד, והוצאו גזרי־דין חמורים, שלא הבחינו בין המתנפלים והקרבנות. דבר זה מסתבר מדברי הכלכלן והסוציולוג הידוע יעקב לשצ'ינסקי על הרכבת כתב האישום:

היהודים הם הראשונים להאשמה... וכך הוא פותח: „היהודים יעקב־אברהם חבארברג, לייזר פלדברג, יענקל זיידה... נאשמים בכך, כי שעה שאירעה ההתנגשות בין המשטרה והאיכרים, התנפלו הם על האיכרים אשר נחפזו לשוב לבתיהם. היכו אותם במקלות ובכלים אחרים, יידו בהם אבנים ובאופן זה פצעו את (כאן באים שמות האיכרים), אשר כתוצאה מכך נראו בגופם סימני חבלה וחבורות"...

בבית־המשפט התמודדו עורכי־דין „זוללי יהודים" — ביניהם גם נכדו של ההיסטוריון המשומד הידוע קרויזהאר — עם סניגורי היהודים ברנסון, אטינגר, מרגליות, קריגר ובראשם פולנים אצילי־נפש הדיקאן פרופ' פטרוסביץ' ושימאנסקי.

עוד טרם גזרו השופטים שנים רבות של מאסר, הוציאה העתונות האנטישמית בשמחה־לאיד גלויה את פסק־דינה על היישוב היהודי בפולין ועל פשיטיק היהודית. ב־25 במרס 1936 כתב „דז'נניק נארודובי": „אפשר לחיות בלי יהודים"; ועתון אנטישמי אחר צהל: „יש להניח כי במקומה של פשיטיק היהודית תקום פשיטיק פולנית־טהורה"...

### תמרור ומורה-דרך

נבואות־השטנים של האנטישמים הפולנים נתקיימו, לאסוננו. אך לא הם ביצעו את „טיהורה של פולין מיהודים", אלא אויבי מולדתם — גרמניה ההיטלריסטית. קלגסיה רמסוה, שיעבדוה. הטביעוה בנהרי־נחלי־דם והפכו אותה למרכז השמדתם של היהודים. חמש שנים אחר הפרעות היתה פשיטיק „נקיה מיהודים". אך יחד עם גירוש כל האוכלוסיה היהודית מתוכה, גורשו גם פולנים. ואת הדבר הזה ביצע באותה מידה של אכזריות לגבי

שני העמים הכובש הנאצי, שכן ביקש להפוך את פשיטיק ואת כל האיזור מסביב לשדה־אימונים עצום לחיל־האוויר הגרמני, שהועידו לו תפקיד מיוחד בהכנת ההתנפלות על ברית־המועצות.

שנה לאחר־מכן שוב נזכר השלטון הגרמני בפשיטיק, הפעם — בקשר לעניין יהודי ספציפי, הגם שלא נמצאו בה יהודים מכבר.

ב„ביולטין של המכון ההיסטורי היהודי" (וארשה 1955, גליונות יולי־דצמבר) מספר א. רוטקובסקי, כי כאשר ניגשו הגרמנים ל„פתרון הסופי" של שאלת היהודים, ביקשו לחקור את נסיבות ההתנגדות היהודית בפשיטיק משנת 1936. מקראקוב, מרכז ה„גנראל־גוברנמנט", הגיעו אל ה„יודנראט" בראדום שאלות כיצד הקימו היהודים בפשיטיק את **ההגנה העצמית שלהם**. „המאורעות המפורסמים בפשיטיק שהוצאו שוב אל אור העולם בידי הכובש הגרמני ב־1942, מקבלים בכך משמעות מיוחדת — עדות לפחד המוות של הגרמנים מפני התנגדות יהודית אפשרית" — כותב א. רוטקובסקי.

גבירטיק פונה בשירו אל האחים־היהודים שלא לעמוד בחיבוק ידיים, אלא לכבות את הדליקה שאחזה בעיירה. והוא עשה זאת בדעתו, שאחינו בני־ישראל בפשיטיק אמנם לא עמדו מן הצד, אלא ניסו לכבות את האש. אין ספק שמאומץ לבם של אנשי ההגנה העצמית בעיירה זו שאבו עידוד לוחמי הגטאות ואנשי תנועת ההתנגדות היהודית בימי הכיבוש הנאצי.

אכן, פשיטיק לא זו בלבד שהיתה תמרור דרך בתולדותינו — היא אף היתה בבחינת מורה־דרך.

(„על המשמר", תל־אביב, 14.3.1966)



## ההגנה העצמית שלנו

יצחק פרידמן / תל־אביב

פשיטיק מנתה 500 משפחות — 90% יהודים. בעיירה גרו גם כמה בעלי־קרקעות גרמנים. היהודים עסקו במסחר, במלאכה, בעבודה והתפרנסו גם מהליכה לכפרים לקניה ולמכירה. היו גם שעסקו בחקלאות.

אחרי מלחמת־העולם הראשונה, כאשר פולין זכתה לעצמאותה, הקימו בני־הנוער בפשיטיק „איגוד" — בלי גוון פוליטי מפלגתי. רק מאוחר יותר התחילו להתגבש תנועה ציונות מזה ומפלגות פועלים מזה.

תחילה היה „השומר" המפלגה הציונית החזקה ביותר. עיקר פעילותו היה בכיוון הסברת ערכה של העליה לארץ־ישראל. במקביל התחילה להתפתח תנועת־הפועלים




יחיאל שלום לעסקא




אלעזר קערשענצווייג




אליעזר פעלדבערג




יצחק פרידמאַן



ישראל קערשענצווייג




יעקב בארענשטיין

## די בעשולדיגטע אין טאָרד איבער די טינסאַווסקי'ס

1) פראַנטש פראַנטשקעוויטש
2) סטאַנ. פראַנטשקעוויטש
3) גוסטאַוו איוואַנסקי
4) פראַנטשישעק איוואַנסקי
אַלע בעפרייט

אין ראַדאָם איז ערשינען אַנ־עקסטרא - אויסגאַבע פון „מאָמענט", וואָס האָט געבראַכט די ערשטע נייעס מיט'ן אורטייל.

## די קריסטליכע בעשולדיגטע

פון די קריסטליכע בעשולדיגטע זענען פער'משפט געוואָרען: וואצלאוו האַספערסקי, שטשעפאַן זאריכטא און יוזעף פיטלעווסקי צו — 1 יאָהר תפיסה יוזעף אלשעווסקי צו 10 חדשים. פראַנטשישעק וואַזולא, יאַן בונאַיסיס, וול. סטשאַלקאָווסקי, סטאַניסלאַוו זשעבראַק און פראַנטשישעק ראַנסעוויטש צו 8 חדשים תפיסה.

16 זענען פער'משפט געוואָרען צו 6 חדשים תפיסה, לעבייא איז פון זיי די שטראַף אַבגעלעגט געוואָרען.




יצחק באַנרא

מן העתונות היומית באידיש בימי משפט פשיטיק — תמונות ושמות של הנאשמים היהודים — ופסקי־הדין: יחיאל־שלום לסקו — 8 שנות מאסר; אליעזר קרשנצווייג — 6 ש"מ; אליעזר פלדברג — 10 חדשים; ישראל קרשנצווייג — 5 שנות מאסר; יעקב בורנשטיין — שוחרר.

בעמוד הבא: אברהם־יעקב האבערבערג — 8 חדשים; לייב לנגה — 8 חדשים; רפאל הוניג — 6 חדשים; משה פרשט — 6 חדשים; שאול קרנגל — 6 חדשים.

מענטשן איינגעהילט אין די סימבאָלישע טאַנעס, וואָס מאָהנען געדענקטניש קיט.

הדעננער, קלאַניצעס און אייזערנע שטאַבנס.

עס איז שרעקליך צו זיצען אין זאַל.
עס איז שרעקליך צו קוקען, ווי אַזוי די פּוילישע 43 בעשולדיגטע רעאגירען אויף די דאַזיגע אַלע לאָזונגען.

עס ווערט פּראָקלאַמירט דער גאַנצער אויספּאָטונגס־פּראָגראַם פון דער נאַראָרגאַניזאַציע. עס ווערט איינגעשטיטשט פאַר די 43 אָנגעקלאָגטע זייער אויסגאָבע פאַר'ן פּוילישען פאָלק. זיי זיצען אַלע צושמיקעלטע און צושטראָהלטע. זיי זיצען שטאָלצע, ווי פאָלקס־מערטירער. איינער פון זייערע אַרוואָקאַטען ווענדעט זיך צו זיי מיט'ן לשון: „מיין פאָלק! מיר וועלען אויף קיין איין ריגע דיך נישט פערלאָזען". — נאָכ'ן אירמיל — ווי ער זאָל נישט אויסבאַלען — וועלען אַלע 43 פויערים אוועק צום כאָלט, איבער'חאַר'ן די תורה, וואָס זיי האָבען בעקומען, דורך זייערע פיהרער. כאַרגען, צו איבערמאַרגען וועט דאָס געשעהן. זיי וועלען זיין העלדען. עס שטעהט זיי פאָר אַ גרויסע קאַריערע אין דעם הייליגען קאַמף פאַר'ן „סטראַמאָן"....

און אַזוי לאַנג האָבען זיך דאָס מאָל די שווערע שעה'ן געצויגען... אַזוי לאַנג האָט דער אַנגסט אונזערע שטערנס בעדעקט און אין תהלים האָבען טרעהרען געשטיקט.

דער לעצטער אַקאָרד אין פּשוטיקער פּראָצעס דאָס אונז צובראָכען.

אלי... אלי... למה...

*

ערשט נעבטען איז דאָס געווען, אין

די קאָרידאָרען פון געריכטס־זאַל וואָס מען נעבטען די העכר געקוישט פון אַדוואָקאַט שוואַנסקי. עס פלאַטערען נאָך, דאַכט זיך, אָבגעריסענע טענער פון דער ראַדזינער תפילה; נאָר דער לעצטער אַלאָרד איז שטאַרקער. זעהט נור, ווי די צידליעטע ענרעסישע אַדוואָקאַטען סורשען זיך און האַלזען זיך... זעהט נור, ווי מען לויפט אין גאַס אַריין מיט צו פּלאַטסטע געזיכטער.

און די „גאַס" ווייסט שוין, וואָס אין דער קרימינאַל־געבוידע האָט זיך געראַואָס אָבגעשפּיעלט. עפּעס איז דאָס טעמפּאַ פון דער גאַס, דאַכט זיך, געוואָרען ראַפּינער... די מענשען געהען אַנדערש. רעדען אַנדערש און נישט־יודען אַנדערש. איינגע, דאַכט זיך, לויפען און אַנדערע — אַנטלויפען...

און אין אָוונער — די נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזט שווער, ווי בליי, אויף דער שכאַרט ראַדאָם.

„דער לופטיגער טרינער פאַרט אין היינט נישט פאַר יודען. גלייכער נישט צו וואַרפען זיך היינט אין די אויגען"...
אין די גאַסען — שוטערער... שוטערער...

די נאַכט לעגט זיך שווער אויפ'ן הערצען. יודען זיצען אין די היימער און

פילען זיך נאָך מיט די אייגדיקע פון „אלי... אלי..." מען וויל זיך טרייסטען, אַז פילען פערכאַנג נאָך שימאַנסקי'ס אין פּעסימיסטישקייט... מען טרייסט זיך, אַז דער פאָרזיצער פון געריכט איז צו'אָביעקטיווער מאַן און אַז דאָס פּוילישע געריכט איז בכלל פריי פון די נאַציאָנאַלע שטימונגען.

אַ שווערע נאַכט אַריבער.

*

היינט 6 אַ זייגער, אין גרויסען זאַל פון קרייזגעריכט, אין דער שטאָדט ראַדאָם.

דאָס יודישע גרויסע און שטאַרקע וואָרט קלאַפּט איצט אויף דער גאַנצער וועלט מיט איין און דעם זעלבען טעמפּאָ.

וויל דער אורטייל וועט פאַלען נישט בלויז אויף די קעפּ פון די 14 פּשוטיקער יודען, נאָר אויפ'ן גאַנצען גרויסען יודישען פאָלק.

צי מעג מען שלאָגען יודען?
צי מעג מען שענדען יודען?
צי מעג מען מיט ברוטאַלען כח צערייסען דעם ביסען ברויט פון אָרימען יודישען הענדלער?
דער אורטייל וועט דערויף ענטפערען.
היינט 6 אַ זייגער, אין גרויסען זאַל פון ראַדאָמער קרייזגעריכט.

8 – חדשים.

אברהם יעקב האבערבערג

8 חדשים.

לייב לעננא

6 חדשים תפיסה.

רפאל האָניג

6 חדשים תפיסה מיט אבלגן די פּנצ'ע.

משה פעדשט

6 חדשים תפיסה.

שאול קרעננעל

בהשפעת ה„בונד״. את פעילותן ניהלו מפלגות הפועלים בעיקר בתחום התרבות ובתחום המקצועי. מבחינה מספרית היו שתי התנועות שוות, אבל ההשפעה הציונית הורגשה יותר חזק בעיירה. הודות לכך הצליחו כמה צעירים פשיטיקאים לעלות לארץ־ישראל.

ההסתדרות הציונית התרחבה והלכה והיא כללה שורה שלמה של מפלגות, כגון: המזרחי, בית״ר, ציונים כלליים, פועלי־ציון. גם מפלגת פועלי אגודת־ישראל נחשבה אצלנו כקרובה לציונות. כל קבוצה ניהלה לחוד את פעילותה בתחום התרבות והספורט.

תהליך הראדיקאליזציה של הנוער היהודי לא פסח גם על פשיטיק. הוקמה המפלגה הקומוניסטית. גם המעמד הבינוני בעיירה התארגן באגודת־הסוחרים, אגודת־בעלי־המלאכה, שפעילותם היתה בעיקר סוציאלית, חברתית.

בשנות ה־30 גברה באיזור כולו ההסתה האנטישמית. אנשי משמרות אנדקים מזויינים במקלות, היו עומדים ליד חנויות ודוכנים של יהודים בעיירה, בייחוד בימי שוק והיו גורמים לתקריות ולהתנגשויות. התערבות המשטרה לא עזרה בהרבה. הבריונים התעלמו בדרך כלל משׁשׁת השוטרים בפשיטיק ואף לא כל־כך פחדו ממשטרת ראדום, שהיתה לפעמים דווקא מגלה החלטיות — כי באיזור כולו שלטו האנדקים — דבר שלא היה לרוחו של משטר הסאנאציה.

הנוער היהודי שראה בדאגה את התחזקות הכנופיות האנדקיות ואת חוסר־האונים או חוסר־הרצון של המשטרה, הגיע למסקנה היחידה, כי יש להקים הגנה עצמית, כדי שחיי יהודים ורכוש יהודי לא יהיו הפקר. האנטישמים בעיירה שלנו לא היו כל־כך חזקים ולא כל־כך מאורגנים, אבל לעזרם באו אנטישמים מן העיירות הסמוכות: קוויף, אודז׳יוויל, דג׳אוויצה, אופוצ׳נה, נובה מיאסטו, קוסוב.

פעם הגיעה אלינו ידיעה, כי ביום ו׳ מסוים בספטמבר 1935 מכינים האנדקים „מצעד על פשיטיק״, כדי לגרש משם היהודים. ליום המיועד התכוננו האנטישמים לפי כל הכללים הצבאיים, חסמו אפילו בכמה מקומות את הכביש מראדום, כדי שלא תוכל לבוא עזרת המשטרה מעיר המחוז. אך גם היהודים לא טמנו ידם בצלחת ולא חשבו לסמוך על המשטרה. ההגנה, שהיתה כבר אז מאורגנת בגרעין של עשרים וכמה בחורים נמרצים, מזויינים בכסיות ברזל, באקדחים ובמקלות, היתה מסוגלת לגייס בשעת הצורך כמה מאות יהודים לוחמים, מוכנים לקרב. (בראש ההגנה עמד כותב טורים אלה). החברים קיבלו הוראות מדויקות איפה לעמוד וכיצד להגיב על פרובוקאציות אפשריות ובשעת התנגשויות. דומה שהמועמדים למצעד על פשיטיק קיבלו מידע מדויק על התכוננותנו ועל החלטתנו לגלות התנגדות. ברגע האחרון הם ויתרו על תוכניתם...

יש להוסיף, שחברים רבים של הפ. פ. ס. וסתם פולנים ליבראלים, עזרו הרבה — באמצעות תעמולה והסברה — להילחם בחלאה האנטישמית בפשיטיק ובסביבתה.



# בדירה של משפחת מינקובסקי

ש. ברלינסקי

הכניסוני לסימטת וארשה, שהתפרסמה בפשיטיק, שם התחולל היום השני ההיסטורי. הבתים בסימטא נמוכים, דהויים. אך מה חד מבטם של בתים אלה, הם חודרים לנשמתך בשמשות הקטנות החדשות. את מבטך תופסים גם התריסים החדשים, הדלתות החדשות. לפי „החידושים" אפשר להכיר באיזה מקום השתוללו הפושעים. אם אתה רואה שמשות ותריסים חדשים, סימן שכאן „האריכו קצת במלאכתם". אם אתה רואה גם דלתות חדשות, סימן הוא, שכאן התחולל משהו רציני ביותר.

הבית הקטן, שבו גרו המינקובסקים, הוא באמת „מחודש" לגמרי.

בת המשפחה מביאה את המפתחות ופותחים לפני את הדירה, שבה הם חיו. איני יודע למה נצמד מבטי לקש הנירמס, המפוזר סביב המיטות. הרי פרוס על הקיר סמוך למיטות סדין עם פסי דם, הרי מונח כאן ז'אקט של מינקובסקי עם כתמי דם ועל הריצפה — דם, דם, דם... ועיני אינה יכולה להינתק מעקבות הצעדים בקש, צעדים רגילים של אדם, צעדי מגפיים — ואלה כל־כך מרשימים... העין נעשית כל־כך חדה, שכל סריטה, קמט כלשהו, מספרים לך, מגלים לך את הכול... קראתי שהציידים בג'ונגלים הפראיים אף הם לומדים מעקבות הצעדים — צעדי החיות הטורפות: איזה מאבקים היו כאן, מי טרף את מי. לאן ברחו עם השלל. הרי העקבות בג'ונגל הם ספר פתוח. אווירה דומה אופפת אותי בחדרו של מינקובסקי.

הבית הקטן, הייתי אומר, מחולק לשני „חלקים". החלק האחד: שולחן שבור, מיטות שבורות, דלתות וחלונות כרותים. והחלק השני — נאמר כך — בו שוררת השלווה. כאן משק־הבית של משפחת מינקובסקי. אומר לכם את האמת לאמיתה, כי החלק הזה, השני, הרשימני לא פחות. תארו לעצמכם: לוח־איטריות תלוי על הקיר, לוח־איטריות יהודי. דל־אנפין, שעליו סימני עיסה כהה נלושה, בוודאי מקמח כהה, מכמה רקיקים לשבת. על הכיריים עומדת מנורית, ששמשותיה מנופצות. מנורית זו — אומרת לי בתו של מינקובסקי — היא של אחי הקטן. הוא היה חוזר אתה מן „החדר". עכשיו היא עומדת פתוחה לכל ארבע הרוחות...

ועכשיו „תכשיטי" הבית: קולב־מגבות על הקיר. בקש מתגלגל פסל־נערה עשוי גבס. הפסל מונח על צידו ומחייך בצורה טיפשית...

והנה תלוי באמצע הבית שבר צינור על חוט־ברזל וזועק מפיו השחור, מספר איך קרעוהו באמצעיתו.

והסנדלריה הזעומה... איזשהו פחד מאיים נודף הימנה. על השולחן הנמוך — מרצע





**יוסף און חיה**
**מינקאווסקי ז״ל**
ערמארדעט אין פשיטיק
ד. 9 מערץ 1936

# היינט — פראטעסט־
# און סאלידאר־שטרייק
# פון גאנצען פוילישען
# יודענטום!

צום אנדענק
פון די געפאלענע קדושים און צום
אויסדרוק פון סאלידאריטעט
מיט די לעבעדיגע קרבנות פון פשיטיק;

**צום פראטעסט געגן דער כוואליע פון**
**אנטיסעמיטיזם און אנטיסעמיטישען טעראר**
**צום קאמף געגען אלע**
**אויסראטונגס־גזרות**

פאר פולע גלייכבערעכטיגונג פון יודישען
פאלק, פאר רעכט אויף לעבען, עקזיסטענץ
און ארבייט פון די יודישע מאסען אין פוילען

כרזה הקוראת את יהדות פולין לשביתת־מחאה וסולידריות אחרי המאורעות בפשיטיק
ורציחת הזוג מינקובסקי.

כשחודו כלפי מעלה ו...מחכה. למה? למגפיים? לעור? מי יודע לשם מה נחוצים היום מכשירים חדים?

שרפרף־סנדלרים הפוך עם שלוש רגליו כלפי מעלה. הוא מונח ככה חסר־אונים כעגלה עקודה... הוא אומר: הפכו אותי כלפי מעלה — ואני — מונח...

*

אני נכנס לבית־עץ בעל-ביתי, לבית כאוב.

על־יד הכיריים עומדת זקנה נמוכת־קומה, קמוטת־פנים. הקמטים משתרעים על כל פניה כמושחלים על חוט — אחד ליד השני... אין אלה חריצים עמוקים של החיים. כך השאירו השנים את עקבותיהן על פניה, כמו על עץ.

כאשתו של בעל־מלאכה קרתני, מכירה היא את כל השמחות ואת העצב של החיים. הרי עד לפני זמן קצר היה לקיילה, בת ה־70, בעל...

מאז אותו יום, כאשר רצחו את בנה, פרצו פניה הקשוחים בבכי. פנים אלה הנוקשים כקליפה עבה, עמדו כבר בפני כל תלאות החיים, אבל עכשיו הם בוכים, כאילו מתבכים מעצמם ובלי הפסק. הפה עם החניכיים הריקים משיניים, פעור למחצה; הקיפולים על הפנים נוצרים מעצמם; עיני־האם ממצמצות ואינך יודע כלל אימתי היא בוכה ואימתי לא.

מה לא רציתי לשאול אותה? — בת כמה היא? ממה היא חיה? כמה ילדים יש לה? איך היא מרגישה בבריאות? — היא הסתכלה בי בפניה הבוכים...

ומה הפלא? לפני עיני הזקנה העמידו גרזן, גרזן זה אינו רוצה למוש ממנה. מאז — אומרת היא — מאז סיפרו ב„סונד" (בבית־המשפט) כי את יוסלה שלי רצחו בגרזן, עומד הגרזן לפני עיני. אני מתעוררת בלילה והגרזן נופל עלי... ניגשתי אני לפינה והנה הגרזן ממולי. יוצאת אני לחדר־המחסן לקחת חתיכת עץ, ואני רצה חזרה: את הגרזן ראיתי...

הבית הקטן, שבו בוצע הרצח, עומד סמוך לבית־מגוריה. והזקנה מתלוננת: אינני יכולה ללכת לשם, לראות את חדרונו של יוסלה. עשר פעמים כבר הייתי בדרך ורגלי אינן רוצות לשאת אותי שמה; אני חוזרת כל פעם...

זיקנה כזאת — מכוונת היא אלי את פניה, שכל קיפול וקיפול בה בוכה לחוד — אין זוכים שבן יבכה את האם...

(מתוך ארכיון „ייווא", ניו־יורק)



מ. געבירטיק

# עס ברענט

(אָנגעשריבן אין יאר 1936, נאָך די
געשעענישן אין פשיטיק)

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט!
אונדזער אָרעם שטעטל, נעבעך, ברענט!
בייזע ווינטן מיט ירגזון
רייסן, ברעכן און צעבלאָזן —
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
ווי אונדזער שטעטל ברענט.
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
ווי אונדזער שטעטל ברענט.

עס ברענט, ברידערלעך, עס ברענט!
אונדזער אָרעם שטעטל נעבעך ברענט!
עס האָבן שוין די פייער־צונגען
דאָס גאַנצע שטעטל איינגעשלונגען,
אַלץ אַרום שוין ברענט.

און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
מיט פאַרלייגטע הענט,
און איר שטייט און קוקט אַזוי זיך
ווי אונדזער שטעטל ברענט.

עס ברענט ברידערלעך, עס ברענט!
די הילף איז נאָר אין אייך אַליין געווענדט.
אַז דאָס שטעטל איז אייך טייער —
נעמט די כלים, לעשט דאָס פייער,
לעשט דאָס פייער מיט אייער אייגן בלוט.

שטייט ניט ברידער, לעשט דאָס פייער,
ווייל אונדזער שטעטל ברענט.

# דער פשיטיקער פּאָגראָם

יעקב לעשטשינסקי

ייִדן האָבן גאָר געמאַכט אַ פּאָגראָם אין פשיטיק אויף „גויים”! איר האָט עס געוווּסט ביז איצט? מיר האָבן עס אין פּוילן אויך נישט געוווּסט. נאָר איצט האַלט איך פאַר מײַנע אויגן דעם באַשולדיקונג־אַקט און לייען און שטוין און עס באַקומט זיך פאָרט, אַז די פשיטיקער ייִדן האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אויף די קריסטן! חדשים־לאַנג ביזן פּאָגראָם, געפּײַניקטע און פאַרפּאָלגטע פשיטיקער ייִדן, וואָס האָבן מורא געהאַט אין מאַרק זיך שטעלן מיט סחורה, וואָס זענען טעראָריזירט געוואָרן פון יעדן קליין „שייגעצל” — אָט די פשיטיקער ייִדן האָבן זיך אין דעם טרויעריק־באַרימטן טאָג פון 9טן מערץ, בעתן יאריד, בשעת אין שטעטל זענען געווען טויזנטער דאָרף־פויערים, געוואָרפן אויף די קריסטן מיט שטיינער און געשלאָגן מיט שטעקנס און אייזנס. און נישט נאָר געשלאָגן, נאָר אויך געשאָסן אַ סך מאָל. און מיטן שיסן און שלאָגן „גויים” האָבן די ייִדן אַרויס־גערופן דעם פּאָגראָם.

דער באַשולדיקונג־אַקט הייבט זיך אָן דעריבער מיט די 14 ייִדן, וועלכע זיצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. זיי, די ייִדן, קענען טאַקע באַקומען האַרבע שטראָפן. קיין וואָרט נישט וועגן דעם, אַז מען איז געווען געצוווּנגען זיך צו פאַרטיידיקן, זיך צו שיצן פון אַ חיהש־געוואַרענער מאַסע, פון אַן אָנגערייצטן המון וואָס האָט שוין גערױבעוועט און געשלאָגן און איז גרייט געווען צו מאָרדן. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז שווער פעסטצושטעלן גענוי ווען אַ מענטש האָט אַ רעכט זיך צו פאַרטיידיקן מיט די שאַרפסטע מיטלען: צי אין אָנהייב, ווען מען פאַלט אָן אויף אים, ווען ער האָט נאָך כוח און מעגלעכקייטן זיך באמת אַפּצוראַטעווען פון די ווילדע אָנפאַלער, צי שוין דעמאָלט ווען ער ליגט אַ פאַרוווּנדעטער, אַ צעשלאָגענער און קען זיך נישט רירן און ערשט דאַן האָט ער אַ רעכט זיך צו כאַפּן פאַרן רעוואָלווער. די דאָזיקע פראַגע האָט באַדאַרפט די פאָרשונג־מאַכט זיך שטעלן און זיך קלאָר מאַכן: צי האָבן די פּאָר ייִדישע יונגעלײַט געשאָסן, ווען דער פּאָגראָם איז שוין געווען אין גאַנג, אָדער פאַרן אָנהייב פון פּאָגראָם. און עס איז באמת נישט וויכטיק, צי האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס געהרגעט די פאַמיליע מינקאָווסקי, פאַר אָדער נאָכן שיסן. די פּאָגראָמשטשיקעס וואָלטן סײַ ווי געווען געהרגעט, אויב נישט די מינקאָווסקיס, איז אַנדערע. דער באַשולדיקונג־אַקט שטעלט אַליין פעסט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זענען געוואָרן זאַט, ווען זיי האָבן דערשמעקט דעם ריח פון ייִדיש בלוט, ווען זיי האָבן דערזען די אין בלוט אײַנגעטונקענע קערפּערס פון די מינקאָווסקיס, וועלכע מען האָט שוין נישט געקענט אַפילו דערקענען.

**ווי אַזוי־זשע גייט צו דער באַשולדיקונג־אַקט צו די געשעענישן אין פשיטיק ?**

ער הייבט אָן פון דעם, אַן אייניקע פויערים האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן דער פּאָליציי און נישט געלאָזט איר מאַכן אָרדענונג. וואָלט דאָך געווען לאָגיש באַלד טאַקע זיך געבוי אָפּשטעלן אויף די געשעענישן, געבן אַ בילד פון פּאָגראָם, פון דעם ווילד־געוואַרענעם המון, פון די אַגיטאַטאָרן וואָס האָבן געהעצט און גערופן צו פּאָגראָמען און מאָרדן, וועגן די אָנפאַלן אויף יידן און די געשלעגן, הכלל — ווען דעם אמתן פּאָגראָם. און נאָכדעם דערציילן ווי יידן האָבן געפּרוּווט זיך פאַרטיידיקן, ווער מיט אַ רעוואָלווער



הבית של משפחת לסקו בפשיטיק. מן החלון הזה (×) ירה לסקו אל הפורעים.
הויז פון דער משפחה לעסקאָ אין פשיטיק. פון דעם פענצטער (×) האָט לעסקאָ געשאָסן צו די פּאָגראָמשטשיקעס.

און ווער מיט אַ שטעקן. דער שרייבער פון דעם באַשולדיקונג־אַקט מאַכט עס אָבער גאָר אַנדערש. ער שלעפּט אַרויס די יידן אויפן ערשטן פּלאַן: ער שטעלט זיי, וואָס האָבן געהאַט די העזה זיך צו פאַרטיידיקן, אַרויס אין פראָנט, אויבן־אָן, און דער באַשולדיקונג־אַקט הייבט אָן אַזוי:

„די יידן, יאַנקל אברהם האבערבערג, לייזער פעלדבערג, יאַנקל זיידע, רפאל האָניג, משה פערשט, שאול קרענגעל, משה צוקער, לייב לענגע, יצחק באַנדע און יצחק פרידמאַן ווערן באַשולדיקט, אַז אין דער זעלבער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען דער צוזאַמענשטויס צווישן דער פּאָליציי און די פויערים, זענען זיי באַפאַלן די פויערים וועלכע האָבן זיך

געאײלט אַװעקצופֿאָרן צו זיך אַהײם, שלאָגנדיק זײ מיט שטעקנס און מיט אַנדערע אינס־טרומענטן, װאָרפֿנדיק אין זײ מיט שטײנער און פֿאַרװוּנדנדיק אויף אַזאַ אופֿן יוזעף שימאַנסקי אין קאָפּ, פֿון װאָס ער האָט באַקומען אַ מוח־דערשיטערונג און פֿאַרװוּנדנדיק אַ סך אַנדערע פּויערים, װעלכע האָבן באַקומען סיניאַקעס און געשװוּילעכצן".

שוין אַט דער אַנהײב, אַט דער אַרײנפֿיר קערט איבער די שיסל מיטן קאָפּ אַראָפּ. פּויערים כאַפּן זיך אַנטלױפֿן פֿון מאַרק, פּויערים אײלן זיך אַהײם, קומען ייִדן און הײבן זײ אָן שלאָגן. אומשולדיקע לעמעלעך װערן באַפֿאַלן פֿון װילדע ייִדישע חיות, װעלכע לאָזן נישט די לעמעלעך פֿרידלעך שטיל פֿאָרן אַהײם! אַט אויף װאָס עס זענען פֿעיִק די פּשיטיקער ייִדן!

און מיר האָבן גאָרנישט געװוּסט, װאָס פֿאַר אַ גיבורים מיר האָבן אין פּשיטיק!...

אָבער דאָס איז נאָך װײניק. גלײך שרײבט װײטער דער באַשולדיקונג־אַקט.

„די ייִדן װערן װײטער באַשולדיקט אין װעלן הרגענען די פּויערים, װעלכע האָבן אין אײלעניש פֿאַרלאָזט דעם מאַרק, װײל זײ האָבן געשאָסן אין זײ! עטלעכע מאָל אָבער האָבן זײ דעם ציל נישט דערגרײכט, װײל פֿון די שאָסן זענען בלױז ערנסט פֿאַרװוּנדעט געװאָרן דרײַ פּויערים, אײנער פֿון זײ לעבנס־געפֿערלעך".

אַלזאָ, װידער אַמאָל — די פּויערים טשעפּען קײנעם נישט, רירן נישט אָן קײנעם, שטילע, רויִקע, װוּליע פּשיטיקער גואימלעך װאָס װילן נעבעך װאָס גיכער לױפֿן צו זײערע װײַבער און קינדער. אָבער די אויבן־אויסגערעכנטע צען ייִדן, באַװאָפֿנטע מיט רעװאָל־װערן, גרײט און װיליק בפֿירוש צו הרגענען, אַט די בײזװיליקע ייִדן שיסן מיטן קלאָרן װילן צו הרגענען, נאָר עס גײט זיך זײ נישט אײַן.

נאָכדעם קומען נאָך ספּעציעלע באַשולדיקונגען קעגן אײנצלנע ייִדן: קעגן שלום לעסקאָ, אַז „ער האָט געװאָלט דערהרגענען די פּויערים, װעלכע זענען געגאַנגען איבערן מאַרק, אַז ער האָט געשאָסן פֿון פֿענצטער פֿון זײַן הויז און דערהרגעט אײן פּויער".

אַלזאָ, װידער אַמאָל: די פּויערים גײען אַרום רויִק אויפֿן מאַרק און דער ייִד לעסקאָ שיסט פֿון פֿענצטער, כּדי פּשוט צו הרגענען און מאָרדן.

דער זעלבער אַקט שטעלט אָבער װײטער אַלײן פֿעסט, אַז דאָס פֿענצטער איז געװען אויסגעשלאָגן. װער־זשע האָט אויסגעהאַקט די שויב דורך װעלכער לעסקאָ האָט נאָכדעם געשאָסן? אויב די פּויערים האָבן נאָר רויִק אַרומגעשפּאַצירט, פֿאַרװאָס־זשע עפּעס זענען שויבן אין ייִדישע פֿענצטער אויסגעהאַקט?

װײטער קומט די באַשולדיקונג קעגן יאַנקל באָרנשטײן, װעלכער האָט אויך געװאָלט הרגענען פּויערים, האָט געשאָסן אָבער נישט געטראָפֿן.

און ערשט װען דער באַשולדיקונג־אַקט פֿאַרענדיקט מיט די ייִדן, מיט די הויפּט־פֿאַרברעכער, מיט די באַשולדיקטע, גײט ער איבער צו די 40 באַשולדיקטע קריסטן,

וועלכע זענען „שפעטער ווי ס'איז דערשאָסן געוואָרן דער פויער" אָנגעפאַלן גרופּעסווייז אויף ידישע הייזער, „אויסגעבראָכן טיר און פענצטער, זיך אַריינגעריסן אין די הייזער, חרוב געמאַכט דאָס גאַנצע מעבל, צעבראָכן אַלץ וואָס זיי האָבן געטראָפן, געשלאָגן אַלע ידן און געהרגעט די ידן יוסף און חיה מינקאָווסקי, און אויך פאַרוואונדעט ערנסט 5 ידן און לייכטער פאַרוואונדעט נאָך עטלעכע ידן".

אַלזאָ, איצט איז אַלץ קלאָר: וואָלטן די ידן נישט געווען געשלאָגן די פויערים וואָס האָבן זיך געאיילט פאָרן אַהיים, וואָלטן די ידן נישט געווען געשאָסן אין די פויערים וואָס זענען רויק אַרומגעגאַנגען אין מאַרק, וואָלט גאָר קיין פּאָגראָם נישט געווען און פשיטיק וואָלט געבליבן אַן אומבאַקאַנט שמוציק שטעטל און וואָלט נישט באַרימט געוואָרן אין דער וועלט. קלאָר איז שוין אויך, ווער עס זענען די שולדיקע.

אין דעם גייסט וועט געוויס אויך געפירט ווערן דער פּראָצעס וואָס הייבט זיך אָן דעם צווייטן יוני אין ראַדאָם, ווו עס ווערן באַשולדיקט 14 ידן און 40 קריסטן. אָבער די ערשטע ווערן באַשולדיקט לויט שטראָף-אַרטיקלען וועלכע דראָען מיט 5 און 10 יאָר טורמע, ווען די צווייטע ווערן באַשולדיקט לויט אַרטיקלען וואָס דראָען מיט אַ סך קלענערע שטראָפן.

לייגט מען אַוועק דעם באַשולדיקונג-אַקט און מען נעמט זיך לייענען די באַגרינדונג פון די באַשולדיקונגען, זעט מען אַז דער שרייבער איז אַזוי מיטגעריסן געוואָרן פון די פאַקטן וועלכע ער האָט געהאַט פאַר זיינע אויגן, אַז ער האָט פאַרגעסן וואָס ער האָט דאָ צו פאַרטיידיקן און האָט נישט-ווילנדיק אויסגעזאָגט אַ סך אמתן. אמת, ער דערמאָנט זיך פון צייט צו צייט אָן זיין ציל און שטרייכט אונטער, אַז ידן האָבן זיך באַוואָפנט, אַז ידן האָבן געקויפט אין ראַדאָם רעוואָלווערן, אַז מען האָט אַפילו געזען אַז ידן האָבן געבראַכט 9 רעוואָלווערן; און צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג האָט מען גערעדט, אַז ידן גרייטן זיך צו אַ גענעראַל-אַטאַקע, אָבער דאָס גאַנצע בילד, ווי ס'איז אַפילו געמאָלן אין דער באַגרינדונג פון באַשולדיקונג-אַקט, דעקט אויף סוף כל סוף דעם אמת, אַז ידן האָבן געלעבט חדשים לאַנג אין איין פּאַניק. אַז די נאַראָדאָוצעס האָבן שוין פון לאַנג דורכגעפירט אַ באָיקאָט פון ידישע געשעפטן און מיט געוואַלד נישט געלאָזט קויפן ביי ידן, אַז ידישע שויבן זענען שוין לאַנג געווען הפקר און אַז אין דעם טאָג האָט מען אין דער לופטן געפילט אַ פּאָגראָם-שטימונג.

אָט זענען נאָר אַ פּאָר בילדלעך אַרויסגענומען טאַקע פון דער באַגרינדונג פון באַשולדיקונג-אַקט: צו יאַנקל באַרנשטיין אין דער וווינונג האָט מען זיך אַריינגעריסן דורך די פענצטער. מען האָט צעבראָכן די שאַנק, דעם טיש, די בענקלעך, געשלאָגן באַרנשטיינען מיט שטעקנס, מיט שטיינער. די אונטערזוכונג האָט געפונען אין שטוב 48 שטיינער, אַ סך גרויסע. ווען-זשע האָט געשאָסן באַרנשטיין — איידער מען האָט געוואָרפן

שטיינער, צי נאָכדעם? בשעת די פּאָגראָמשטשיקעס זענען שוין געווען אין שטוב, האָבן זיי דאָך נישט געוואָרפן קיין שטיינער, איז דאָך אַ סימן, אַז מיטן שיסן האָט באָרנשטיין געוואָלט אָפּטרייבן און פאַריאָגן די פּאָגראָמשטשיקעס. פאַרשטייט זיך, אויב באָרנשטיין האָט בכלל געשאָסן, וואָרום ער אַליין לייקנט אין דעם.

זיך מודה געווען אין שיסן און דערהרגענען דעם פּויער האָט דער ייד לעסקי און זיין שיקזאל איז טאַקע זייער אַ שווערער.

אַ געוואַלדיקן איינדרוק מאַכט אַפילו אין דער טרוקענער קאַזיאָנער באַשרייבונג די סצענע אין דער שטוב פון פייגע שוך. זי האָט באַהאַלטן אירע אַכט קינדער אויפן בוידעם און אַליין זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון שטוב און העלדיש געקעמפט קעגן אַ מאַסע פּויערים, וועלכע האָבן זי געשלאָגן מיט שטעקנס. געמאַכט איר דריי שווערע ווונדן אין קאָפּ, צעבראָכן דעם רוקן־ביין, אָנגעמאַכט אַ סך סיניאַקעס אויף דער ברוסט און אין פּלייצע — זי האָט אָבער אירע קינדער אָפּגעראַטעוועט.

אָט איז נאָך אַ רירנדע סצענע: אין מיטן ברען פון פּאָגראָם — אין דער גרעסטער געפאַר, איז אַרויס אין גאַס אַ 70 יאָריקע ידענע יוכבד פאַלאַנט זוכן אירע קינדער. מען האָט זי אַרומגערינגלט און געשלאָגן מערדערלעך, געמאַכט אַ סך ווונדן אין קאָפּ.

אַ דערשיטערנדן איינדרוק מאַכט די באַשרייבונג ווי אַזוי מען האָט זיך אַריינגעריסן אין דער וווינונג פונעם שוסטער מינקאָווסקי, ווי אַזוי מען האָט אים גרויזאַם און מערדערלעך געשלאָגן מיט דרענגער איבער דעם קאָפּ, ווי מען האָט פון אונטערן בעט אַרויסגעשלעפּט די קינדער, ווי די פרוי פון שוסטער איז געפאַלן אונטער די קלעפּ און דער שוסטער אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

לייענסט די קאַזיאָנע באַשרייבונג און פאַר דיינע אויגן שטייען אויף קישיניעוו, האָמעל, ביאַליסטאָק און אַ צענדליק אַנדערע גרויסע שטעט, וווּ אין די צאַרישע צייטן זענען געווען פּאָגראָמען. די זעלבע גרויזאַמקייט, דער זעלבער סאַדיזם, דאָס זעלבע פאַרווילדערט און פאַרחיהשט ווערן, דאָס זעלבע פאַרלירן פון מענטשלעכן פּנים און פון מענטשלעכע געפילן.

און דאָך איז פאַראַן עפּעס אַזוינס וואָס גיט אויך אַ טרייסט. יידן האָבן זיך ווייזט אויס, פאַרטיידיקט! פּשיטיקער יידן האָבן זיך נישט געלאָזן קוילען ווי שאָף! עס טרייבט טאַקע איבער דער באַשולדיקונג־אַקט, אָבער עפּעס איז געווען. און עס זענען געווען יונגע יידן וואָס זענען גרייט געווען אויף די שווערסטע און גרעסטע קרבנות, אַבי נישט לאָזן מאַכן אונדזער נאָמען צו שאַנד און אונדזער כבוד צו שפּאָט.

✶

15טער יוני 1936.

איך וויל אָנהייבן מיין באַריכט וועגן פּשיטיקער פּראָצעס פון פּאָלגענדן בילד:

מען האָט געדאַרפט אָפּנעמען די שבועה ביי מער פון 400 עדות. האָט מען זיי אַריינגעפירט אין זאַל גרופּעס — 320 עדות: מערסטנס יונגע שקצים, געזונטע פּויערישע פּנימער. זיי טראָגן שטיוול, גייען פעסט און זיכער אַריין אין זאַל, כמעט מיט שמחה, כמעט מיט חוצפּה. זיי ענטפערן אויף די פראַגן פון געריכט־פּאָרזיצער הויך, חוצפּהדיק, אַרויסרופעריש, כמעט קעמפעריש. אָט אַזוי איין גרופּע נאָך דער צווייטער — די פּאָדלאָגע ציטערט אַזש פון די 320 געזונטע שטיוול, פון דעם טופּען מיט די פּאָדקאָוועס, פון דעם רייבן מיט די גראָבע זוילן.

און אָט גייען די יידישע 80 עדות: פון פּאָרנט די פינף יתומים פון די דערהרגעטע מינקאָווסקיס — פון 6 ביז 14 יאָר; נאָך זיי די אַלטע באָבע פון העכער 70 יאָר און נאָך אַ מנין אַלטע יידן, איינגעבויגענע אין דרייען; אַלטע ווייבער וואָס מען קען זיי קוים אַרויסזען, אַזוי קליין און נידעריק זענען זיי; און אַ גאַנצע כאָפּטע יידן און יידענעס, אָפּגעריסענע, אָפּגעבליאַקעוועטע, דערשלאָגענע, אומזיכערע, מיט פאַרלוירענע פּנימער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. זיי זעען כמעט אויס ווי אַ באַנדע בעטלערס און שנאָרערס, ווייניקסטנס אַ וואַנדער־גרופּע, פון לאַנגן און שווערן וועג אָנגעקומען. אַ מידע, אַ פרעמדע, אַן אויסגעשעפּטע, אַ בענקענדע נאָך רו און זיכערקייט.

איך בין געשטאַנען גאַנץ נאָענט ביים טיש פון די ריכטער און האָב געקענט מערקן דעם איינדרוק, וואָס דאָס דערשיינען פון דער דאָזיקער עדות־גרופּע האָט געמאַכט אויף אַלעמען: אויף די ריכטער, אויף די אַדוואָקאַטן, אויף די זשורנאַליסטן — דערדריקנד, דערשיטערנד! עס איז געווען גאָרנישט קיין געשמאַק בילד פאַרן אויג. דער קאָנטראַסט מיט די פּויערישע יונגע אָפּגעברענטע פּנימער און מיט די פּויערישע הויכע פיגורן איז געווען צו גרויס. אַלע זענען פאַרכאַפּט פון גאָר אַנדערע געפילן. נישט־ווילנדיק האָט ביי יעדן, אַפילו ביי די חיהש־אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן, געמוזט אַ בליץ טאָן אין קאָפּ דער געדאַנק: אָט שטייען דאָך פאַר אונדז די געשלאָגענע און געפּייניקטע, אָט זענען דאָך פאַר אונדזערע אויגן די געפּלאָגטע און געיאָגטע.

דער פּראָצעס האָט אין דעם מאָמענט באַקומען זיין אמתן היסטאָרישן זין און אַלע פאַרשונגען און חקירות, אויספרעגן און מאַטערן זיך אויסצוזוכן די שולדיקע און אומשולדיקע, האָבן זיך אויסגעוויזן אין דעם מאָמענט איבעריק, ווי עפּעס נאַריש און אומגעלומפּערט. ס'איז דאָך קלאָר, אַז שלאָגן שלאָגט דער שטאַרקער. נאָר קלאָרער איז, אַז געשלאָגן ווערט דער שוואַכער — און צו וואָס אַזוי פיל און אַזעלכע לאַנגע צערעמאָניעס?

אין דער אמתן איז די זאַך טאַקע נישט אַזוי פּשוט: ווייל די דאָזיקע שוואַכע זיידעס און מידע טאַטעס, אָט די דאָזיקע איינגעהויקערטע באָבעס און צעקנייטשטע מאַמעס האָבן

יונגע קינדער. און נישט אַלע יונגע ייִדישע קינדער זענען היינט קליין און דאַר. און אַפילו ווען זיי זענען קליין און דאַר, זענען זיי שטאַרק מיט אַ גאַנץ אַנדערן ווילן; מיט אַ גאַנץ אַנדערן מוט: נישט מיט אַן אומעטיקן ווילן אַז גאָט זאָל אויסלייזן און העלפן, נאָר מיט אַן אַקטיוון ווילן אויפן אָרט זיך נישט לאָזן שפּייען אין פּנים אַריין; נישט מיט תּחינות און תּפילות, מיט בעטן און בעטלען, נאָר מיט אַ קויל ענטפערן אויף אַן אָנפאַל.

אין דעם זין איז ממש סימבאָליש די פיגור פון ייִדישן שניידער־ייִנגל לעסקאָ. ער איז נאָך נישט גאַנצע 20 יאָר אַלט, נידעריק און דאַר, קורצזיכטיק און מיט ברילן אויף די אויגן. ער האָט זיך מודה געווען אַז ער האָט געשאָסן פון אַ רעוואָלווער. ער האָט טאַקע געטראָפן אין אַ פּויער און אים אָוועקגעלייגט אויפן אָרט. מיר פסקענען נישט איצט, אויפן דריטן טאָג פון פּראָצעס, צי לעסקאָ האָט געדאַרפט שיסן אין יענעם מאָמענט ווען ער האָט געשאָסן, אָבער לעסקאָ פון פּשיטיק, נאָך אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, ערשט אַ פּאָר יאָר פון דער ישיבֿה, אַ מיטגליד פון אַ מזרחיסטישער אָרגאַניזאַציע, אַלזאָ, פון אַ ציוניס־טיש־פרומער ריכטונג, אַ בחור וואָס האָט נישט ביי זיין טאַטן און נישט ביי זיין זיידן געזען און געהערט וועגן כּלי־זיין, וועגן שיסן, וועגן רעוואָלווערן און ביקסן — אָט דאָס בחורל איז געווען באַוואָפנט און גרייט צו קעמפן פאַר זיך, פאַר זיינע עלטערן, פאַר זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך.

43 קריסטלעכע באַשולדיקטע און כמעט אַלע פון איין שניט — פּויערישע קינדער, וואָס האָבן די ערשטע אַרויפגעצויגן אויף זיך שטאָטישע קליידער: שיך, אַ שניפּס, אַ האַלב־ווייסן קאָלנער, אַ געפּרעסטן אַנצוג, די האָר פאַרקעמט אויף אַ שרינט. דאָס איז דער ערשטער דור פּויערים וואָס האָבן געענדיקט אַ פאָלקס־שול, זענען געקומען פאַר־נעמען די מאַרק און יאַריד־פּלעצער און האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די ייִדן.

הייבט אָן דער פּאַרזיצער פרעגן יעדן באַשולדיקטן אויף זיין נאָמען און פאַרגאַנ־גענהייט, קריכט באַלד אַרויס דער חילוק צווישן דער ייִדישער קליינשטעטלדיקער יוגנט און דער נישט־ייִדישער.

„געווען אין טורמע?" — פרעגט דער פּאַרזיצער און כמעט אַלע ייִדן ענטפערן: „ניין!" אַ פּאָר זענען געזעסן, אָבער פאַר קאָמוניזם. אַ גרויסע צאָל אָבער פון די קריסטן זענען געזעסן פאַר גנבענען וועש, אַ פערד, פאַר שלאָגן זיך, פאַר אָנפאַלן אויף ייִדן. גניבֿות, שלעגערייען, אָנפאַלן אויף ייִדן — דאָס זענען די פאַרשפּרייטסטע פאַרברעכנס אין דאָרף און אין שטעטלעך וואָס זענען אַליין כמעט דערפער אָדער ליגן האַרט ביים דאָרף.

מען דאַרף דאָס, פאַרשטייט זיך, נישט פאַראַלגעמיינערן. מען קען געפינען אין פּוילן אויך גענוג ייִדישע גנבֿים, אויך ייִדישע לאָבוסעס וואָס גייען אַרום מיט מעסערס און זענען גרייט ביים קלענסטן צוזאַמענשטויס טאַקע אַריינשטעכן אַ מעסער. דאָך זענען ביידע

# אין קארידאר פון געריכטס־בנין.



מאמע—מאמע און ברידער פון די יודישע הויפט-בעשולדיגטע, ברידער קירשענצווייג.

גשמיעסן אין זייערע הענד.
— ניע, ניע פשיזנאיע שיען...
מינקאוסקי'ס יתומים שטעהען איצט בים אל פנים מיט די מערדער פון זייערע עלטערן.
אבער —

„ניע פשיזנאיע שיען"...
עס האט קיינער גארנישט געטהון.
מען האט נור געהיט דאס ברויט־פעלד.
מען האט נור געפיסטערט די שאף און געזהנען וואס געזאגט פון „מענשען־

ליעבע"...
האט די בעשולדיגטען־באנק געהערט די רייד פון פראזעס, געהערט מיט אנגסט אויף די שטערענס.
א בעריהמטער פשיטיקער טיפ, א שנײ מיט באקען־בערד האט זיך גע־סור'עט מיט זיין שכן — א צוריסענעם פאמולערען טיפ.
און אנדערע האבען זיך געדרוקאיש געשריבען פון די פלעצער, ווי עס וואלט די מיט פלאסיגע שפיזען געשטאכען דער פאל צום „אמת אין פשיטיקער פאר־צעס".
און נאך אנדערע האבען זיך איני־סטינקטיוו אומגעקוקט צו זייערע יודישע שכנים אויף דער בעשולדיגונגס־באנק, צום גרויסען יוד, וואס האלט א האנד, אויסגעגעשפארט אונטער'ן קאפ און די אויגען דעגען אזוי פערדרערט, אזוי פער־צווייפעלט.
לאנגע פיינליכע מינוטען קוקען זיי זיך איבער.
צי וועלען טאקי אלע עדות זאגען דעם פאנגען אמת?
צי וועט די מעשה פשיטיק פערענדי־גען דאס היסטארישע בלעטעל פון אנ־דערע פרישע ליידען?

***

נאך אויס'ן הויף ווארטען משחיתים, וואס פערטאגען אנ'אנדער ווארט פאר די עדות.
דער הויסען איז טומעלדיג.
עס פיהרט דער גרויער־בערדיגער־פערד קארטשמא און פיהרט אן מיט דער קאמענדע.
ער שטעהט ארומגערינגעלט דורך א מחנה עדות און ער פערדריגט.
ער לאכט הויך אויס'ן קול און קלאפט איבער פלייצעס.
— וואס ביזטו אזוי פערזארגט?
דערגעט איך א „גוטמוטיגען" „פשיא קרשו", וואס נעהמט אויס'ן אדרעס פון א יונגען שכן, וואס האט זיך אפגעם שטארק איבערגענומען מיט די רייד פון פראזעס און שארט זיך איינגעם ביי דער וואנד.
— פאראל! לאמיר פארדרעען צוזאמען אהיים.
און עולם נעהמט זיך פונאנדער אין דער טונקעלקייט פון צונעפאלענעם אוונט.
די יודען געהען ארוים בעזונדער.
זיי זענען אלע בעזארגט ערנסט.
די קריסטען בעזונדער, און די יודען בעזונדער.
איינע לאבען, זענען שטיפעריש גע־שטימט.
די צווייטע זענען פערצאר'ט און צו־

וועהטאגט.
אזוי איז שיין אונזער גורל. ווען אנ־דערע לאבען, שטיקען אונז די טרערען.

מן העתונות היומית באידיש, שדיווחה בהרחבה על משפט פשיטיק. הכותרת: בפרוזדור בית־המשפט.

טיפן ביי ייִדן ווייניקער פאַרשפּרייט. דער עיקר — דאָ, אין געריכט, זיצן דאָך גאָר פאַרשידענע גרופּעס: אויף איין זייט אַנפּאַלער, שלעגער, כוליגאַנעס, מענטשן וואָס האָבן זיך געלאָזט איינרעדן, אַז פון ייִדן קומען אַלע אומגליקן. פון דער צווייטער זייט — מענטשן וואָס האָבן אין ערגסטן פאַל זיך געוואָלט פאַרטיידיקן, זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן, נישט געוואָלט זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם אָדער אין קעלער און הערן די געוויינען און געשרייען פון די געשלאָגענע פרויען און קינדער.

איך זאָג „אין ערגסטן פאַל", ווייל די באַשולדיקטע ייִדן לייקענען אַלע, אַז ס'איז געווען אַ זעלבשוץ, אַז זיי האָבן געהאַט עטלעכע רעוואָלווערן, אַז זיי האָבן געוואָלט זיך פאַרטיידיקן פון כוליגאַנעס און מערדער — און אַז יעדער מענטש האָט רעכט זיך צו פאַרטיידיקן.

דער אונטערשייד האָט זיך אויך געוואָרפן אין די אויגן ביים ענטפערן דעם פאָרזיצער אויף זיינע פראַגן: די שלעגער זענען געווען פרעך, זיכער, אַ ביסל אַפילו חוצפּהדיק. און אייניקע האָבן אַפילו זיך דערלויבט צו זאָגן, אַז זיי ווילן איצט נישט ענטפערן און זיי לאַזן זיך איבער דאָס רעכט שפּעטער צו דערציילן. ס'האָבן נישט געהאָלפן די בייזע רייד פונעם געריכט־פאָרזיצער — זיי האָבן עקשנותדיק געשוויגן. די ייִדישע באַשולדיקטע זענען געווען נישט גאַנץ זיכער, מיט מורא אין פּנים, מיט אומצוטרוי צו די אין וועמענס הענט עס ליגט זייער שיקזאַל. דערביי אָבער מיט ווירדע און קלוג, געענטפערט צו דער זאַך, נישט געלאָזט זיך פאַרדרייען פון די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן.

לאָמיר זיך נאָר אָפּשטעלן אין קורצן אויף די ריכטער און אויף די אַדוואָקאַטן און מיר וועלן האָבן פאַר זיך אַלע אַקטיאָרן פון דער טראַגעדיע וואָס ווערט איצט געשפּילט אין ראַדאָמער געריכט.

דער פאָרזיצער פון געריכט מאַכט דערווייל אַ גאַנץ סימפּאַטישן איינדרוק. זיין האַלטן זיך איז אומפּאַרטייאיש, ערנסט און ערלעך. ער האָט פאַר די קריסטלעכע עדות געהאַלטן אַ רעדע וואָס קען אפשר דינען ווי אַ שליסל צו דעם ווי ער וויל פירן דעם פּראָצעס און אפשר אויך צום אויסגאַנג פון פּראָצעס. ער האָט געפאָדערט פון זיי דעם אמת, ווייל נאָר דורכן אמת קען מען פאַרקלענערן די שנאה און דעם האַס צווישן פאַרשידענע טיילן פון דער באַפעלקערונג. שוין גענוג געווען קרבנות, טייער האָבן געקאָסט די קריגערייען און יעדער עדות מוז זיך באַמיען נישט נקמה נעמען אין עמיצן, נאָר דורכן אמת-זאָגן העלפן איינשטעלן פרידלעכע באַציונגען. גערעדט האָט דער פאָרזיצער די דאָזיקע ווערטער מיט אַ פעסטער און באַפעלנדער שטימע. ליידער, האָט דאָס נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק אויף די קריסטלעכע עדות און זיי האָבן ווייטער זיך פאַרהאַלטן חוצפּהדיק און אַרויסרופעריש. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז צווישן די עדות זענען פאַראַן מער פּאָגראָמשטשיקעס און געפערלעכערע ווי אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. דער פאָרזיצער

האָט אויך געהאַלטן אַ רעדע פאַר די יידישע עדות, אָבער אין אַ ביסל אַן אַנדערן נוסח: דאָ האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו דערמאָנען, אַז אַ שבועה אָן אַ רב איז אויך אַ שבועה, ווייל גאָט איז אומעטום.

דערפאַר אָבער האָט דער פאָרזיצער צוויי בייזיצערס־ריכטער, וועלכע זענען באַקאַנט פאַר אַנטיסעמיטן און זיי באַהאַלטן גאָר נישט זייער אַנטיפּאַטיע צו די יידישע באַשולדיקטע.

די יידישע באַשולדיקטע ווערן פאַרטיידיקט פון אַ גרופּע גלענצנדע און זייער באַרימטע אַדוואָקאַטן. חוץ די יידן בערענסאָן, עטינגער, מאַרגולעס און קריגער, זענען דאָ די קריסטן פּעטרושעוויטש, פּאַסכאַלסקי און שימאַנסקי.

דער ערשטער, פּעטרושעוויטש, איז אַ ווילנער אַדוואָקאַט פון די אַמאָליקע רוסישע פּאָליטישע פאַרטיידיקער, אַן אמתער מענטשן־פריינד, אַן אמתער לינקער, אַן אָנגעזעענער און געאַכטער יוריסט וואָס איז אויך פּראָפעסאָר אין ווילנער אוניווערזיטעט. פּאַסכאַלסקי איז דער פּרעזידענט פון די „סטשעלצעס", פון דער דאָזיקער פּילסודסקי־אָרגאַניזאַציע וואָס שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין פּאָליטישן לעבן פון פּוילן.

פון דער פּאָגראָמשטשיקעס זייט טרעטן אַרויס 15 אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן. די בעסטע זייערע אַדוואָקאַטן פון וואַרשע און לאָדזש, חוץ ראַדאָמער, האָבן געהאַלטן פאַר זייער „מאָראַלישן" חוב צו קומען ראַטעווען די פּאָגראָמשטשיקעס. און פון ערשטן מאָמענט אָן האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי זענען געקומען נישט צוליב געלט, נישט צוליב דעם אָדער יענעם איינציקן באַשולדיקטן, נאָר צו ראַטעווען דאָס פּוילישע פאָלק פון דער יידישער פּיאַווקע. און ס׳איז, ליידער, טאַקע אַ פאַקט, אַז קיינער פון זיי נעמט נישט קיין געלט. מען איז געקומען פון מצווה וועגן און מען שוויצט גאַנצע טעג אין געריכט נאָר פון מצווה וועגן. הכלל, איבערצייגטע, פאַרביסענע, געניטע אַנטיסעמיטן. און צווישן זיי איז פאַראַן אַ יונגע אַדוואָקאַטין, אַ גאַנץ שיינע, מיט אַ גאַנץ סימפּאַטישן פּנים, צו וועלכן עס פּאַסט אַזוי נישט די גיפט־שנאה וואָס שפּריצט פון איר מויל יעדעס מאָל ווען זי שטעלט פראַגן אַ יידישן באַשולדיקטן. זי איז אָבער זייער אַקטיוו.

די סצענע איז אָפן: די אַקטיאָרן זענען אויף דער סצענע. מיט האַרץ־קלאַפּעניש כאַפּן די יידן פון פּוילן און אפשר אויך די יידן פון דער גאַנצער וועלט יעדע ידיעה פון דער דאָזיקער סצענע.

*

די צוויי טעג וואָס איך האָב פאַרבראַכט ביים פּשיטיקער פּראָצעס זענען געווען אמתע היסטאָרישע טעג. נישט אַזוי ווייל עס זענען אויפגעטראָטן גרויסע העלדן און האָבן אויפגעדעקט די גאַנצע טראַגישע לאַגע פון אַ גרופּע מענטשן וואָס ווערן טאָג־טעגלעך

באַפאַלן, וואָס דאַרפן געשיצט ווערן פון דער פּאָליציי און ווערן נישט געשיצט און וועלכע עס איז דאָך פאַרבאָטן אַליין זיך צו פאַרטיידיקן, באַזונדערס זיך אָרגאַניזירן צוליב זעלבשוץ. ליידער, זענען אויפן פשיטיקער פּראָצעס קיין גרויסע העלדן נישט פאַראַן. כמעט אַלע באַשולדיקטע באַמיען זיך צו באַווייזן אַז זיי זענען בודעם-מענטשן און דעריבער האָבן זיי נישט געקענט שיסן און נישט געוואָלט שיסן און אַפילו נישט געטראַכט וועגן שלאָגן פּאָגראָמשטשיקעס. דער עדות לעסקאָ שטעלט דאָ פאָר אַן אויסנאַם, אָבער מיר האָבן מורא, אַז נאָר ווייל ער איז אַזוי אַריינגעפאַלן, אַז ער מוז זיך מודה זיין און מוז אַרויסרוקן דעם מאָטיוו וועגן זעלבשוץ, וועגן פאַרטיידיקן זיך קעגן אָנפאַלער. לעסקאָ, ווי באַקאַנט, האָט געשאָסן פון פענצטער און געהרגעט אַ פּוליער און אים שטייט פאָר די גרעסטע שטראָף.

לאָמיר זיין אומפּאַרטייאיש צו אַלע יידישע באַשולדיקטע וואָס זיצן מיט מורא און פחד אויפן פּראָצעס און באַליידיקן און שענדן זיך אַליין און זייער אייגענעם כבוד. אין טאָג פון פּאָגראָם האָבן זיי זיך געהאַלטן אַ סך העלדישער, אַ סך מוטיקער, אַ סך שענער און אַ סך ווירדיקער. און נישט איין כוליגאַנישע פּלייצע האָט געפילט דעם טעם פון אַ יידיש שטיק אייזן, דעמאָלט האָבן זיי געהאַנדלט ווי געזונטע נאָרמאַלע מענטשן דאַרפן און מוזן האַנדלען אויף אָנפאַלן.

און דאָך זענען די צוויי טעג פון פּראָצעס געווען היסטאָרישע, ווייל דער אינהאַלט פון די פאַרהאַנדלונגען איז דערהויבן געוואָרן צו אַ הויכן שטאַפּל און ווייל אין זאַל פון געריכט איז אויסגעשריען געוואָרן דער ווייטיק און דער צער נישט פון איינצלנע מענטשן, נאָר פון אַלע פּוילישע יידן, פון גאַנצן דריי מיליאָנען קיבוץ וואָס טרינקט זיך ממש אין צרות.

און דער פאַרדינסט דערפאַר קומט אַ פּשוטן יידן, טאַקע גאָר אַ פּראָסטן יידן פון די טיפן וועלכע שלום-עליכם האָט פאַראייביקט אין זיין „טוביה דער מילכיקער". אָט די דאָזיקע פּראָסטע מענטשן, פעסט אין זייער גלויבן, זיכערע אין זייער געוויסן, גאַנצע, נישט צעשפּאָלטענע נאַטורן, אָפנהאַרציקע און גרויסמוטיקע, נישט שרעקעוודיקע און וואָס ציטערן נישט פאַר זייער פעל און זענען גרייט געבראַכט צו ווערן פאַר אַ קרבן, אויב דער כלל נייטיקט זיך אין דעם — אָט אַזעלכע מענטשן ווערן אָפט העלדן, נישט וויסנדיק אפילו אַז זיי רעדן אָדער האַנדלען העלדיש. אָט אַזוי בין איך! — דאָס איז דאָס סימפּאַ־טישסטע אין די דאָזיקע פּראָסטע, פאָלקס-קלוגע מענטשן און דערמיט צווינגען זיי אַפילו שונאים זיי אויסצוהערן.

און אָט אויפן פּראָצעס האָט גאָט צוגעשיקט אַזאַ טיפּ פאָלקס-מענטשן וואָס מאַכט זיך נישט און פאַרשטעלט זיך נישט. שפּילט זיין ראָלע אַבסאָלוט נאַטירלעך און אַזוי ערלעך, אַזוי געוויסנהאַפט, אַזוי ווירקלעכקייט-אמתדיק, אַז ער איז אין די צוויי טעג געוואָרן אַ

צענטראַלע פיגור. זיין נאָמען איז אייך שוין מסתמא געבליבן אין זכרון פון די טעלע־גראַמעס: פעלדבערג, לייזער פעלדבערג.

ער איז אַ הויכער ייד פון 68 יאָר. ער האָט אַ בלאַסן פּנים פון זיצן וואָכן אין אַרעסט. און עטלעכע גוליעס אויפן נאַקעטן קאָפּ. ער איז אַ טויבער און דעריבער איז זיין גאַנצע פיגור, באַזונדערס דאָס פּנים, שטענדיק ווי אָנגעשטרענגט און אָנגעצויגן. ער האָט שוין געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון ערשטן טאָג אָן. זיין גאַנצער אויסזען האָט עפּעס ווי געשריען, אַז אין אַ לאַנד וווּ אַט דער אַלטער מאַן קען זיצן אין אַרעסט פאַר באַפאַלן און שלאָגן אומשולדיקע פּויערים, הערשן געוויס ווילקיר און אַנאַרכיע, אומגע־זעצלעכקייט און אומאָרדענונג, כאַאָס. שוין ביים ענטפערן אויף די ערשטע פאָרמעלע פראַגן פון געריכט־פאָרזיצער האָט זיך געפילט אין דעם דאָזיקן יידן אַ באַזונדערע אינערלעכע זיכערקייט, אַ באַזונדערע געוויסן־ריינקייט און געוויסן־פעסטקייט. רויִק־אָנגעשטרענגט גייט ער צום סטענדער פון געריכט און ענטפערט — און זיין ענטפער מוז מען גלויבן. אין צווייטן טאָג פון פּראָצעס איז אים געוואָרן נישט גוט און מען האָט אים געמוזט באַפרייען פון זיצן אין געריכט, אָבער היינט, דעם פערטן טאָג פון פּראָצעס, ווערט ער פאַרהערט.

און דער דאָזיקער פאַרהער האָט אונדז פאַרשאַפט כבוד און נחת. אַט דער 68־יאָריקער ייד דערקלערט אָפן, שטאָלץ, מוטיק, הויך, כמעט ווי אויסגעשריען, אַז ווען ער וואָלט געהאַט אין יענעם מאָמענט געווער, וואָלט ער געוועזן געשאָסן, און ער גייט צו גאַנץ נאָענט צום ריכטער און שרייט אים אַריין גלייך אין פּנים: „ווען אַפילו איר, הער ריכטער, זאָלט מיר טאָן שלעכטס, וואָלט איך זיך אויך פאַרטיידיקט!“

דאָס מאַכט אַן אומגעהויערן איינדרוק. אָבער אינטערעסאַנטער און פּיקאַנטער און איינדרוקספולער איז געווען זיין דערציילן. ער דערציילט, כמעט ווי אין אַ פּאָעמע, אַז ער געהערט צו איין פאַראיין — צום פאַראיין פון אברהם אבינו! די קינדער פון דעם דאָזיקן פאַראיין זענען געשטאַנען אונטער דעם באַרג סיני און האָבן די ערשטע פאַרנומען גאָטס שטים, וועלכע האָט באַפוילן: לא תרצח, לא תגנוב! זאָלסט נישט הרגענען, נישט גנבענען! און די דאָזיקע גאָטס געבאָטן זענען ביז איצט הייליק, דאָס הייליקסטע ביי דעם דאָזיקן פאַראיין. דאָס איז געווען דער אַריינפיר, כדי צו מאַכן דעם אויספיר אַז יידן, קינדער פון אברהם אבינו, האָבן נישט געטשעפּעט קיינעם און זענען געווען גליקלעך, ווען מען האָט זיי געלאָזט רויק אַרבעטן און לעבן. נאָר אָן מעסערס און אָן שטעקנס, און אין שטעטל וואָלט געווען רויִק און שלום — אַט דאָס האָט פעלדבערג איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. מיט אַ רויִקער, אָבער שטאַרק ווירקנדיקער שטים דערציילט ער ווי מ׳האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט מעסערס און שטעקנס, ווי מען האָט אַפילו געשלאָגן פּויערים וועלכע האָבן געוואָגט צוצוגיין צו אַ יידישן „סטראַגאַן“, ווי מען האָט דאָס שטעטל פאַרוואַנדלט אין

א גיהנום און די מאַרק־טעג אין פֿיין־טעג, אין קאַטאַסטראָפע־טעג, און ייִדן זענען געלאָפֿן צו דער אָרטיקער און ראַדאָמער מאַכט.

ער דערציילט אָפֿן ווי דער סטאַראָסטע האָט אויפגענומען אַ ייִדישע דעלעגאַציע, אין וועלכער ער איז אויך געווען און ווי דער סטאַראָסטע האָט ציניש באַרויקט די ייִדן, אַז „דערווייל זענען דאָך קיין געהרגעטע נישטאָ". אין פּשוטע ווערטער דערציילט ער ווי מען האָט דעם ייִדישן שוסטער פּאַלאַנט אַריינגעוואָרפֿן אין טייך און ווי די ייִדישע דעלעגאַציעס האָבן געפּאַדערט שוץ, געבעטן ראַטעווען פֿון מאָרד, אָבער דער סטאַראָסטע האָט זיך געווערטלט און געזאָגט אַז מען שלאָגט איבער דער קעשענע. „ניין", — שרייט אויס אין געריכט דער אַלטער לייזער פֿעלדבערג, — „מען שלאָגט אונדז איבער די קעפּ און נישט איבער דער קעשענע! לאָז מען נאָר לאָזן אונדזערע קעפּ גאַנץ און די גויים וועלן ווייטער קויפֿן ביי אונדז!"

עס איז נישט איבערצוגעבן די גאַנצע רעדע פֿון דעם דאָזיקן אומדערשראָקענעם מוטיקן ייִדן. ער איז בכלל געווען, ווייזט אויס, אין שטימונג. ער שטעלט אַריין אַזאַ פֿראַזע: „פֿאַר מיר איז אַ גוטער גלח בעסער ווי אַ שלעכטער רב", דאָס מאַכט אַן איינדרוק, ווייל מען פֿילט די אמתדיקייט פֿון זיינע ווערטער.

אויפֿן קומענדיקן טאָג איז אָבער געווען נאָך אינטערעסאַנטער. ערשט דעמאָלט האָט דער אַלטער געוויזן, ווי ער לעבט איבער די פּשיטיק־טראַגעדיע, וואָס איז די טראַגעדיע פֿון העכער דריי מיליאָן ייִדן. ער איז געקומען אין געריכט אַ בלאַסער, אויסגעשעפּטער, מען האָט געזען אויפֿן פּנים אַז דער אַלטער איז שלעכט געשלאָפֿן און ווערט געפּייניקט פֿון עפּעס. ער הייבט זיך אויף באַלד ביים אָנהייב זיצונג און דערקלערט אַז ער האָט עפּעס נאָך צוצוגעבן צו זיינע נעכטיקע רייד. ליגנדיק אויף דער האַרטער באַנק אין טורמע האָט ער זיך דערמאָנט זאַכן וועלכע ער האָט נעכטן פֿאַרגעסן צו דערציילן. און דער אַלטער דערציילט אויספירלעך ווי מען האָט אַריינגעוואָרפֿן אין טייך דעם ייִדן פּאַלאַנט און ווי ער האָט דערציילט דעם סטאַראָסטע אַז מ'האָט געהרגעט אַ ייִדן. ביי דעם מאָמענט שרייען אויס דער פֿאָרזיצער, דער פּראָקוראָר און דער אַנטיסעמיטישער אַדוואָקאַט קאָוואַלסקי: „זענען דאָך קיין ייִדישע טויטע נישט געווען!" דער אַלטער לייזער שטעלט אָן אויף אַלע אַ פּאָר גרויסע אויסגעשאַרפֿטע אויגן און ענטפֿערט: „זיי האָבן אים דאָך דערמאָרדעט!" ער האָט די דאָזיקע ווערטער אַרויסגעזאָגט שוין שטאַרק שטיל, ווייל די פֿראַגע פֿון די דערמאָנטע דריי האָט אים, ווייזט אויס, גאָר דערשלאָגן, אָבער אין זיין בליק איז געווען אַלץ: פֿאַרווונדערונג און פֿאַראַכטונג.

אַ בלייכער און אויפגערעגטער זעצט ער זיך אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. מען פֿאַרהערט איינציקע קריסטלעכע עדות. ס'קומט אַריין דער קריסטלעכער עדות ראַגולסקי, דער בעל־הבית פֿון הויז אין וועלכן ס'זענען אַזוי בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן די

מינקאָווסקיס. דער דאָזיקער ראָגולסקי האַלט זיך גאַנץ רויִק, דערציילט אַז ווען ער איז אַריין אין שטוב פון די מינקאָווסקיס, האָט ער שוין געטראָפן דעם מאַן אַ טויטן און די פרוי האָט נאָך געגוססט. אויף דער פראַגע פון פאָרזיצער צי קען ער נישט די מערדער, ענטפערט ער: „ניין". אָבער בשעת מעשה שפרינגט אויף דער אַלטער פעלדבערג, לויפט צו צום ריכטער־טיש און שרייט אויס: „איך קען מער נישט אויסהאַלטן! איך קען מער נישט אויסהאַלטן!" און אַנווייזנדיק אויף ראָגולסקין, שרייט ער אויס נאָך העכער: „ער, ער האָט זיי דערהרגעט! ער איז דער מערדער!"

פעלדבערג פאַלט אום, עטלעכע פון די אָנגעקלאָגטע וויינען. מען רייסט איבער די זיצונג. מען פירט אָפּ פעלדבערגן אין שפּיטאָל.

די דאָזיקע סצענע וועט שוין בלייבן פאַר די אויגן פון אַלע וואָס זיצן אין זאַל פון געריכט. מעגן די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן, צווישן וועלכע עס זיצן אויך אַן איינעקל פון אַ געשמדטן יידן, פון באַרימטן היסטאָריקער קרויזהאַר, שמייכלען אין זייערע ריין־פּוילישע שטעכעדיקע וואָנצעס; מעגן די אַנטיסעמיטישע קאָרעספּאָנדענטן קריצן מיט די ציין און צעשמירן די ווערטער פון יעדן חיהשן עדות און פאַרשווייגן די וויכטיקסטע מאָמענטן אין געריכט — קיינער וועט זיך נישט באַפרייען פון דער ווירקונג פון לייזער פעלדבערג, פון דעם דאָזיקן פאָלקס־מענטשן וואָס פון יעדן וואָרט זיינעם, פון יעדער באַוועגונג זיינער שטראַלט ממש אַרויס פאָלקס־חכמה און פאָלקס־אמת.

*

24סטער יוני, 1936

וועגן פּשוטיקער פּראָצעס וואָלט מען געקענט שרייבן בערג. יעדן טאָג, יעדע שעה זענען פאַראַן איבעראַשונגען, כאַראַקטעריסטישע שטריכן. ווי אין אַ פילם פליען פאַר אייך בילדער און בילדער: עדות, יידישע און נישט־יידישע, אַלטע גויעס און אַלטע ווייבער. אַלטע יידן און אַלטע גויים, יונגע דאָרף־שקצים און קליינשטעטלדיקע פאַרקעמטע שקצים מיט שניפּסלעך. אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן, ביז גאָר אינטערעסאַנטע, אָפּט פאַרכאַפּנדע, אַן אמתע לאַבאָראַטאָריע אָדער אָבסערוואַטאָריע, אַ באַאָבאַכטונג־פּונקט פאַר קינסטלער און אויך פאַר סאָציאָלאָגן, פאַר די וואָס שטודירן דעם אַנטוויקלונג־גאַנג פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

מען זעט דאָ, דאָס דאָרף שאַפט זיינע מענטשן און ווי דאָס שטעטל שניצט זיי אויסערלעך אַ ביסל אַרום, נעמט ביי זיי צו די נאַטור־איינפאַכקייט און די דאָרפישע נאַיווקייט, שמירט זיי אָן מיט קליינשטעטלדיקער פּאָמאַדע, לערנט זיי אויס אַ ביסל טייטלען אין אַ צייטונג און אַ ביכל, וועקט אויף אין זיי אַפּעטיטן און באַגערן, מאַכט זיי גרויזאַמער און נשמה־פינצטערער, ציינישער און ציין־שאַרפער. דערפאַר אָבער קען ער

לייכטער זאָגן אַ ליגן, האָט שוין נישט אַזוי מורא פֿאַר שמיץ אויף יענער וועלט, שרעקט זיך שוין נישט אַזוי שטאַרק פֿאַר אַ שטראָף אויף דער וועלט, ווייל ער גלויבט מער פֿון דעם דאָרפֿישן אַנטיסעמיט, אַז זיין פּאַרטיי וועט גאָר גוט זיגן. און דערמיט דערקלערט זיך וואָס ער איז חוצפּהדיקער; האַלט זיך ווי ער וואָלט שוין געהאַט אין קעשענע אַ האַלבן זיג אָדער נאָך מער, פֿילט זיך ווי דער קומענדער בעל־הבית איבער די ריכטער און פּראָקוראָרן און האָט כמעט קיין שום אָפּשיי נישט פֿאַר זיי.

צוקוקנדיק זיך צו דעם דאָזיקן עדות־עולם מיט די קליינשטעטלדיקע שניפּסלעך, דערמאָנט מען זיך נישט־ווילנדיק אָן דעם פּראָצעס אין בערלין וועגן דעם פּאָגראָם אויף קורפֿירסטענדאַם. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַ בערלינער כוליגאַן זעט גאַנץ אַנדערש אויס ווי אַ פּשיטיקער, אַבער עס איבערראַשט איין געוואַלדיקע ענלעכקייט — די זעלבע חוצפּה וואָס איז געבויט אויפֿן פֿעסטן גלויבן, אַז אָט־אָט וועט מען האָבן די בייטש אין דער האַנט און מען וועט געוועלטיקן. אַ באַזונדערער ציניזם שרייט אויס פֿון דער דאָזיקער חוצפּה, אָבער מען מוז מודה זיין, אַז זי ווירקט, זי באַאיינפֿלוסט באַזונדערס די ריכטער און דעם פּראָקוראָר. ווי דאָרטן, אין בערלין, אַזוי אויך דאָ, אין ראַדאָם, רעדן זיי, די דאָזיקע עדות, וואָס וואָלטן אין דער אמתן געדאַרפֿט זיצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק, אויך באַפֿעלעריש, תקיפֿהדיק.

מיר האָבן שוין אין אונדזער ערשטן בריוו וועגן פּשיטיקער פּראָצעס געמאַכט אַ שטיקל פֿאַרגלייך צווישן די יידישע מיט די נישט־יידישע עדות. אָבער דעמאָלט האָט מען געזען אַ גרויסע מאַסע, עטלעכע הונדערט נישט־יידן און כמעט אַ הונדערט יידן. איצט זעט מען זיי איינציקווייז און ערשט דאָ ווערט אַזוי קלאָר ווער עס איז דער שלאָגער און ווער דער געשלאָגענער, אַז אַפֿילו די ווילד־אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן פֿאַרלירן אָפּט זייער מוט און אין פֿאַלן ווען זיי עקשנען זיך איין, ווילן אומבאַדינגט אויסדרייען אַז יידן האָבן געשלאָגן, די פּויערים זענען אַנטלאָפֿן — פֿאַלן זיי מיאוס דורך.

לאָמיר ברענגען נאָך אַ פּאָר בילדלעך פֿון דעם עדות־זאָגן פֿון ביידע צדדים.

עס זענען געווען אַ פּאָר טעג יידישע, דאָס הייסט טעג, ווען די יידישע עדות האָבן אויפֿגעדעקט אַ קליין ווינקל פֿון דעם בלוטיקן מאָנטיק וואָס וועט בלייבן אַ דאַטע אין דער יידישער געשיכטע, אַ קליין ווינקעלע, ווייל מען לעבט דערווייל אין פּשיטיק, כאָטש מען גלויבט נישט אַז מען וועט זיך קענען דאָרט לאַנג האַלטן. מען זיצט אין געהאַקטע ווונדן אין פּשיטיק און מען האָט מורא צו דערקענען די שולדיקע. מאַכט מען זיך בלינד, תמעוואַטע, אַבי נישט צו רייצן דעם ווילדן שונא.

אָט שטייט חיה פֿרידמאַן. זי האָט געהאַלטן בשעתן פּאָגראָם אַ קליין קינד אויף דער האַנט, זי האָט זיך געבעטן ביי די כוליגאַנעס זיי זאָלן נאָר דאָס קינד נישט טשעפּען און זיי האָבן איר צוליב געטאָן און אַלע קלעפּ — אין איר אַריינגעלייגט. דער פֿאָרזיצער בעט

זי צוגייען צו דער באַשולדיקונג־באַנק און דערקענען די שולדיקע. זי פֿאַרענטפֿערט זיך, אַז פֿון די קלעפּ אין די אויגן האָט זי אָנגעהויבן זען שלעכט און זי וויל נישט נעמען אויף זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און אָנווייזן אויף מענטשן.

אַט שטייט גדליה העמפּעל — מען האָט אים צעהאַקט אַן אויג, צעבראָכן אַ ריפּ און געמאַכט אַ סך ווונדן איבערן גאַנצן קערפּער. ער איז עטלעכע טעג געלעגן אין שפּיטאָל און ביז היינט איז ער נאָך צו זיך נישט געקומען און וועט געוויס שוין קיינמאָל נישט קומען צו זיך. מען זעט אין זיין פּנים, אַז ער איז נישט נאָר אַ געשלאָגענער, נאָר אינגאַנצן אַ דערשלאָגענער. ס'איז נישט נייטיק דווקא צו פֿאַרלירן אַ פֿוס אָדער אַ האַנט, צו ווערן אַ קאַליקע, אַן אינוואַליד. פֿון 20 קלעפּ אין די זייטן און אַפֿאַר גוטע זעצן אין קאָפּ און אין די אויגן פֿאַרלירט מען עפּעס אַזוינס וואָס ס'איז אַמאָל מער פֿון אַ פֿוס. אויך דער דאָזיקער עדות, אַ נערוועזער, אַן אומזיכערער, האָט מורא צוצוגייען צו דער באַשולדיקונג־באַנק און אָנווייזן קלאָר אויף די כוליגאַנעס.

פּריוואַט זאָגן זיי אָפֿן אַז זיי קענען די כוליגאַנעס, אָבער זיי האָבן מורא פֿאַר נקמה.

אַט גייט אַריין אַן עלטערע יידענע, די מוטער פֿון באַשולדיקטן באַרענשטיין. יעדע פּשיטיקער יידענע וואָס איז אַלט 45 אָדער 50 יאָר, זעט אויס ווי פֿון 60 אָדער 65 — אַ צעקנייטשט אָפּגעלעבט פּנים, איינגעפֿאַלענע אויגן און אַ שרעקלעך דאַרער קערפּער. און אַלע זענען זיי באַבעס. זי דערציילט שטיל, רויק, אָבער אַלע ווערן אויפֿגעטרייסלט. זי מאָלט אַ בילד ווי זי איז מיט אַכט קינדער און אַ 6־יאָריק אייניקל אַרויף אויפֿן בוידעם, ווי אַלע האָבן געזאָגט ווידוי, ווי דאָס אייניקל האָט געבעטן זי, די באָבע, מיט אים זאָגן ווידוי. איר עדות זאָגן שפּילט אָפּ אַ סצענע וואָס חזרט זיך אָפֿט איבער אין געריכט. איינער פֿון די ריכטער, דער אויסגעשפּראָכענער אַנטיסעמיט מיטן נאָמען פּלעוואַקאַ, פֿרעגט די אַלטע באַרענשטיין צי האָט זי אַ זון אַ קאָמוניסט. זי ענטפֿערט, אַז זי האָט געהאַט אַ זון אַ קאָמוניסט, נאָר ער איז אין טורמע געשטאָרבן. זי גיט אַפֿילו נישט קיין קרעכץ, נאָר מען פֿילט אַז איר מאַמעס האַרץ גיסט זיך אָפּ מיט בלוט. שפּרינגט אויף אַן אַנטיסעמיטישער אַדוואָקאַט און פֿרעגט, צי דער באַשולדיקטער זון איז אויך אַ קאָמוניסט. דער באַשולדיקטער באַרנשטיין שפּרינגט אויף און שטעלט פֿעסט, אַז מען האָט ביי אים געפֿונען אַ שקל נאָך פֿון יאָר 1917.

די נאַראָדאָווע־דעמאָקראַטישע (אַנטיסעמיטישע) אַדוואָקאַטן באַמיען זיך דערווייזן, אַז אַלע יידן זענען קאָמוניסטן און די שרעקלעכסטע קאָמוניסטן פֿון פּשיטיק זענען די 14 וואָס זיצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. און מען מוז פֿעסטשטעלן, אַז ווי נאָר מען דערמאָנט דאָס וואָרט „קאָמוניזם”, איז ווי דער טייוול מיט גרויסע הערנער זאָל אַריינ־שפּאַצירן אין געריכטזאַל און אָנוואַרפֿן אַ פּאַניק אויף אַלע. עפּעס רעדן אַלע אַרויס דאָס וואָרט מיט אַן אַנדערן טאָן. די אַנטיסעמיטישע אַדוואָקאַטן, די ריכטער, דער פּראָקוראָר

— מיט אַ טאָן, ווי דאָס וואָלט געווען דער מיאוסטער פאַרברעכן אין דער וועלט, ווי דאָס וואָלט געווען אַזאַ גראַד פון מאָראַליש פאַלן, וואָס נידעריקער קען שוין נישט זיין. דערביי פילט זיך אַזאַ בייגעשמאַק: אַז נאָר ידדן קענען אַזוי מאָראַליש פאַלן און ווערן קאָמוניסטן... די ידישע באַשולדיקטע ווערן אויפגעציטערט. און נישט נאָר ווייל זיי זענען פאַקטיש נישט קיין קאָמוניסטן, נאָר ווייל זיי פילן, אַז דער קלענסטער חשד, דער מינדסטער פאַרדאַכט אין קאָמוניזם, קען זיי באַגראָבן. וואָרום דער דאָזיקער פאַרדאַכט קען מאַכן בלינד דעם ערלעכסטן ריכטער.

שפּאַצירט אַריין אַ ייד מיט אַ ווייסער באָרד, קוים וואָס ער גייט; ער איז וואָכן געלעגן אין שפּיטאָל. ער האָט שוין געבעטן דעם טויט אויף זיך. דער מלאך־המות איז שוין טאָקע געשטאַנען ביי זיין בעט, נאָר אין לעצטן מאָמענט איז ער אַוועק. נישט באַשערט געווען אויסגעלייזט צו ווערן פון גלות לעבן. מיט אייזנס האָט מען אים געשלאָגן איבערן קאָפּ און ביז וואַנען ער איז נישט געפאַלן אין חלשות און די כוליגאַנעס האָבן נישט געמיינט אַז ער איז שוין טויט, האָבן זיי נישט אויפגעהערט. ערשט אין שפּיטאָל, אין בעט, אין עטלעכע שעה אַרום, איז ער געקומען צו זיך, ריכטיקער, ער האָט דערפילט זיינע איבער־מענטשלעכע ווייטיקן פון וועלכע נאָר דער טויט קען אים אויסלייזן. וואָס קען אָט דער לייבוש טויבער דערציילן? ער ציטערט, ער איז נאָך איצט אין שרעק — און מען קען פון אים גאָרנישט אַרויסבאַקומען. אָט דער האַלב־טויטער אַלטער ייד איז אָבער געווען דער לעבעדיקער עדות פון דעם ווער ס'האָט באמת געמאַכט אַ פּאָגראָם אין אויך וועגן דעם ווער ס'איז פעיק צו זיין ווילד, מערדעריש, חיהש.

אָבער ווי חיהש און ווי מערדעריש און ווי נידערטרעכטיק אַ מענטש איז נישט פעיק צו זיין, איז ער דאָך אַ מענטש. און אַפילו אָט די 44 פּאָגראָמשטשיקעס וואָס האַלטן זיך ווי חתנים, ווי העלדן, ווי גרויסע נאַציאָנאַלע קעמפער; נאָך מער, אפילו אָט די אַנטיסע־מיטישע אַדוואָקאַטן, אָט די אמתע חיות, אָט די אמתע בייזע טייוולאָנים וואָס האָבן, דאַכט זיך, באַקומען אוניווערסיטעט־בילדונג נאָר כדי צו מאַכן די חיה אין זיך שפּיציקער, סאַדיסטישער, צינישער — אַלע זענען דאָך באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט און אַלע האָבן אין זיך אַ מענטשלעכן פונק. ס'איז געווען גענוג אַוועקצוזעצן פאַרן ריכטער די עדותטע פייגע שוך — שטיין קען זי נישט, אָט די מאַמע וואָס האָט גענומען אויף זיך קלעפּ פון צען כוליגאַנעס, אָבי נישט דערלאָזן אַז אַ שטעקן אָדער אַ שטיין זאָל טרעפן עמיצן פון אירע זיבן קינדער. אָט די צעבראָכענע ידענע האָט אומגעקערט די ווילדעסטע חיות צו זייער מענטשלעכן פּנים. די דאָזיקע פייגע שוך, ערשט צוריק מיט אַ האַלב יאָר אַן אייזערנע ידענע, האַלט אין איין חלשן. ווי קען מען נישט חלשן, ווען מען זעט דיינע מערדער פריי אַרומשפּאַצירן אין קאָרידאָר? ווי קען מען אויסהאַלטן, ווען דיינע מערדער טרעטן נאָך אַרויס ווי עדות, אַז יענע מערדער וואָס זיצן שוין אויף דער באַשולדיקונג־באַנק זענען

גאָר כשרע לעמעלעך וועלכע זענען געקומען אויפן מאַרק זוכן כלות אָדער זוכן אויפן בית־עולם אַ קבר פון אַ קרוב ? אַלזאָ, זי קען נישט שטיין און מען דערלויבט איר צו זיצן פאַרן געריכט. און דאָס איז געגוג — דאַרף זי נאָך עפּעס דערציילן ? דאַרף זי נאָך רעדן ? איר גאַנצער צעבראָכענער, צעקאַליעטשעטער קערפּער שרייט דאָך אַז אין פּשיטיק האָבן בעווילדעוועט חיות, אַז אין פּשיטיק האָט מען געמאָרדעט פון ליבע צו מאָרד, פון בלוט־דורשטיקייט, פון תענוג האָבן צו האַקן מיט שטיינער אין קעפּ פון שוואַכע מענטשן. און דאָך דערציילט זי אַז זי איז געבליבן אין שטוב, כדי צו געבן צייט אַלע זיבן קינדער זיך צו באַהאַלטן אויפן בוידעם. האָט מען צוערשט געוואָרפן שטיינער דורכן פענצטער. נאָכדעם האָט מען זיך אַריינגעריסן אין שטוב און זי, אַ מוטער פון זיבן קינדער, גענומען שלאָגן.

זי ליגט שוין אַ מער טויטע ווי לעבעדיקע אויף דער ערד און די כוליגאַנעס קלייבן זיך שוין אַוועקגיין מיט אַ פריילעכער באַמערקונג, אַז די פייגע איז שוין געוויס אויף יענער וועלט, אָבער צום אומגליק האָט איר קערפּער נאָך זיך אַ טרייסל געטאָן און די כוליגאַנעס האָבן זיך אומגעקערט און ווייטער געשלאָגן : „ווי שטאַרק זי איז, צו אלדי רוחות !” האָט איינער זיך געבייזערט, אָבער אַז ס'איז באַשערט צו לעבן לעבט מען און פייגע שוך הייבט זיך אויף און קריכט קוים אַריין צו איר קריסטלעכע שכנטע. מיט וועלכע זי לעבט צענדליקער יאָרן אַ טיר אין אַ טיר. זי בעט זיך זי לאָזן אויף אַ ווײַלע, אָבער די שכנטע טרייבט פון שטוב. דערביי צעוויינט זיך די פייגע : „מילא, כוליגאַנעס זענען ווילד, דאָס איז נאַטירלעך, אָבער איר לאַנג־יאָריקע שכנטע קאַשיאַ זאָל האַנדלען אַזוי חיהש, דאַס איז שוין נישט איבערצוטראָגן !” זי רעדט, אָט דער שאַרבן. אָט דער רעשט פון אַ מענטש האָט מוט, האָט אַ באַדערפעניש צו רעדן און צו דערקענען אירע מערדער, און זי דערקענט זיי : דריי זענען זיי, די הויפּט־פירער, די הויפּט־שלעגער, די אייזן־שלעגער.

דער פּראָקוראָר לייגט פאָר, אַז מען זאָל אַוועקשטעלן די דריי וועלכע זי דערקענט, צווישן אַנדערע אַכט. ביי דער דאָזיקער אָפּעראַציע פאַלט זי אין חלשות, אָבער זי קומט צו זיך און דערקענט ווידער די מערדער. אינעם דאָזיקן שוואַכן קערפּער לעבט נאָך אַ וואַכעדיקע נשמה ; אינעם דאָזיקן צעשלאָגן־פאַרוווּנדעטן קאָפּ אַרבעט נאָך אַ געזונטער מוח — און זי דערקענט אַלץ און זי וויל רעדן און וויל דערקענען. יאָ, זי איז פון אייזן... ווי דער דאָקטער האָט איר געזאָגט, בשעת מען האָט זי געבראַכט אין ראַדאָמער שפּיטאָל.

נישט איר קערפּער איז פון אייזן, נאָר איר נשמה, איר גייסט. אַלטער יידישער גייסט, געשמידט פון אמתן גלויבן, פון יידישן בטחון און פון יידישן נישט־פאַרלירן זיך : אין חדש תחת השמש ! נישטאָ קיין נייעס אויף דער וועלט ! פּשיטיק איז נישט דאָס ערשטע גיהנום־אָרט און די צעבראָכענע פייגע פון פּשיטיק איז נישט דער ערשטער יידישער קרבן ! שוין געזען גרעסערע זאַכן : שייטער־הויפנס, תליות, מאַסן־מאָרדן, הונדערטער קהילות חרובע ! הונדערטער טויזנטער פאַרטריבענע און פאַרפּייניקטע ! פייגע פון פּשיטיק

געפינט זיך אין אַ גאַנץ סימפּאַטישער געזעלשאַפט. זי פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ! פייגע פון פשיטיק, אַ מאַמע פון 7 קינדער, איז אַ שוועסטער פון מיליאָנען ברידער און שוועסטער אין דער גאַנצער וועלט און זי פילט זיך נישט פאַרלוירן אין ראַדאָמער פּראָצעס. אַלץ איז שוין געווען און אַ סך וועט נאָך זיין און פייגעס אמונה וועט נישט ווערן געבראָכן און וועט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן!

שווער איז צו דערציילן וועגן יתומים־עדות. עס שטייט אַפילו אין דער גמרא, אַז יתומים קענען נישט רחמנות האָבן. און ס'איז אַזוי נאַטירלעך. איך האָב די יידישע יתומים געזען אין יתומים־הויז, פּאָגראָם־יתומים זענען ביי מיר קיין נייעס נישט: איך האָב זיי געזען אין קישיניעוו, אין ביאַליסטאָק, אין אָדעס, אין קיעוו און אין אַ סך אַנדערע שטעט. איך האָב געזען דערוואַקסענע און קליינע יתומים. אָבער אַזעלכע רויקע, באַרויקטע יתומים ווי די קינדער פון די דערמאָרדעטע מינקאָווסקיס — האָב איך נישט געזען. אין די אויגן פון די פּאָגראָם־יתומים האָט מען תמיד געקענט זען דעם שטעקן־געבליבענעם שרעק, דעם פּחד וואָס האָט אָנגעכאַפּט דעם קינדס נשמה און האַלט זי אין קלעם. די יתומים פון פשיטיקער פּאָגראָם מאַכן אַן איינדרוק, אַז זיי ווייסן נאָך נישט אַז שטאַרבן הייסט אויף אייביק פאַרלוירן, אויף אייביק נישט זען דער מאַמעס אויגן, אויף אייביק נישט הערן דעם טאַטנס קול. זיי וואַרטן נאָך אויף אַ נס, אַז די עלטערן זאָלן זיך אומקערן און זיי צוריק נעמען צו זיך אין דער אייגענער שטוב, אין דער וואַרעמער שטוב פון טאַטע־מאַמע. זייער אמתע יתומקייט האָט מען ערשט דערפילט אין דעם זאַל פון פּראָצעס. און אפשר האָבן זיי אַליין אויך ערשט אין געריכט דערפילט דעם אמתן זין פון יתום זיין — די מערדער פאַר די אויגן האָבן געמוזט אַרויסרופן אויך די טאַטע־מאַמע פאַר די אויגן און די האַק און דאָס בלוט און די געשרייען און דאָס וואַלגערן זיך און קאָנוולסירן אין אַ קאַלוזשע בלוט און דאָס ליגן אונטערן בעט און דאָס צוקוקן און צוזען ווי מען האַקט מיט אַ האַק אין מענטשן, אין אַ טאַטן, אין אַ מאַמען.

און אַזוי איז געווען, דער זעקס־יאָריקער יתום האָט דעריבער נישט געקענט גאָר אויפהויבן די אויגן און אַ קוק טאָן אויף די מערדער. עס האָבן נישט געהאָלפן די צאַרטע רייד פון פאַרזיצער און נישט די ביטעס פון די יידישע אַדוואָקאַטן. ער קען נישט קוקן אויף די מערדער, אַפילו צו דערקענען. דאָס איז נישט פאַר די כוחות פון אַ זעקס־יאָריקן קינד. דערפאַר האָט זיך געהאַלטן ממש העלדיש דער 12־יאָריקער יתום, הערשל. ער האַלט אָפן די אויגן, אַ פּאָר שוואַרצע אויגן — ערלעך און מוטיק קוקט ער אויף די ריכטער אַדוואָקאַטן, באַשולדיקטע. און ער דערקענט די פיר מערדער, ער דערקענט זיי עטלעכע מאָל, אין פאַרשידענע פּאָזעס, אויף פאַרשידענע ערטער, געמישט מיט אַ סך אַנדערע. ער דערקענט אַזוי קלאָר און אַזוי פשוט, אַז אַפילו די בייזוויליקסטע אַדוואָקאַטן קענען זיך נישט אַרויסדרייען פון זיינע הענט. ער ענטפערט קורץ און קלאָר אויף אַלע פראַגן, אָבער

נישט אויסגעצוירט, נאָר פון האַרצן, פון זכרון, פון זיין שאַרף אויג וואָס האָט מסתמא אויף אייביק באַהאַלטן אי די ווילדע פנימער פון די מערדער, אי די שרעקלעך־פאַרבלוטיקטע פנימער פון טאַטע־מאַמע. זיין עדות־זאָגן האָט אַלעמען איבערראַשט און וועט געוויס שפּילן אַ גרויסע ראָלע ביים אַרויסטראָגן דעם אורטייל.

מיר קענען זיך נישט אָפּשטעלן אויף אַלע ייִדישע עדות — איינס איז געווען קלאָר: כמעט אַלע ייִדישע עדות זענען געקומען מיט סימנים אויפן לייב; ווער ס'איז טויב געוואָרן פון די קלעפּ און ווער ס'האָט פאַרלוירן דאָס זען; ווער ס'האָט געבראַכט 17 וווּנדן און ווער ס'האָט געבראַכט אַ וווּנד אין דער נשמה און ווער אַ לאָך אין קאָפּ. כמעט אַלע צעשלאָגענע, צעלעכערטע, רוינירטע פיזיש, גייסטיק און מאַטעריעל, מיט שפּורן אויף אייביק, אויף דורות.

1טער יולי, 1936.

(פונעם בוך „ערב חורבן” — פון ייִדישן לעבן אין פּוילן 1935—1937, אַרויסגעגעבן דורכן צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס, 1951. ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום”, באַנד 77.)



## אין דער דירה פון די מינקאָווסקיס

ש. בערלינסקי

מען האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם באַרימט געוואָרענעם וואַרשעווער געסל אין פּשיטיק, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער היסטאָרישער מאָנטיק.

די הייזלעך אין געסל זענען נידעריקע, אָפּגעבלאַקעוועטע. זיי קוקן אָבער אַזוי שאַרף, שניידן מיט די ניי־אַריינגעשטעלטע שייבלעך, עס וואַרפן זיך אויך אין אויג ניי־אַריינגעשטעלטע לאָדנס, טירן. לויט די „בייקייטן” קאָן מען דערקענען אויף וועלכן אָרט מע האָט זיך דאָ געלאָזט בעסער „ווויל־גיין”. זעסטו נייע שויבן מיט אַ נייעם לאָדן — אַ סימן אַז דאָ האָט מען אַ ביסל „מאריך געווען”. זעסטו נייע שויבן מיט אַ נייעם לאָדן און נייע טירן — אַ סימן, אַז מע האָט זיך געלאָזט דאָ, ווי זאָגט מען עס, „דורך טיר און טויער”.

דאָס הייזל ווו די מינקאָווסקיס האָבן געוווינט, איז טאַקע אינגאַנצן „באַנייט”.

אַ טאָכטער פון די מינקאָווסקיס ברענגט דעם שליסל און מע עפנט פאַר מיר דאָס שטיבל ווו זיי האָבן געוווינט. איך ווייס נישט פאַרוואָס האָט מיין אויג זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם צעטרעטענעם שטרוי וואָס ליגט צעשיט אַרום די בעטלעך. הענגט דאָך אויף

דער וואַנט ביי די בעטן אַ ליילעך מיט פאַסן בלוט, ליגט דאָך די מינקאָווסקיס אַ זשאַקעטל באַפלעקט מיט בלוט און אויף דער פאָדלאָגע — בלוט, בלוט, בלוט... און מיין אויג קאָן זיך דאַך נישט אַפרייסן פון די טריט אין די שטרוי, געוויינלעכע מענטשלעכע טריט, טריט פון שטיוול — און זיי ווירקן אויך. מען ווערט דאָ אַזוי שאַרפאויגיק, אַז דאָס קלענסטע ראַצעלע, עפּעס אַ קנייטש, דערציילט דיר, זאָגט דיר אויס אַלץ... יעגער אין די ווילדע דזשונגעלן, קומט מיר אויפן זין — לערנען דאָך אויך פון טריט — די טריט פון די חיות:



העד הצעיר ביותר במשפט פשיטיק,
שמואליק מינקובסקי, בן 6.

דער יונגסטער עדות אויפן פשיטיקער פראָצעס,
דער 6־יאָריקער שמואליק מינקאָווסקי.



הסבתא קיילה מינקובסקי ליד ביתם של
קרבנות הרצח.

די באָבע קיילע מינקאָווסקי ביים הויז
פון די דערמאָרדעטע.

וואָס פאַראַ גרעאַנגלענישן עס זענען פאָרגעקומען, ווער ס'האָט פאַרציקט, וואָהין איז מען אַנטלאָפן מיטן רויב. די טריט אין די דזשונגלען זענען דאָך אַן אָפן בוך. אויך איך פיל זיך דאַ, אין מינקאָווסקיס צימער, אין אַן ענלעכער אַטמאָספער.

דאָס שטיבל. וואָלט איך מיך אויסגעדריקט, האָט צוויי „טיילן". איין טייל: אַ צעבראָכענער טיש און בעטן, אַרויסגעריסענע טיר און פענצטער, און דער צווייטער טייל — לאָמיר זיך אַזוי אויסדריקן — איז דער פרידלעכער. דאָ איז דאָס באַלעבאַטישקייט פון

דער פאַמיליע מינקאָווסקי. דעם אמת וועל איך אייך זאָגן, אַז אָט דער צווייטער טייל האָט אויף מיר נישט ווייניקער געווירקט. שטעלט אייך פאָר: הענגט אויף דער וואַנט אַ לאָקשנברעט, אַן אָרעם יידיש לאָקשנברעט, מיט טייג באַקנעטן, אַוודאי פון מיטלמעל, פון אַ פאָר קיכלעך אויף שבת. אויף דער קיך מיט דער אַלט-פאַרצייטישער קאַפע, שטייט אַ לאָמטערל מיט אויסגעהאַקטע שייבלעך. דאָס לאָמטערל — זאָגט מיר מינקאָווסקיס טאָכטער — איז דעם ברודערלס. ער פלעגט קומען דערמיט פון חדר. איצט שטייט עס מיט אַלע פיר ווענטלעך אָפן...

און איצט דאָס „צירונג" פון דער שטוב: אַ האַנטעך-האַלטער אויף דער וואַנט. אין שטרוי ליגט אַ גיפסן פיגורל פון אַ מיידל. דאָס פיגורל ליגט אויף אַ זייט און שמייכלט נאַריש...

און אָט הענגט אין דער מיט שטוב אַ שטיק רער אויף אַ דראָט און שרייט מיט אַזאַ שוואַרץ מויל, דערציילט ווי אַזוי מע האָט עס צעריסן אין דער מיט.

און דאָס שוסטער-וואַרשטאַטל... עפּעס אַ דראָענדיקער פּחד יאָגט דערפון. אויפן טישל ליגט אַן אָל מיט אַ שפּיץ אַרויף און... וואַרט. אויף וואָס? אויף שטיוול? לעדער? ווער ווייסט צו וואָס מע וועט היינט אָנהייבן דאַרפן שפּיציקע מכשירים?

אַ שוסטער-בענקעלע איז אויסגעדרייט מיט די דריי פיסלעך אַרויף. און עס ליגט עפּעס אַזוי אומבאַהאָלפן, ווי אַ געבונדן קעלבל... ער זאָגט: אומגעדרייט מיך אַרויף-צו און — כ'ליג...

*

איך קום אַריין אין אַ הילצערנער, באַלעבאַטישער אויסגעווייקטער שטוב.

ביי דער קיך שטייט אַ נידעריקע געריגצלטע זקנה. די רונצעלעך זענען איבערן גאַנצן פנים, ווי אויפגעצויגן אויף אַ פאָדעם — איינס ביי איינס...

עס זענען נישט קיין טיפע שניטן פון לעבן. אָט אַזוי האָבן זיך די יאָרן אויסגעאַרבעט אויף איר פנים ווי אויף אַ בוים.

אַ ווייב פון אַ קליין-שטעטלדיקן יידישן בעל-מלאכה ווייסט אַלע ליידן און פריידן פון לעבן, ביז נישט לאַנג צוריק האָט דאָך די 70-יעריקע קיילע געהאַט אַ מאַן.

זינט יענעם טאָג ווען מע האָט געהרגעט איר זון, האָט דאָס אַלטע פנים פון דער זקנה וואָס איז געהאַרטעוועט ווי אַ שאָל און עס קאָנען שוין ניט אַרויף דערויף קיין שווערע איבערלעבענישן — זיך אַזוי צעוויינט, אַז עס וויינט אַזוי כסדר. דאָס מויל מיט די ליידיקע יאסלעס האַלט זי האַלב אָפן, די פעלדעלעך אויפן פנים באַקומען זיך פון זיך אַליין, די מאַטע אויגן פינטלען און מע ווייסט שוין גאַרנישט ווען זי וויינט און ווען נישט.

וואָס איך האָב זי נישט געוואָלט פרעגן: וויפל יאָר איז זי אַלט, פון וואָס זי לעבט, וויפל קינדער זי האָט, ווי זי פילט זיך אין געזונט — זי האָט געקוקט צו מיר מיט דעם גלייך ווייַנענדיקן פנים.

איז עס דען אַ וווּנדער? מע האָט פאַר דער אַלטערס אויגן אָוועקגעשטעלט אַ האַק, אַ האַק וואָס וויל נישט אָפּטרעטן. זינט, זאָגט זי, מע האָט דערציילט פון „סאָנד", אַז מע האָט מיין יאָסעלען געהרגעט מיט אַ האַק, שטייט מיר די האַק פאַר די אויגן. ביינאַכט כאַפּ איך מיך אויף, די האַק פאַלט אויף מיר אַראָפּ... גיי איך צו צו אַ ווינקל — זע איך די האַק. גיי איך אַרויס אין קעמערל נאָך אַ פּאָר שטיקלעך האָלץ, קום איך צוריק צו לויפן: כ'האָב געזען די האַק...

דאָס הייזל ווו דער מאָרד איז אויסגעפירט געוואָרן, שטייט דערנעבן. און די אַלטיטשקע באַקלאָגט זיך: כ'קאָן גאָרנישט אַהינגיין זען יאָסעלעס שטיבל. צען מאָל בין איך שוין געווען אויפן וועג און די פיס ווילן מיך נישט אַהינטראָגן, איך קער מיך אום צוריק...

אַזאַ עלטער — שטעלט זי ווייטער צו מיר אַרויס דאָס פנים, וואָס זיין יעדער פעלדעלע וויינט באַזונדער — מע איז נישט זוכה, אַז אַ קינד זאָל „בעטן" אַ מאַמען...

(פון די צוגעשיקטע ייווא־מאַטעריאַלן)



## ערב דעם פּאָגראָם

שיפרע און שלום צימבאַליסטאַ / פּאַריז

עטלעכע טעג פאַרן באַוווּסטן פּשיטיקער פּאָגראָם, איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין קליינעם ייִדישן שטעטל קוויוו, נישט ווייט פון פּשיטיק. מענער, פרויען און קינדער זענען אַנטלאָפן פון קוויוו ווי פון אַ שׂרפה. מען האָט מיטגענומען וואָס מען האָט געקאָנט — פאַרשטייט זיך, אַז דאָס נייטיקסטע. אַלעמען האָט באַהערשט אַ פּאַניק־שטימונג.

ווען מען האָט אין פּשיטיק דערזען די „בעזשענצעס", האָט עס געמאַכט אויף די ייִדישע איינוווינער אַן איינדרוק און עס האָט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע שטימונג. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיי אַלע אויפגענומען אין פּשיטיק און איינגעאָרדנט ווי מען האָט נאָר געקענט.

איך דערמאָן זיך, ווי עס וואָלט נעכטן געווען: אונדז האָט אויסגעפעלט ברויט. האָט מען פאַר די אומגליקלעכע פּליטים אויף שנעל צוגעגרייט לאַטקעס.

אין איינעם אַ טאָג האָט מען אָנגעהויבן דערציילן, אַז אַ המון פון 300 פּויערים, באַוואָפנטע מיט קאָסעס, ווידלעס און דרענגער, מאַרשירן אויפן שטעטל. האָבנדיק שוין פּאַר די אויגן די געשעענישן פון קוויוו, האָבן די פּשיטיקער ייִדן שנעל אַלאַרמירט די זעלבשוץ. אָבער דאָס מאָל איז געשען אַ נס. ווען די מחנה צעיושעטע פּויערים איז צוגעקומען צו דעם „פּאָדגאָיעק", האָבן זיי באַגעגנט אַ קריסט פון פּשיטיק. די פּויערים האָבן אים אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן דער לאַגע און מאָראַל פון די פּשיטיקער ייִדן.

— וואָס ? — זאָגט דער פּויער — איר גייט אַטאַקירן די פּשיטיקער ייִדן ? ווייסט איר נישט אַז זיי זענען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פּיס און זיי איז נאָך געקומען צו הילף די קוויוער ייִדן. איר גייט אויף אַ זיכערן טויט.

די פּויערים, הערנדיק אַזאַ אָפּשאַצונג פון אַ קריסט, האָבן זיך געלאָזט צוריק אַהיים. אָבער זיי האָבן נישט רעזיגנירט פון זייערע כוליגאַנישע מעשים און צוריק געקומען שפּעטער, צו מאַכן אַן אמתן פּאָגראָם. ווי עס זאָל נישט זיין — דערווייל האָט מען דערפילט אַ דערלייכטערונג.

מיר האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון די אָפּשאַצונג פון די פּשיטיקער ייִדן וועגן דאָזיקן פאַקט. לאַגיש גענומען איז עס געווען אַ רעטעניש. ס'טייטש — פּויערים אָרגאַ־ניזירן זיך צו מאַכן אַ פּאָגראָם, זענען שוין באַלד ביי די טויערן פון שטעטל, קומט זיי אַנטקעגן אַ פּאָליאַק. ער רעדט עטלעכע ווערטער צום המון און — די פּויערים צעגייען זיך. דער רוב ייִדן פון פּשיטיק איז געקומען צום אויספיר, אַז דאָס איז געווען נישט קיין אַנדערער נאָר אליהו הנביא. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט שוין געפונען ביי דעם דאָזיקן מענטש פאַרשיידענע סימנים, וועלכע האָבן באַשטעטיקט די טעזע...



## מיר האָבן געליטן פון פּאָגראָם

צירל און גיטל מוער / ישראל

אונדזער פאָטער הערשעלע ז"ל האָט זיך געראַנגלט מיט די שווערקייטן פון פּרנסה פאַר זיינע אַכט קינדערלעך. ער איז שטענדיק געווען אַ פאַרהאָרעוועטער מענטש. זיין עיקר האַנדל איז געווען מיט די קריסטן. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט. צו אונדז זענען געקומען סוחרים פון וואַרשע און טאָמאַשאָוו. מיר האָבן אויך צוגעשטעלט סחורה (אייזנוואַרג) קיין ראַדאָם, צו די ברידער מאַרגוליס.

געוווינט האָבן מיר אויף דער וואַרשעווער גאַס. אין אונדזער הויז זענען געווען 2

# טעלעפאנישע בעריכטען

**ראדאם 8 יוני** (דורכן טעלעפאן פון אונזער ספעציעלען שליח). 9 פריה האבען זיך אנגעהויבען די געריכטס-פערהאנדלונגען. די ריכטער זע־הען אוים אויסגע־ורהט און מונטער נאכן זונטאג'דיגען טאג, ווען דער פראצעס איז נישט פארגעקומען.

עס קומט פאר דער ווייטערדיגער פערהער פון די עדות.

אלס ערשטער עדות ווער־ט אויסגערופען יאנינא קארטשאק, די טאכטער פון בעריהמטען פשיטיקער העלד קארטשאק. איהר ערשיינען רופט ארוים א גרויסען אינטערעס אין געריכטס-זאל.

נאכן אבגעבען די שבועה שטעלט דער ריכטער איינע פראגען.

פרעזעס: וואס האט איהר געזעהן?

עדות: איך האב געזעהן, ווי איינער פון די „זשידקעס" האט געשאסען.

פרעזעס: וואס האבען די יודען געשריגען בעת מען איז זיי בעפאלען?

עדות: זיי האבען געשריגען קוביאק — שיג.

פרעזעס: ווער האט געשאסען?

עדות: קירשענצווייג.

פרעזעס: וועלכער קירשענצווייג?

עדות: לאזער קירשענצווייג.

פראקוראר: ווי איז ער געווען אנגעטהון?

עדות: אין א לעדערנער קורטקע מיט הויכע שטיוועל.

ריכטער פלעוואקא: וואס האבען די יודען געטהון?

עדות: זיי זענען געשטאנען מיט אייזענס און שטעקענס.

ריכטער פלעוואקא שטעלט פעסט איינינע אונפינקטליכקייטען אין די ערקלערונגען פון עדות.

ריכטער פלעוואקא: די פויערים האבען נעהאט געוועהר?

עדות: ניין.

אדוו. קריגער: איז אייער פאטער געווען א־עססיר?

פרעזעס: איך ערלויב נישט די פראגע.

אדוו. גאיעוויטש: איך פאדער מאקי אבצעווענדען די דאזיגע פראגע.

פרעזעס: איך האב עס שוין געטהון.

ריכטער פלעוואקא: ווער ווען האט געשלאגען?

עדות: דער בלאכאוש פעלדבערג האט געשלאגען אנ'„אונזעריגען".

ס'ווערט דאן אויסגעהערט דער 11-יעהריגער לודוויג זאלטשעווסקי.

ער נים איבער, אז ער האט געזעהן, ווי קירשענצווייג האט געשאסען.

פרעזעס: צי ווייסט דער עדות מיט וואס פאר א צונאמען מ'האט קירשענצווייג'ן גערופען?

עדות: „הייצאקעס".

ריכטער פלעוואקא: צו וועמען האבען די יודען געשאסען?

עדות: צו די פויערים.

ריכטער פלעוואקא: צו וועמען האט קירשענצווייג געשאסען?

## פון אונזערע ספעציעלע שליחים קיין ראדאם י. יעק

עדות: צו קאביאק'ן.

ריכטער פלעוואקא: צי האבען די פויערים נישט געווארפען קיין שטיינער?

עדות: ניין.

א פאליציאנט פיהרט דאן אריין די צווייטע עדות קארנאפעל, א יונג פויערל און יאן וויעשניאק, דער זוהן פון דערהרג'עטען וויעשניאק. וויעשניאק איז געבראכט געווא־ען פון תפיסה, ווייל ער איז בעפאלען יודען. קארנאפעל האט נישט דערהאלטען די „פאוויעסקע" פון געריכט און ער האט זיך דערוי־בער נישט געשטעלט צום פראצעס. די פאליציי האט איהם אויפגעזוכט און געבראכט אין געריכט.

דער פרעזעס צו קארנאפעל: פארוואס האט איהר זיך נישט געשטעלט אין געריכט?

עדות: איך האב נישט דערהאלטען קיין מעלדונג.

נאכדעם, ווי ס'ווערט פעסטגעשטעלט אז ער האט נים דערהאלטען די מעלדונג, טרעט מען צו אבצונעהמען ביי איהם די שבועה. דערווייל פרעגט דער ריכטער וויעשניאק'ן, צי ס'איז אמת, אז ער ווערט בעשולדיגט אין שלאגען יודען. וויעשניאק ענטפער־ט: יא.

פרעזעס: נישט שען!

פרעזעס באבקאווסקי סיס־ט דאן די צוויי עדות און זאגט צו וויעשניאק'ן, הגם איהר זעגט בע'עוולה'ט, ווייל איר ער פאטער איז דער'הרג'עט געווארען, דאך מוזט איהר זאגען דעם גאנצען אמת.

ס'ווערט דאן אבגענומען די שבועה ביי ביידע עדות קארנאפעל און יאן וויעשניאק.

דער ערשטער ווערט אויסגעהערט קארנאפעל.

פרעזעס: וואס איז פארגעקומען אין פשיטיק?

עדות: ס'זענען פארגעקומען געשלע־גען. איך האב געפונען א נילזע פון א קויל.

פרעזעס: וואס האט איהר געטהון מיט איהר?

עדות: איך האב זי אוועקגעגעבען דעם לייטער פון דער שול.

פרעזעס: ווער מיט וועמען האט אנגעהויבען דאס געשלעגן?

עדות: די יודען האבען זיך געווארפען אויף די פויערים.

פרעזעס: וואס האבען די פויערים גע־טהון?

עדות: זיי האבען זיך פערטיידיגט.

פרעזעס: ווען איהר האט גענומען די גילזע, וואס האט איהר מיט איהר גע־טהון?

עדות: איך האב זי געזעהען מיין חבר טילנער.

אדוו. קריגער: וואו זענען געווען די יודען, ווען די פויערים האבען געווא־רפען שטיינער?

עדות: זיי זענען געווען אוים'ן מארק און זיך געווארפען אויף די פויערים.

עס ווערט אויסגעהערט דאס 9-יעה־ריגע יונגעל וולאדזשימיעזש טילנער. ער רעדט ווי פון א בוזמן. מען שטעלט איהם פראגען און ער ווער־ט צומישט. ער ערקלערט, אז ער האט געזעהן, ווי דער יוד פרידמאן יאגט נאך א פויער און איהם נאכגעשאסען. אויף די פראגען פון די אדוואקאטען, נים ער איבער אז דער פויער האט געיאגט א יודישע פרוי און איהר געוואלט שלאגען.

## דער סטאראסטא האט געגעבען די יודען 500 רעוואלווערען...

אנגעדות פון סטשעלעץ, נים איבער, אז ער ווייסט, אז דער ארדאמער סטאראסטא האט די יודען געגעבען 500 רעוואלווערען.

דער פארזיצענדער: איהר האט היינט געגעסען פריהשטיק?

עדות: יא.

פארזיצנדער: און איך האב דעם איינדרוק, אז איהר האט זיך אנגע־טרונקען

קטע מן הדו"ח על המשפט בעתון יומי באידיש, שהופיע בוורשה.

אויסצוג פונעם באַריכט פון די געריכט־פאַרהאַנדלונגען אין אַ יידישער צייטונג אין וואַרשע.

געשעפטן פון אַלט אייזן. ווען ס׳איז געווען דער פּאָגראָם, האָבן די כוליגאַנעס זיך אַריינ־געריסן אין אונדזער געוועלב, געוואָלט צונעמען די קאַסעס און לאַנגע אייזן־שרויפן מיט וועלכע זיי האָבן זיך געוואָלט באַנוצן צו הרגענען יידן. אונדזער מוטער ע״ה, אַן ענערגישע פרוי, האָט זיי געזאָגט: „איר ווילט מיט די קאַסעס די יידן די קעפּ אָפּשניידן?״ — און זי האָט זיי פאַרטריבן פון געוועלב. דאָקעגן יידישע יונגעלייט האָבן יאָ געכאַפּט פאַר־שידענע שטיקער אייזן און מיט זיי פאַריאָגט די פּאָגראָמשטשיקעס.

אונדזער פאָטער האָט זייער פיל געליטן פון דעם פּאָגראָם. זיין גאַנצער האַנדל איז דאָך געווען מיט די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. נאָכן פּאָגראָם איז געווען אַ מורא צו פאָרן אין די דערפער. די פּויערים האָבן אים צעשלאָגן ביז בלוט. דאָס פּנים איז געווען צעקלאַפּט און די ליפּן געשוואָלן. די שלעגערס האָבן געשריגן צום טאַטן: „יידישער פאַרך, פאָר קיין פּאַלעסטינע, איר פאַרשטינקט אונדזער לאַנד״.

אליעזר בלאַטוס האָט געזאָגט צום פאָטער: „הערשעלע, שוויג נישט, מאַך די גויים אַ משפּט״. מיין פאָטער איז געפאָרן קיין ביאַלאָבזשעג און זיי אָנגעקלאָגט אין געריכט. דער משפּט איז פאָרגעקומען — נאָר די פּויערים זענען גאָר אַרויס די גערעכטע. דער ריכטער האָט דערנאָך געזאָגט דעם טאַטן: „איצט פאָר קיין פּאַלעסטינע״...

בעתן פּאָגראָם האָבן די צעווילדעטע פּויערים אויסגעהאַקט די שויבן, צעבראָכן די וויטרינעס און די טירן. מיר זענען געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם. ווען נישט די פּאָליציי פון ראַדאָם וואָלט מען אונדז אויסגעשאָכטן, ווייל ס׳האָט געדראָט אַ געפאַר אַז מ׳וועט אונדז אַנטדעקן...



# אין טאָג פון פּאָגראָם

הלל שטראָסמאַן / תל־אביב

אינעם טאָג פון די עקסצעסן, ווען די פּאָגראָמשטשיקעס זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער טייל שטאָט ווי מען קומט פון ראַדאָם, האָב איך גענומען אַ שווער פאַרוווּנדעטן פערד־סוחר אין אַ דראָזשקע און אַוועקגעפירט צום דאָקטער כאַדאָווסקי, וועלכער האָט געוווינט אין דעם טייל שטעטל ווו עס זענען נאָך געווען די צעשלאָגענע פּאָגראָמשטשיקעס — אין פּאַדגאַיעק.

אָקעגנאיבער ד״ר כאַדאָווסקי איז געשטאַנען ראַגאַלסקיס הויז ווו ס׳האָט געוווינט די משפּחה מינקאָווסקי. דאָס אָרט האָט מיר אויסגעזען פאַרדעכטיקט. איך בין צו צום הויז און ווען איך בין אַריבער די שוועל, האָב איך דערזען אַ שרעקלעך בילד: ביים

אַריינגאַנג איז געלעגן מינקאָווסקי מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, אָן סימנים פון לעבן. אַרום איז געווען אַ קאַלוזשע בלוט. אַ ביסל ווייטער איז געלעגן זיין פרוי שווער פאַרווונדעט, געקרעכצט און עפּעס געמורמלט מיט די ליפּן. די וווינונג איז געווען דעמאָלירט, די ווענט באַשפּריצט מיט בלוט. פון אונטערן בעט האָט אַרויסגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגן אַ קליין יינגל. איך האָב אים אַרויסגעצויגן און געפּרוווט באַרויִקן...

אין דעם טאָג האָבן די יידן, איבערהויפּט די יוגנט, נישט נאָר זיך העלדיש פאַרטיידיקט, נאָר אויך אָנגעגריפן און צעשלאָגן די כוליגאַנעס.



## בעתן און נאָכן פּאָגראָם

תמר קויפמאַן / קרית־מוצקין

מיינע עלטערן משה און מינדל מאַלצמאַכער האָבן געוווינט אין מאַרק. דער פאָטער איז געווען אַ טאַנדייט־שניידער און מיט די פאַרטיקע קליידער איז ער געפאָרן אויף יאַרידן.

די עלטערן זענען געווען זייער פרומע און דערפאַר מיך געשיקט לערנען אין דער „בית יעקב" שול. די לערערין שרה בוים האָט אונדז געלערנט יידיש און העברעיש, דאַווענען, גוטע מידות, אָבער נישט קיין וועלטלעכע לימודים. האָב איך געמוזט גיין אין דער „פאָווּשעכנע" שול ווו מען האָט געלערנט פּויליש, חשבון, געשיכטע, נאַטור־וויסנשאַפט. אָבער פאַר מיינע עלטערן איז דאָס נישט געווען גענוג. האָב איך געלערנט ביי נחמהן (צונאָמען: „די היימלאָזע").

אין טאָג פון פּאָגראָם בין איך געווען אין דער שול און אין מיטן לערנען געהערט א טומל און געשרייען. כ'האָב מיך אַרויסגעבויגן פון פענצטער אויפן צווייטן שטאָק און געזען ווי פּויערים ראַבירן יידישע סטראַגאַנעס מיט סחורות און שלאָגן יידן. כ'בין אַרויסגעלאָפן פון שול, אַדורכגעלאָפן פון איין עק מאַרק ביזן אַנדערן ווו מיינע עלטערן האָבן געהאַט זייער שטעלע מיט קליידער. כ'האָב געשריגן, אַז זיי זאָלן גלייך אַריינעמען די סחורה אין שטוב. אין אָנהייב האָבן זיי גאָרנישט פאַרשטאַנען, ערשט ווען איך אַליין האָב גענומען שלעפּן די סחורה, האָבן זיי זיך געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר. ביז די פּאָגראָמשטשיקעס זענען צוגעקומען צו דעם טייל מאַרק, איז שוין אונדזער שטעלע געווען ליידיק. די ראַדאָמער טאַנדייטניקעס האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט און די צעיושעטע פּויערים האָבן איינעם פון די ראַדאָמער, משה שטעכער, שרעקלעך צעשלאָגן און צעראַבירט זיין סחורה. מיין פאָטער האָט געכאַפּט אַ דראָנג און געזאָגט, אַז ער וועט

זיך נישט באַהאַלטן, ער מוז הרגענען כאָטש איין אָנפאַלער. הגם כ׳בין געווען אַ קינד, האָב איך פאַרשטאַנען אַז דער פאָטער איז אין אַ גרויסער סכנה, בין איך צו אים צוגעלאָפן און געשריגן: „טאַטע, מען ראַבירט די סחורה פון שטוב!״ ער איז שנעל אַריין אין שטוב, האָב איך אויסגענוצט דעם מאָמענט, שנעל פאַרשלאָסן די טיר פון דרויסן און אים נישט אַרויסגעלאָזט.

✶

נאָכן פאָגראָם האָט זיך דער באָיקאָט קעגן יידן פאַרשטאַרקט. אַ פוילישער שניידער האָט געעפנט אַ טאַנדייט־געשעפט און מיר האָבן מער נישט אַרויסגעשטעלט אונדזער סחורה. אַ סך פויערים זענען אָבער געווינט געווען צו מיין פאָטער און מורא האָבנדיק פאַר די פיקעטניקעס, פלעגן זיי ביינאַכט קומען קויפן פאַר זיך מלבושים. יידן האָבן אויך אויפגעהערט שיקן די קינדער אין דער „פאָווסעכנע״ שול. אַזוי בין איך שוין געבליבן אין דער היים און נישט געענדיקט די שול. כ׳האָב צוגעהאָלפן מיינע עלטערן ביי דער אַרבעט, גענייט, געקאָכט און מיין מוטער פלעגט פאָרן קיין לאָדזש ברענגען סחורה פון די הורטאָווניקעס.

אַ געזעלן פון מיין פאָטער, יידל גאלטשעווסקי, האָט מיך אַריינגעפירט אין „בית״ר״, ווו איך האָב געהערט ביזן אויסברוך פון קריג.

אַ יאָר פאַר דער מלחמה האָט מען אונדז באַגנבעט. מיין מוטער האָט אין זעלבן טאָג געברענגט פון לאָדזש אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ מיט באַלן שניט־סחורה. די סחורה האָט מען אַוועקגעלייגט אין די בעטן, אויפן אָרט פון די שענניקעס און אונדז אויסגעבעט אויף דער סחורה. ווען די גנבים זענען אַריין און נישט געקענט צוגנבענען די סחורה, האָבן זיי אונדז פאַרשלעפערט און צוגענומען אַלע 3 „קעפ״ פון די „זינגער״־ניי־מאַשינען. דאָס איז געווען פרייטיק־צו־נאַכטס. שבת אין דער פרי, ווען די מתפללים האָבן געזען אַז מיין פאָטער קומט נישט דאַווענען, זענען זיי אויפן וועג אַהיים אַריין צו אונדז און דערזען אַז אַלע טירן זענען אָפן, מיר ליגן אין די בעטן און שלאָפן. אַזוי אַרום האָט מען אונדז אָפגעראַטעוועט.

נאָך דער גניבה האָט זיך ביי אונדז אַלץ אָפגעשטעלט. די געזעלן האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט, ווייל עס זענען נישט געווען קיין מאַשינען צום נייען. מיין פאָטער האָט אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָפּ, נאָר מיין מוטער האָט נישט פאַרלוירן דעם מוט. די גנבים, אגב פשיטיקער, האָבן אונטערגעשיקט מענטשן און פאָרגעלייגט פאַר אַ געוויסע סומע אומצוקערן די „קעפ״. שפּעטער האָבן זיי געפאָדערט אַלץ מער, אַזוי אַז ס׳האָט זיך שוין נישט געלוינט.

לסוף האָבן מיר פריער אויסגעקויפט 2 „קעפ״, שפּעטער נאָך איינעם, און די שניידעריי האָט צוריק אָנגעהויבן אַרבעטן.

דערווייל האָבן „גוטע פריינד״ צו וויסן געגעבן די סוחרים אין לאָדזש, אַז די שניידעריי אַרבעט נישט און זיי האָבן אין גרויס פּאַניק זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז אָפּנעמען די סחורה וועלכע מיין מוטער האָט גענומען אויף וועקסלען. מיין מוטער האָט זיי באַרויקט — און פאַר דער סחורה איז באַצאָלט געוואָרן צום טערמין...



קרבנות הפרעות בוורשה לאחר קבלת ה„סרטיפיקטים״ לעלייתם ארצה.
די קרבנות פון פּאָגראָם אין וואַרשע, נאָכן באַקומען סערטיפיקאַטן עולה צו זיין קיין א״י.



קרבנות הפרעות בפשיטיק.
קרבנות פונעם פּאָגראָם אין פּשיטיק.



# אונדזער זעלבשוץ

יצחק פרידמאַן / תל־אביב

פּשיטיק האָט געציילט אַ 500 פאַמיליעס, דערפון — 90% יידן. אין שטעטל האָבן אויך געוווינט עטלעכע דייטשע ערד־באַזיצער. די יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל, האַנטווערקעריי, אַרבעט און אויך געלעבט פון האַנדל מיטן דאָרף און לאַנדווירטשאַפט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, האָט די יידישע יוגנט געשאַפן אַ „פאַרבאַנד״ — אָן אַ פּאָליטיש־פּאַרטייאיש פּנים. ערשט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן אַ ציוניסטישע באַוועגונג און די אַרבעטער־פאַראיינען.

אין אָנהייב איז די שטאַרקסטע ציוניסטישע פּאַרטיי געווען דער „השומר״, וואָס

האָט איר עיקר טעטיקייט געפירט אין דער ריכטונג פון אויפקלערן דעם באַטייט פון עליה קיין ארץ־ישראל. פּאַראַלעל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די אַרבעטער־באַוועגונג אונטער דער השפּעה פון „בונד״. זייער טעטיקייט איז בעיקר געפירט געוואָרן אויפן קולטורעלן און פּראָפעסיאָנעלן געביט. צאָלמעסיק, האָבן בײדע פּאַרטייען זיך אַוודאי אויסגעגליכט, אָבער די ציוניסטישע השפּעה האָט זיך שטאַרקער געפילט אין שטעטל. אַ דאַנק דעם איז אויך געלונגען עטלעכע פּשיטיקער יוגנטלעכע עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז זיך פונאַנדערגעוואַקסן און אַרומגענומען אַ גאַנצע ריי גרופּירונגען, ווי: מזרחי, בית״ר, אַלגעמיינע ציוניסטן, פּועלי־ציון. אויך פּועלי אגודת ישראל איז ביי אונדז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נאָענטע צום ציוניזם. יעדער גרופּירונג האָט זיך געפירט באַזונדער איר קולטור־ און ספּאָרט־טעטיקייט.

דער ראַדיקאַליזירונג־פּראָצעס פון דער יידישער יוגנט האָט אויך נישט אויסגעמיטן פּשיטיק. ס׳איז אַנטשטאַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. אויך דער מיטלקלאַס אין שטעטל איז געווען אָרגאַניזירט אין אַ סוחרים־פאַראיין און האַנטווערקער־פאַראיין, וועמענס טעטיקייט איז דער עיקר געווען אַ סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע.

אין די דרייסיקער יאָרן האָט זיך געשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע העצע אין גאַנצן ראַיאָן. ענדעקישע פּיקעטניקעס, באַוואָפנט מיט שטעקנס פּלעגן זיך אַוועקשטעלן ביי די יידישע געשעפטן און סטראַשען אין שטעטל, באַזונדערס בעת די מאַרק־טעג און דערפירן צו אינצידענטן און צוזאַמענשטויסן. די אַריינמישונג פון דער פּאָליציי האָט ווייניק וואָס געהאָלפן. די כוליגאַנעס האָבן בכלל אינגאָרירט די זעקס פּשיטיקער פּאָליציאַנטן און נישט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער ראַדאַמער פּאָליציי, וועלכער האָט טיילמאָל יאָ אַרויסגעוויזן געוויסע אַנטשלאָסנקייט, ווייל דער גאַנצער ראַיאָן איז געווען באַהערשט פון די ענדעקעס — און דאָס איז דעם סאַנאַציע־רעזשים נישט אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן.

איינזעענדיק דעם וווּקס פון די ענדעקישע באַנדעס און די אָנמעכטיקייט, אָדער אומווילן פון דער פּאָליציי, איז די באַוווסטזיניקע יידישע יוגנט אין שטעטל דערגאַנגען צו דער איינציקער מסקנה, אַז מען מוז שאַפן אַ זעלבשוץ, כדי נישט מפקיר זיין יידישע לעבנס און יידיש פאַרמעגן. די אַנטיסעמיטן אין שטעטל גופא זענען נישט געווען אַזוי אָרגאַניזירט און שטאַרק, נאָר זיי האָבן געהאַט כסדרדיקע הילף פון די אַרומיקע שטעטלעך: קוויף, אָדזשיוואָל, דזשעוויצע, אָפּאָטשנע, נאָווע מיאַסטאָ, קאָסוואָ.

איין מאָל איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אויף פרייטיק, אין סעפּטעמבער 1935 גרייט זיך אַן ענדעקישער „מאַרש אויף פּשיטיק״, כדי פאַרטרייבן די יידן. צו

דעם באַשטימטן טאָג האָבן די אַנטיסעמיטן, לויט אַלע מיליטערישע כללים, אַפילו באַריקאַדירט דעם שאָסיי פון ראַדאָם אויף עטלעכע ערטער, כדי נישט דערלאָזן קיין פּאָליציייִשע הילף פון פּאָוויאַט. אָבער אויך די ייִדן האָבן נישט געוואָלט זיך פאַרלאָזן אויף דער פּאָליציי. די דאַמאָלט שוין איינגעשטעלטע זעלבשוץ, וואָס איר לעבעדיקסטער קערן איז באַשטאַנען פון עטלעכע צוואַנציק מאַן, באַוואָפנט מיט אייזערנע הענטשקעס, רעוואָלווערן און שטעקנס, איז געווען מסוגל, אין פאַל פון אַ נויטווענדיקייט, צו מאָביליזירן עטלעכע הונדערט שלאָגפערטיקע און קאַמפּספּעיִקע ייִדן. (אָנגעפירט מיט דער זעלבשוץ האָט דער שרייבער פון די שורות). די חברים האָבן באַקומען גענויע אינסטרוקציעס ווו צו זיין און ווי אַזוי רעאַגירן אויף מעגלעכע פּראָוואָקאַציעס און בעת צוזאַמענשטויסן. אַ סברה אַז די קאַנדידאַטן צו מאַרשירן אויף פּשיטיק האָבן געהאַט גענויע אינפאָרמאַציעס וועגן אונדזער אַנטשלאָסנקייט זיי צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי רעזיגנירט פון דעם פּלאַן...

מען דאַרף צוגעבן, אַז פיל חברים פון פּ. פּ. ס. און סתם ליבעראַלע פּאָלאַקן, האָבן אַ סך געהאָלפן — מיט פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג — באַקעמפן די אַנטי־סעמיטישע פּעסט אין פּשיטיק און אין דער אומגעגנט.



ששת בחורי פשיטיק ששוחררו ע״י בית־המשפט הפולני — התכנסו במסעדה בראדום.
מימין לשמאל: פירשט, צוקר, קרנגל, זיידה, בורנשטיין, הוניג.

די זעקס באַפרייטע דורכן געריכט פּשיטיקער בחורים — אין אַ רעסטאָראַן אין ראַדאָם.
פון רעכטס אויף לינקס: פירשט, צוקער, קרענגעל, זיידע, באָרנשטיין, האָניג.

# מיר האָבן געגרייט אַ ווידערשטאַנד

ישראל צימבאַליסטא / תל־אביב

אין יאָר 1936 זענען אין פּשיטיק אויסגעבראָכן אומרוען אויפן אַנטיסעמיטישן באָדן, אונטער דער השפעה פון אַ געוויסן יאַן קאָרטשאַק, וועלכער האָט געוווינט הינטער דער שטאָט, אין פּאָדגאַיעק. פּאַקטיש איז ער געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון די אַנטי־יידישע עקסצעסן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פון עקאָנאָמישן באָיקאָט. קאָרטשאַק האָט באַקומען מאָראַלישע און פינאַנסיעלע שטיצע פון ראַדאָם. פון דאָרט האָט מען אים צוגעשיקט דאָס גיפטיקע בלעטל „פּאַלאַנגאַ", וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דורך יוגנטלעכע. די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צו מעשים: פּיקעטן ביי יידישע געשעפטן.

אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק קורצע צייט האָבן די פּיקעטן רואינירט דעם יידישן מסחר, ווייל אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט באָיקאָטס און געענדיקט — מיט פאַרניכטן די סחורות, צעהאַקן די שויבן און פאַרטרייבן די קונים. דער דאָזיקער אונטערהעצער האָט געהאַט אַ מיטהעלפער, דעם מאַלער מירעצקי, אַ פאָלקס־דויטש, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַנטפּלעקט אין שטעטל אַלס דייטשער שפּיאָן.

אויך אויפן געביט פון האַנטווערקעריי האָבן די אַנטיסעמיטן זיך פאַרלייגט צו רואינירן דעם יידישן בעל־מלאכה. זיי האָבן געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוו פון פּראָדוקטן, קליידונג און שיך. מיט דעם האָט אָנגעפירט דער ניי־צוגעקומענער איינוווינער קאַרנאַפּל וועלכער האָט באַקומען ירושה אַ הויז פון זיינעם אַ קרוב. צומערשט האָט ער באַזייטיקט פון דאָרט די יידישע לאָקאַטאָרן און אַ גרויס געשעפט אָפּגעגעבן פאַר דעם קאָאָפּעראַטיוו. טראָץ אַלע טעראָר־און צוואַנגס־מיטלען איבערצונעמען די קונים פון די יידישע געשעפטן, האָט דער קאָאָפּעראַטיוו נישט געקענט זיך האַלטן אַפילו איין יאָר.

אַ געוויסן טאָג האָט זיך געיאַוועט אַ קריסטלעכער שטעפּער פון ראַדאָם. היות ווי שוסטעריי איז לרוב איינגעשטאַנען אין יידישע הענט, האָט מען אַזוי אַרום געוואָלט אויפצווינגען די קריסטלעכע שוסטערט זיי זאָלן מאַכן די אַרבעט ביי אים. אָבער דער האָט נישט געקענט נאָכקומען די באַשטעלונגען פון די פּאָלאַקן וועלכע האָבן דאָך געמוזט אָנקומען צו יידישע שטעפּערס.

במשך דער גאַנצער צייט האָבן יידישע יוגנטלעכע פּאַטרולירט בייטאָג און ביינאַכט, כדי נישט דערלאָזן די ענדעקישע כוליגאַנעס אָנצופאַלן אויף יידן אָדער פאַרניכטן יידיש פאַרמעגן. מיר זענען אויך געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די סוחרים־אָרגאַניזאַציעס

אין לאָדזש און אין ראַדאָם, אַז זיי זאָלן נישט פֿאַרקויפֿן קיין סחורות די ענדעקישע סוחרים. די אַרבעט האָט אָנגעהאַלטן בערך 3 חדשים — ביזן טרויעריק באַרימטן מאָנטיק.

סוף נאָוועמבער 1935 האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טרויעריקע גרוסן פֿון די אַרומיקע שטעטלעך וועגן אומרוען, בעיקר אין די מאַרק־טעג. עטלעכע וואָכן פֿאַרן פּאָגראָם איז שטעטל האָט מען געהערט פֿון איבערפֿאַלן אויף יידן אין אָפּאָטשנע, פּשיסכע, נאָווע־מיאַסטאָ א. אַנד. די ידיעות האָבן געשטעלט אויף די פֿיס אַלע יידישע גרופּירונגען. ס'איז אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס פֿאַרטיילן הילף די געליטענע. איך בין אַרויסגעפֿאָרן מיט אַ טאַקסי כדי אָפּצופֿירן אַ פֿאַרוווּנדעטן ייד און זיינע צוויי אייניקלעך אין ראַדאָמער שפּיטאָל. איך האָב געהאַט מיט זיך געווער.

אויפֿן סמך פֿון דער אינפֿאָרמאַציע וואָס מיר האָבן באַקומען פֿון דער פּאָליציי (מיט וועלכער מיר זענען געווען אין קאָנטאַקט), האָבן מיר אָרגאַניזירט די פֿאַרטיידיקונג. די יידישע יוגנט האָט באַקומען אַ באַפֿעל צו פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיין גרייט. גלייכצייטיק זענען מיר געגאַנגען אין די עפֿנטלעכע ערטער און הייזער און באַרויקט די געמיטער.

אונדזערע הכנות האָבן זיך געלאָזט פֿילן אויף דער פּוילישער גאַס. ס'איז געוואָרן אַ ברוגז צווישן ביידע טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג. דעם זעלבן פֿרייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע העצע אין פּשיטיק און אין דער סביבה.

צום נאָענטסטן מאָנטיק, דעם יאַריד־טאָג, האָבן מיר, וועלנדיק אויסמיידן אַן אָרגאַניזירטן איבערפֿאַל, אָנגענומען פֿאָלגנדע שריט: מיר האָבן געמאָלדן דעם סטאַראָסטע, וואָיעוואָדע און אויך יידישע סיים־דעפּוטאַטן וועגן דער געשאַפֿענער לאַגע.

די העץ־אַגיטאַציע האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. ס'זענען פֿאָרגעקומען אָנפֿאַלן אויף יידישע פֿאַרבייגייער, מ'האָט געוואָרפֿן שטיינער אין יידישע שטובן און געשעפֿטן, פּיקעטן ביי יידישע קראָמען האָבן נישט געלאָזט אַריינגיין קיין קונים און געשטערט דעם צופֿיר פֿון פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין...



# פאַרוואָס זענען אין יאָר 1936 פאָרגעקומען די פשיטיקער געשעענישן?

## (באַאַרבעט אויפן סמך פון באַגלויבטע אַרכיוו-מאַטעריאַלן)

ד"ר יוזעף ערבען־האָלאַן[1] / פשיטיק

פאַרוואָס איז אין יאָר 1936 דערגאַנגען צו באַדויערנסווערטיקע עקסצעסן צווישן דער פוילישער און יידישער באַפעלקערונג?

פאַרוואָס גראָד אין פשיטיק, אין אַ שטעטל ווו די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן יידן און פאָליאַקן אויפן געזעלשאַפטלעכן, פאָליטישן און עקאָנאָמישן באָדן האָבן זיך איינגעאָרדנט ווי אַמבעסטן?

כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע, דאַרף מען איבעראנאליזירן די דעמאָלטיקע לאַגע אין לאַנד. די פאָליטיק פון דער סאַנאַציע־רעגירונג איז בפירוש געווען איינגעשטעלט אויף פאַרשטענדיקונג מיטן היטלעריסטישן דייטשלאַנד. עס זענען געקומען צום וואָרט עקסטרעם נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן וועלכע האָבן אויסגעפונען פאַר זייערע אָנהענגער מוסטערן פון דער פאַשיסטישער טעאָריע. אין די הויכשולן האָט די סטודענטישע יוגנט געפאָדערט איינצופירן „נומערוס קלאַוזוס". אין סיים האָט מען אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג (וואָס איזליידנשאַפטלעך דיסקוטירט געוואָרן) צו פאַרווערן די ריטועלע שחיטה צוליב כלומרשט הומאַניטאַרע מאָטיוון. דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער לאַגער וואָס האָט זיך שפּעטער גערופן „פאַלאַנגאַ" האָט געפונען זיינע אָנהענגער נישט נאָר צווישן דער שאָוויניסטישע סטודענטישער יוגנט. אַ דאַנקבאַרן באָדן פאַר די נאַצישע טעאָריעס האָט די היטלעריסטישע אַגיטאַציע געפונען אויך אויפן פוילישן דאָרף, צווישן דעם ווינציק באַוווסטזיניקן פויערטום וואָס האָט געליטן נויט צוליבן ווירטשאַפטלעכן קריזיס. פון וואַרשע און לאָדזש איז אין די דערפער אַרום פשיטיק אָנגעקומען אַ נייע רעליגיע געפּרעדיקט דורך די נאַראַ־לייט[2].

האָט די אָרטיקע מאַכט געוווּסט דערפון? זי האָט דאָס געוווּסט אויסגעצייכנט, נאָר דאָס איז דאָך געווען אַ תקופה פון העפטיקן קאַמף מיט די פּראָגרעסיווע כוחות; די תקופה פון בערעזע און פּראָצעסן אין בריסק און לוצק. אויב עס האַנדלט זיך

1. צוגעשיקט פון ספּעציעלן רעדאַקציע־קאָמיטעט אין פשיטיק, וועלכער איז דאָרט געשאַפן געוואָרן נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך געוואָנדן נאָך מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך צום פשיטיקער נאַציאָנאַל־ראַט (מאַגיסטראַט). דאָס אַרטיקל איז אָנגעשריבן געוואָרן אין פשיטיק, אין יאָר 1963, מיט אַ בפירושער טענדענץ און אַפילו געוויסע פאַרקריפּלונגען. דאָך ברענגען מיר דעם דאָזיקן מאַטעריאַל אָן אויסבעסערונגען און אָן קאָמענטאַרן.

2. נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער לאַגער (עקסטרעם־נאַציאָנאַליסטישע און אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציע אין פאַרמלחמהדיקן פוילן).

וועגן אונדזער געגנט, האָט דער ראַדאָמער סטאַראָסטע, אין זיין באַריכט וועגן דער לאַגע אין אַפּריל 1936 געשריבן, אַז „נאָכן אַרעסטירן דעם 1טן אַפּריל 1936 אַנגעזעענע טוערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט מען 9 פון זיי אַרויסגעפירט קיין בערעזע". אין דער גרופּע האָט זיך אויך געפונען דער פּשיטיקער אַקטיוויסט פון דער ק.פּ.פּ. שעיה פיינטוך.

דעם 28סטן מערץ 1936 איז דער מינדעריעריקער מיטגליד פון ק.ז.מ.פּ., י. באַרענ־שטיין, פאַרמשפּט געוואָרן צו האַלטן אים אין אַן אויסבעסערונג־הויז און פאַרלירן אויף 5 יאָר די בירגער־רעכט פאַר אַריינשרייבן קאָמוניסטישע לאָזונגען אינעם העפט פון אַ שילער אין גוטמאַנס פאָלקס־שול.

די פּאָליציי־קאָמענדע אין ראַדאָם טיילט מיט אין יענער צייט, אַז „די אָנפירונג פון דער אָ.נ.ר.[3] אָרגאַניזירט די עלטערע געמנאַזיע־יוגנט, ווייל זי באַטראַכט זי פאַר אַ פּאַסיקן עלעמענט פאַר זייערע אַקציעס, באַזונדערס אויפן געביט פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען".

אונדזערע מאַכט־אָרגאַנען פון ראַיאָן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון אויך דערפון, אַז אויב ס'וועט דערגיין צו מעשים, צו עקסצעסן אין אונדזער געגנט, וועלן זיי געווענדעט ווערן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג אין פּשיטיק, אַ שטעטעלע מיט דער גרעסטער צאָל יידישע איינוווינער (80%) לגבי די פּאָליאַקן.

און פּשיטיק, מיט אירע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס נאָך פון דער תקופה פון די קאַמפן אין יאָר 1905, מיט דער מיינונג פון דער סאַנאַציע אַז דאָס איז אַ נעסט פון דער „זשידאָ־קאָמונע" — האָט זיך טאַקע געפונען אויפן אינדעקס.

פאַר 20 יאָר צווישן ביידע וועלט־מלחמות, האָט מען דאָך אין פּשיטיק אַפילו נישט אויפגעבויט קיין פאָלקס־שול. מ'האָט אויפגעשטעלט אַ שיינעם בנין פאַר דער גמינע און דאָרט אַריינגעזעצט אַ סעקרעטאַר וועלכער האָט געוווּסט צו פעלשן די וואַלן לטובת דער סאַנאַציע, ווי דאָס איז באַשריבן געוואָרן אין וואַרשעווער „ראָבאָטניק"[4].

געווען אין פּשיטיק אַ פּאָסטערונעק פון דער פּאָליציי, מיט אַ פאַרשטאַרקטער מאַנ־שאַפט, איינגעאָרדנט אין אַן איינשטאָקיקן בנין. וועגן אַזעלכע געביידעס פאַר סאָציאַלער אונטערדריקונג האָט מען ספּעציעל געזאָרגט אין פּשיטיק.

אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט די רעאַקציע, מיט דער שטילער אַפּראָבאַטע פון די מאַכט־אָרגאַנען, געפירט אַרום דעם שטעטל, אין די דערבייאיקע דערפער, איר נידער־טרעכטיקע אַרבעט.

---

3. „אָבוז נאַראָדאָווא־ראַדיקאַלני" — נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער לאַגער (זע פריערדיקע אויפ־קלערונג (2).

4. צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.).

דעם 9טן מערץ 1935 יאָר, אין אַ מאַנטיקדיקן מאַרק־טאָג, זענען קיין פּשיטיק זיך צונויפגעקומען גאָר אַ סך מענטשן. צווישן די פּויערים האָבן זיך אַרומגעדרייט יוגנטלעכע אַגיטאַטאָרן.

באַלד דערנאָך זענען פאָרגעקומען די ערשטע צוזאַמענשטויסן און שפּעטער — צו אַן אָפענע שלאַכט צווישן די יידן און פּויערים. אין זיין פּאָליטישן באַריכט פון 1טן ביזן 31סטן מערץ שרייבט ווערטלעך דער ראַדאָמער סטאַראָסטע:

„דעם 9טן מערץ 1936, פּראָוואָצירט דורך יידן, האָבן די פּויערים זיי צעשלאָגן און דעמאָלירט יידישע וווינונגען אין פּשיטיק. אין רעזולטאַט דערפון זענען געווען דריי טויטע און עטלעכע צענדליק פאַרוווּנדעטע".

אונדזערע מאַכט־אָרגאַנען האָבן זיך דעצידירט צו אינטערווענירן ערשט דעמאָלט ווען די פּשיטיקער געשעענישן האָבן באַקומען אַ הויכן אָפּקלאַנג נישט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד.

פאַרן אָנטייל אין די פּשיטיקער עקסצעסן האָט מען דעם 16טן מערץ 1936 אַרעסטירט אין פּשיטיק 39 קריסטן און 12 יידן.

אין חודש מערץ 1936 האָט די פּאָליציי־קאָמענדע פאַרעגיסטרירט אויפן שטח פון ראַדאָמער פּאָוויאַט 76 אינצידענטן צווישן דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג.

די נאַציאָנאַלע פּאַרטיי אָרגאַניזירט אומבאַשטראָפט מיטינגען אין טאָג פון 13טן מערץ 1936 אין די ערטער: פּאָגאָלין, טשאַרנאָטשין און ראַטאַשין און רופט אָפן צו בויקאָטירן און אַרויסיאָגן די יידן.

דער פּראָצעס וועגן די פּשיטיקער געשעענישן האָט געדויערט פון 2טן ביזן 26סטן אַפּריל 1936. דער ראַדאָמער סטאַראָסטע באַריכטעט פאַר דער צייט מיט באַרימעריי:

„דער האַרבער אורטייל אויף די יידן האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג, דאַקעגן די פּוילישע באַפעלקערונג האָט די אורטיילן אויפגענומען מיט צופרידנקייט".

דער אָנגעווענדטער טעראָר פון דער מאַכט האָט דאָך נישט איינגעבראַכן די טעטיקייט פון לינקן לאַגער. דער גוט אינפאָרמירטער ראַדאָמער סטאַראָסטע שרייבט אין איינעם פון זיינע באַריכטן, אַז „אויף דער איניציאַטיוו פון ק. פּ. פּ.[5] האָט מען דערפירט צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַראַנענע אין דער געגנט לינקע פּאָליטישע גרופּירונגען און יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען".

5. פּוילישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

# דער פרייטאגדיגער טאג

## סיהויב זיך אן מיט פעדערבערגן

פאר'ן צוזאמענשטעלן צום טאג־ארדנונג שטעהט אויף פון דער בעשולדיגטענבאנק דער 60־יעהריגער אליעזר פעדערבערג און בעט א ווארט צו א צוגאב־ערקלערונג.

פארזיצער: ביטע.

פעדערבערג דערנעהנטערט זיך צום ריכטער־טיש און ערקלערט:

נעכטען האט מען מיר געשטעלט א פראגע וועגן דער דעלעגאציע ביים ראד־ראגאשער סטאראסטע און היות ווי איך האב נישט אלץ מעגליך דערצעהלט, וויל איך איצט איבערשטעלן פאר'ן געריכט דעם גענויען פארלויף פון דער אינטער־ווענץ. ווען מיר האבען דערצעהלט דעם סטאראסטע וועגן דער געשפאנטער לאגע, וואס הערשט אין פשיטיק, האט ער אונז געפרעגט צי מיר קומען צו איהם נאך דערפאר, ווייל מען שלאגט אונז איבער די קעפ. מיר האבען דאן געענטפערט, אז ס'געהט נישט אין באי־קאט, נאר מיר וועלען געקומען וועגן

## הילף און שוץ פאר אונזערע לעבענס,

ווען מען איז אונז געקומען דערצעהלען, אז מאנטאג וועלען די פויערים זיך ענד־גילטיג אפרעכענען מיט די יודען. דעם סטאראסטע האבען מיר דעריבער געבע־טען ער זאל שיקען אנצוהערען בכדי צו פארמיידען דאס לעבען פון די יודען.

דערויף האט דער סטאראסטע אונז גע־ענטפערט, אז לויט די ראפארטען, וואס ער ערהאלט פון פשיטיק, הערשט דארט היינטיגען אן אבסאלוטע רוה און ארד־נונג.

ה' סטאראסטע — האבען מיר דאן געזאגט — מיר וויסען גאנץ גענוי, אז צווישען די פויערים ווערט געפיהרט א שטארקע אגיטאציע אויסצושניידען די יודען אין פשיטיק און אזא אגיטאציע קאן ברענגען פאטאלע פאלגען.

דערויף האט אונז דער סטאראסטע געענטפערט, אז דעריבער וועלען דאך

### נישטא קיין געהרגעטע.

איינער פון דער דעלעגאציע האט גלייך נאך די ראזיגע ווערטער איבער־געגעבען דעם פאקט וועגן שוסטער יאנקעל פאלאנט, וועלכען די פאליציאנטען האבען ארויסגעווארפען פון א בריקעל אין טייך אריין און בלויז ע"י נס איז ער ניצול געווארען פון טויט.

פראקוראר: אפשר האט דער סטאראסטע געזאגט די ווערטער „דעריבער וועט מען נאך נישטא קיין טויטע" שוין נאך אייער איבערגעבען דעם פאקט מיט פאלאנט?

דער עדות שטעלט פעסט קאטעגאריש, אז די דערמאהנטע ווערטער זענען גע־זאגט געווארען פריהער.

### „מיר זענען אין גלות"...

קאוואלסקי: אפשר זענט איהר געווען ביים סטאראסטע בלויז וועגען באי־קאט?

—ניין. וועגען באיקאט האבען מיר געוואוסט איז א שאד צו אינטערווע־ניען: מיר געפינען זיך אין גלות און ווייסען, אז מיר קענען קיינעם נישט צווינ־גען, ער זאל ביי אונז קויפען. מיר האבען בלויז געוואלט ראטעווען אונזער לעבען.

קאוואלסקי: אויב אזוי, פארוואס האט איהר דעם ערשטען מאל געעפענט אייע־רע קראמען און מאגאזינען?

— ווייל מיר האבען דאך בעקומען א הבטחה פון דער מאכט, אז ס'וועט שוין זיין רוהיג.

קאוואלסקי לאזט נישט אב פעדערבער־גען: מיט א בילטען סארקאזם שטעלט ער איהם איין פראגע נאך דער אנדערער. פעדערבערג ענטפערט, אבער מען זעהט צו דאס קומט אן איהם שווער. ווען קאוואלסקי מישט איהם ווייטער אן שטעלט א פראגע:

— מיט וואס פאר א מבשירים וועלען יודען אנגעפאלען אויף די קריסטען? — ענטפערט שוין פעדערבערג מיט די לעצ־טע כחות:

— עס איז א גרויסער שקר! 14 יודען קאנען נישט אנפאלען אויף טויזענ־טער פויערים!

### א קליינע ערקלערונג וועגן גרויסע פאפארען

דער ערשטער עדות, וואס ווערט אויסגעהערט אויף דער פרייטאגדיגער זיצונג, איז וואכמייסטער פון ראדאמער אויסטערווערונגס־אמט. ער איז זינט יאנואר 1936 דעלעגירט געווארען אויף די ירידים אין די שטעדטלעך פון ראדאמער געגענד, וואו עס האט געפושעוועט דער ענדע־קישער מערד־געגען יודען. ער ווייסט א סך וועגען דער ענדעקישער אקציע אין ראדאמער געגענד. ער איז געווען פון די הויפט־עדות אויף די פויל־מאלינע פראצעסען געגען פשיטיקער „העלד" ווינצענטי קארטשאק. היינט אבער אויפ'ן פשיטיקער פראצעס האט ער נישט צו געבען מעהר ווי א קורצע ערקלערונג:

### וואס האט ער יא געזעהן

— דעם קריטישען טאג בין איך געווען קיין פשיטיק אין די פריהמארגען שעה'ן. איך האב ארומשפאצירט איבער די גאסען פון שטעדטעל און נישט בעמערקט קיין שום פערדעכטיגע דעמאנ־סטראציעס, האב איך בעמערקט א גרויסען המון נעבען פאליציי־פאסטע־ רונג און ווען איך בין דארט צוגעקומען, האב איך זיך דערוואוסט וועגן ... שפעטער האב איך דערהערט שאסען פון ... צוזאמען מיט עטליכע פא־ליציאנטען זענען מיר ארויס אויפ'ן ... ס'האט זיך דערהערט די שא־סען און מיר האבען דערזעהן ... פויערים מיט קלאנצעס אין די הענט. די פויערים האבען געשריען: „שלאגט די יודען, זיי האבען דערהרגעט א פאר־זאק".

גלייך דערנאך האב איך דערזעהן די רעשטע ביי לעסקא אין הויז.



ווילנער אדוואקאט פעטראשעוויטש.

קטע מדיוני בית־המשפט. בתמונה: עו"ד פולני פטרושביץ, סניגורם של הנאשמים היהודים.

אויסצוג פון די געריכט־פאַרהאַנדלונגען. אויפן בילד: אַדוו' פעטראשעוויטש, אַ פּאָליאַק, וואָס האָט פאַרטיידיקט די יידישע אָנגעשטעלטע.

אויף דער ידיעה פון די אַרויסגעטראָגענע געריכט-אורטיילן איז דעם 30סטן אַפּריל פאָרגעקומען אין פּשיטיק, ראַדאָם און ביאַלאָבזשעג אַ פּראָטעסט-שטרייק וועלכער איז שטאַרק אונטערגעשטיצט געוואָרן פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דער קאָמוניסטישער פאַרבאַנד פון דער פּוילישער יוגנט האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די פּויערים און ערד-אַרבעטער אין שיכות מיט דער אַנטיסעמיטישער העצע פון די ענדעקעס אין פּשיטיק. אין אַ מיטטיילונג פון 7טן אויגוסט 1936 שרייבט דער אויספאָרשער פון דער פּאָליציי-קאָמענדע אין ראַדאָם אַז „ער איז נישט אימשטאַנד אַלץ צו באַהערשן וואָס שייך דער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין אייניקע ערטער, דערביי רעכנט ער אויס אויפן ערשטן אָרט — פּשיטיק. און אין לאָדזש, ביים באַגריסן זיך, גיבן צו די פאַשיסטישע באַיוווקאַזשעס די ווערטער: „דאָרט אין פּשיטיק"...

*

היינט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קאָנען מיר קוקן אויף די דאָזיקע געשעענישן אַן באַזונדערע ליידנשאַפטן. מיר גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז די זעלבע פינצטערע כוחות וועלכע האָבן אין יאָר 1936 געהייסן מאָרדן יידן — הייסן אין יאָר 1945 שיסן צו דער בירגער-מיליץ. דעמאָלט זענען אין פּשיטיק אומגעקומען פינף יונגע מענטשן, דערמאָר־דעטע דורך דער פאַשיסטישער באַנדע פון זעגאַדלאָ. עס קומט אום דער בירגער באַנאַשיק. און די דאָזיקע מענטשן האָבן אוועקגעגעבן זייערע לעבנס נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען געווען אַנטשלאָסן צו שטיין אויף דער זייט פון דער היינטיקער ווירקלעכקייט אין פּוילן.

פּשיטיק, 64—1963



## פאָגראָם און ווידערשטאַנד

איינדרוקן און איבערלעבונגען פון אַ פּשיטיקער ייד (דער נאָמען — אומבאַוווּסט), לויט די צוגעשיקטע פאָטאָסטאַטן פון יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ) אין ניו־יאָרק. דאָס זענען פאַרשריבענע בלעטלעך פון אַ לעבעדיקן עדות פון די געשעענישן אין פּשיטיק, אין חודש מערץ 1936. מיר פאַרעפנטלעכן זיי אַן ענדערונגען און קירצונגען, אויסער אייניקע פאַרבעסערונגען פונעם אויסלייג און שפּראַך. אויך דער הויפּט־קאָפּ פון די ווייטערדיקע זכרונות און די אונטערקעפּלעך פון די באַזונדערע קאַפּיטלען — זענען אונדזערע.
(רעד')

**ווער האָט דערשאָסן דעם פּויער וויעשניאַק?**

...דאָס מאָל האָט זיך פון פענצטער אויפן ערשטן שטאָק פון אַ הויז וואָס שטייט אויף דער רעכטער זייט גאַס, אין דער ריכטונג פונעם זיך רוקנדיקן המון און דער פּאָליציי,

זיך אַרויסגערוקט דורך אַ צעהאַקטער שויב אַ האַנט מיט אַ רעוואָלווער וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אַראָפּ און פֿון אים איז אין דער ריכטונג פֿון המון געפֿאַלן אַ סעריע שאָסן אין המון. (?) האָט זיך איינגעבויגן פֿאָרויס און אָפּלויפֿנדיק נאָך עטלעכע טריט, האָט אַ פֿאַל געטון אויפֿן טראַטואַר דער 53־יאָריקער סטאַניסלאַוו וויעשניאַק. דער פּאָליציאַנט פּאַוולאָווסקי האָט באַמערקט אַז פֿונעם פֿענצטער האָט געשאָסן אַ יונגער ייִד מיט ברילן. פּאַוולאָווסקי איז צוגעלאָפֿן צום פֿאַרוווּנדעטן כּדי אים צו ערטיילן הילף. דער המון האָט אים אָבער אַוועקגעטראָגן אין דער זייט פֿון דער בריק אין וועלכער ריכטונג עס געפֿינט זיך די וווינונג פֿונעם דאָקטער (?).

דאָס געיעג נאָכן פֿאַרוווּנדעטן שיסער: די פּאָליציסטן מערטא און ווענגזשין וועלכע האָבן זיך אין מאָמענט פֿון די שאָסן געפֿונען אונטערן פֿענצטער, האָבן אָנגעשטעלט אויף דעם שיסער די ביקסן, צוליב וואָס יענער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער טיפֿעניש פֿון הויז און איז דערנאָך אַריינגעשפּרונגען צוזאַמען מיטן פּאָליציסט דורך אַ קאָרידאָר פֿון זעלבן הויז בכּדי אים צו כאַפּן. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט אַז דער אַריינגאַנג פֿון הויז פֿון וואַנען מען האָט געשאָסן, פֿירט פֿון די אונטערשטע שטובן פֿון דער וווינונג און נישט פֿון די טרעפּ און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די פּאָליציי האָט פֿאַרשפּעטיקט אַריינצוגיין אין יענע צימערן אַריין.

פֿון דער וווינונג אין דער נידער האָט מען געטראָפֿן דאָס פּאָרפֿאָלק לעסקאָ און זייער 16־יאָריקע טאָכטער. זיי האָבן דערקלערט, אַז פֿון זייער וווינונג האָט מען נישט געשאָסן. אויפֿן אָרט האָט קורץ נאָכדעם זיך געפֿונען דער פּשאָדאָווניק אַפּטאַנאַס (?).

בעת דער רעוויזיע אין צימער אויפֿן ערשטן שטאָק האָט מען אויף דער רעכטער זייט פֿענצטער פֿון וועלכן מען האָט געשאָסן, געפֿונען 3 רעוואָלווער־גילזן פֿון קאַליבער 35 מ"מ. געווער דאָקעגן האָט מען נישט געפֿונען. מען האָט דערווייל פֿאַרהאַלטן דעם אַלטן לעסקאָ און זיין זון שלום וואָס זיינע געזיכט־שטריכן פֿון שיסער זענען אויפֿגעגעבן געוואָרן דורכן פּאָליציאַנט פּאַוולאָווסקי. אויסגעפֿרעגט דורכן וויצע־פּראָקוראָר, האָט שלום לעסקאָ געלייקנט אַז ער זאָל האָבן געשאָסן. ערשט בעת אים האָט אויסגעפֿאָרשט דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער, האָט ער זיך מודה געווען אַז ער האָט געגעבן דריי שאָסן פֿון אַ רעוואָלווער פֿון פֿענצטער וואָס אין אַ זייט פֿון אים האָט מען געפֿונען די גילזן. געשאָסן אָבער האָט ער אין דער הייך, כּדי אָפּצושרעקן דעם המון, וועלכער האָט געוואָלט אויפֿרייסן די טיר פֿון זיין פֿאָטערס קראָם און אַהין זיך אַריינבאַקומען. דעם רעוואָלווער האָט ער זיך דערוואָרבן אין ראַדאָם פֿון אַן אומבאַקאַנטער פּערזאָן, בכּדי זיך צו באַוואָרענען מיט פֿאַרטיידיקונגס־מיטלען בעת די אַנטיסעמיטישע געשעענישן אויף וועלכע מען האָט זיך געריכט. נאָך די שאָסן האָט ער דעם רעוואָלווער אַריינגעוואָרפֿן אין טייך.

די סעקציע איבער סטאַניסלאַוו וויעשניאַקס טויטן קערפּער האָט אַרויסגעוויזן, אַז די קויל האָט אים געטראָפן אין דער רעכטער פּלייצע אויף אַ מרחק פון צוויי פינגער פון אָרעם־קנאָכן, צוליב וואָס ס'איז אַנטשטאַנען אַן אינעווייניקסטער בלוטאויסגוס און וויעשניאַק איז געשטאָרבן. פון דער לינקער לונג האָט מען אַרויסגענומען אַ רעוואָלווער־קויל פון אַ קאַליבער וואָס אַנטשפּרעכט די גילזן וואָס מען האָט געפונען אין לעסקאָס הויז.

פון די דערקלערונגען וועלכע עס האָבן אָפּגעגעבן עדי־ראיה וואָס האָבן בייגעוווינט דעם פּאַרפּאַל איז אַרויסגעדרינגען, אַז וויעשניאַק איז געפאַלן פון דער קויל וועלכע ס'איז אויסגעשאָסן געוואָרן דורך לעסקאָן. היות אויפן ברעג טייך, אויפן אָרט וואָס איז אַנגעגעבן געוואָרן דורך לעסקאָן, האָט מען קיין רעוואָלווער נישט געפונען, האָט מען אים ווידער אָוועקגעפירט פון תפיסה קיין פּשיטיק, כדי ער זאָל פאַרזענלעך אַנווייזן דאָס אָרט ווו ער האָט אָוועקגעוואָרפן דאָס געווער.

אָבער אויך דאָס מאָל האָבן די זוכענישן נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אין מאָמענט ווען דער באַשולדיקטער האָט געשאָסן, האָבן זיך ביי זיין הויז געפונען 6 פּאָליציאַנטן, וועלכע ער האָט געמוזט זען. וויעשניאַקן האָט געטראָפן די קויל אַזוי נאָענט פונעם פּאָליציאַנט פּאַוולאָווסקי, אַז יענער האָט זיך אַ רוק איבער געטאָן. דער המון האָט דעמאָלט נישט אַטאַקירט לעסקאָס הויז און נישט שכנותדיקע הייזער. פון די פענצטער פון לעסקאָס הויז איז געוועז אויסגעהאַקט נאָר יענץ פון וועלכן ער האָט געשאָסן. לויט די אויפקלערונגען פון יוזעף וויעשניאַקן, דעם ברודער פונעם דערהרגעטן, האָט זיך דער לעצטער געפונען אויף דער וואַרשאַווסקאַ גאַס צופעליק, זוכנדיק זיין זון וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט אין שטאָט.

## וואָס די קריסטלעכע עדות האָבן אַלץ געזען

די עדותטע סאָבסטעל מאַריאַנאַ, דער אַנגעקלאָגטער וואַצעק זאַריכטאַ און אַנדערע האָבן אויפן פאַרהער דערקלערט, אַז כמעט גלייכצייטיק מיט די שאָסן פון לעסקאָס הויז, זענען אָפּגעגעבן געוואָרן עטלעכע שאָסן פון הויף און פענצטער פון סוויעטשקעס הויז. נאָך פאַר דעם האָט מען לויט די דערקלערונגען פון דער עדותטע סאָבסטעל געזאָלט שיסן פון דער פּאַציאַטע פון לייזער פעלדבערגס הויז. אַסיאַוועק האָט געזען דעם אײדעם פונעם דאַזיקן פעלדבערג, לייבוש לענגער, אַנלאָדן אַ רעוואָלווער אין געסל. זאָפיאַ שיקאָרסקאַ ווידער האָט געזען אין דער טיר פון סוויטשקעס בעקריי איציק באַנדזען מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט מיט וועלכן ער האָט געדראָט די פויערים. מען האָט געזען רעוואָל־ווערן ביי אַ ריי אַנדערע יידן. דער אַנגעקלאָגטער וואַצעק האָט דערקלערט, אַז ער האָט געזען אַברהם און יצחק פרידמאַן ווי זיי האָבן געשאָסן צום המון פון פענצטער אין

לעסקאָס הויז. ער האָט אויך געזען אַבראַם סוויעטשקע אַנטלויפנדיק אין הויף פון זיין הויז, פון וואַנען עס זענען דערנאָך געפאַלן שאָסן.

אין פאַרלויף פון דער אויספאָרשונג האָט מען אָבער נישט צונויפגעזאַמלט גענוג באַווייזן אויף דעם אַז מען זאָל די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען אַוועקשטעלן אין אַ באַשולדיקונג־צושטאַנד פאַר באַמיען זיך צו באַגיין אַ מאָרד און דעריבער האָט מען די אויספאָרשונג אין דער דאָזיקער ריכטונג וועגן זיי בטל געמאַכט. ווייל די עדות־פּאָליציאַנטן האָבן באַשטעטיקט, אַז פונעם פענצטער ביי וועלכן עס האָט זיך געפונען וואַציק, האָט מען נישט געשאָסן. אויסער דעם האָט די לאָקאַלע וויזיע דערוויזן אַז פונעם אָרט ווו עס האָט זיך געפונען וואַציק, איז אוממעגלעך געווען צו זען די פערזאָנען וואָס שטייען אין פענצטער. באַזונדערס, ווען דאָס פענצטער איז געווען פאַרשלאָגן מיט ברעטער. אין דער זעלבער מער־ווייניקער צייט האָט דער עדות רוביענטשיק אויף זאַכענטע געזען ווי דער אָנגעקלאָגטער באָרענשטיין האָט אויסגעשאָסן צו די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען אויף דער גאַס. ער האָט אָבער קיינעם נישט געטראָפן. לויט די דערקלערונגען פונעם פּאָליציאַנט נאָוויצקי, זענען געפאַלן אַרום 30 שאָסן. דער עדות קאַרנאַפאַל סטאַניסלאַוו האָט אויפן אָרט, ווו עס האָט לויט די דערקלערונגען פונעם עדות געשאָסן לאָזער קירשענצווייג, געפונען אַ גילזע קאַליבער 35.16 ס"מ. די קויל פונעם זעלבן קאַליבער איז אַרויסגענומען געוואָרן פון סטאַניסלאַוו פּאָפּיעלס קערפּער.

בעת דריי פּאָליציאַנטן זענען געווען פאַרנומען מיט זוכן די וואָס האָבן געשאָסן פון לעסקאָס הויז, האָבן די איבעריקע פּאָליציאַנטן זיך באַמיט צו באַהערשן דעם המון. דאָס זענען אָבער געווען באַמיונגען אָן רעזולטאַט. דער אָנבליק פון וויעשניאַקס טויטן קערפּער וואָס איז געטראָגן געוואָרן, ביי אַ געוויין פון זיין פאַמיליע, דורך דער גאַנצער פאָרשטאָט זאַכענטע און וואָס איז דערנאָך אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף דער גאַס, פאַרן הויז פונעם דאָקטער וועלכער איז דעמאָלט נישט געווען אין פּשיטיק, ווי אויך די ידיעה וועגן דער שיסעריי מצד די יידן — האָבן דערצערנט דעם המון און פונאַנדערגעפלאַקערט דעם דורשט נאָך נקמה. מען איז צוגעטרעטן צו דעמאָלירן די יידישע וווינונגען.

לויטן עדות־זאָגן פון פּאָליציאַנט אדאמיעץ, שמעדרא, ראקאָטש, מאַרגאָליעס און אַנדערע, זענען אין שפּיץ פון המון, אַנפירנדיק מיט אים אין געוויסע מאָמענטן און אַריינציענדיק אים צו עקסצעסן, געשטאַנען: יוזעף פּיטעלעווסקי, אָלשעווסקי, זאַריכטאַ, וולאזלאָ, קוביאַק, טשובאַק אַלעקסאַנדער, פּיטלעווסקי און קאדפּארסקי.

די ערשטע צוויי האָבן געזאָלט האָבן רעוואָלווערן, אָבער די רעוויזיע וואָס איז ביי זיי דערנאָך דורכגעפירט געוואָרן האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. עס האָט זיך אויך נישט באַשטעטיקט די ווערסיע וועלכע איז אָנגעגעבן געוואָרן דורך עטלעכע עדות יידן, אַז

מען האָט געשאָסן בעת די געשעענישן פון אַ לאַסט־אויטאָ וואָס איז דורכגעפאָרן די וואַרשאַווסקאַ־גאַס אויף וועלכער עס זענען געפאָרן פּי־הענדלער.

די עקסצעסן פון המון האָבן זיך שוין אָנגעהויבן גאָר נישט ווייט פון דער בריק די עדות — די פּאָליציאַנטן בראַטשעווסקי און באַרעק האָבן פעסטגעשטעלט, אַז בעת די געשעענישן האָבן אַן אָנגעזעענע ראָל געשפּילט אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע אויך יאַן קאָרטשאַק, ביענקאָווסקי, באַנקיעוויטש און קוויעטניעווסקי. זיי אַלע האָבן אויסגעהאַקט שויבן אין די פענצטער און געשטורעמט די יידישע קראָמען. נישט לעסקאָס און נישט סוויעטשקאַס הויז זענען דעמאָלירט געוואָרן צוליב דער אינטערווענץ פון דער פּאָליציי. דער ערשטער לאָקאַל אין וועלכן מען האָט זיך אַריינגעריסן אויף דער וואַרשאַווסקע־גאַס איז געווען די ביר־שענק און וווינונג פון רחל מילשטיין. מען האָט צעהאַקט די לאָדנס און מ׳האָט אויסגעהאַקט אַ פענצטער דורך וועלכן מען האָט זיך אַריינגעריסן אינעווייניק. מען האָט איבערגעקערט דעם בופעט, צעבראָכן די טישן און שענק. פרוי מילשטיין און הערש פיש האָבן זיך געראַטעוועט, אַנטלויפנדיק דורכן פענצטער אין הויף אַריין און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין דער עפנטלעכער אוביקאַציע. לויט זייערע דערקלערונגען האָבן די וווינונג חרוב געמאַכט יוזעף פּיטלאָווסקי און פראַנצישעק וולאַזלאָ.

אויף דער זעלבער גאַס האָט אַלעקסאַנדער פּיטלאָווסקי צעשלאָגן מיט אַ שטעקן די פרוי חיה האָלצמאַן און יוזעף טקאַטשיק האָט מיט אַ שטעקן אַרומגעוויקלט מיט דראָט און אַרומגעשמידט מיט אייזן צעשלאָגן משה בוימאיילן. רחל מיינקוס האָט געפונען אין אַ זייט פון דעם צעשלאָגענעם בוימאיילן אַ שטיקל פונעם דאָזיקן שטעקן, וועלכער איז דערנאָך בייגעלייגט געוואָרן צום אַקט אַלס זאַכלעכער באַווייז.

אָבער ערשט אין די פאָרשטעט וועלכע רופן זיך זאַכענטא און פּאָדגאַיעק, זענען פאָרגעקומען אומרוען אויף אַ גרעסערער סקאַלע. גרופן צו 20—30 מענטשן באַוואָפנט סתם מיט קלאָניצעס, זענען זיך פונאַנדערגעלאָפן איבער גאַסן, אַריינרייסנדיק זיך אינעווייניק אין די הייזער.

דער רעזולטאַט פון שלאָגן איז געווען, אַז לייבוש טאַבאָר האָט באַקומען צוויי שטויס־וווּנדן אין קאָפּ און אַ באַשעדיקונג פון לינקן אָרעם. מאיר טאַבאָר ווידער האָט באַקומען וווּנדן אין קאָפּ. אין דער וווינונג האָט מען פעסטגעשטעלט אויף די ווענט בלוט־שפּריצן. מ׳האָט דאָרט געפונען ווידלעס, אייזערנע שטאַבעס, שטיינער און קלאָניצעס וועלכע די אָנפאַלער האָבן אַוועקגעוואָרפן. אין קראָם פון די פשיבישעוויטשאָוואַ האָט זיך אַריינגעריסן אַ המון פון עטלעכע צענדליק מאַן אויסהאַקן די שויבן. דאָן האָבן זיי אויסגעבראָכן אַ פּאָר טירן, דערנאָך האָט מען אין דער לעצטער שטוב געטראָפן אַ צעשלאָגענעם ישראל פשיבישעוויטש, ווען מען האָט צעבראָכן די לינקע האַנט. צווישן די וואָס האָבן אים צעשלאָגן האָט פשיבישעוויטש דערקענט ראַיעקן און וולאַזלאָן, וועלכע

האָבן אים געשטאָכן מיט אַ מעסער און זיין מוטער יוזעפאַ וויעזשביצקאַ. אויפן בעט אין קיך האָט מען דערנאָך געפונען אַ קלאָניצע און שפּורן פון בלוט. דער פרוי הינדע האַבערבערג האָט מען צעריסן 4 קאָלדרעס. אין דעם האָט זיך באַטייליקט סטאַניסלאַוו פּראַסקי. אסתר מאַלץ האָט דערקלערט, אַז נאָכן אַריינרייסן זיך אין איר וווינונג, האָט איר געשלאָגן וולאַזלאַ, זאַריכטאַ, פלינאַק און סטעפּניאַק. אויף סליזאַקן און סטעפּניאַקן אַלס פּערזאָנען וואָס האָבן זי געשלאָגן, ווייזט אויך אָן גאָלדע באָרנשטיין, ביי וועלכער מען האָט פון קראָם אַוועקגענומען אַ ביסל סחורה. ביי גיטל מינקאָווסקי האָט אויסגעהאַקט די שויבן אַלעקסאַנדער פּרוס, ביי שאול פרענקעל — סטעפאַן זאַריכטא און קאַסקאַ.

דוד מאַרגוליעסן האָט געשלאָגן יאַן וואַצעק. אין ברוך אייזענמאַנס וואַרשטאַט האָבן נאָכן אויסהאַקן די שויבן זיך באַמיט אַריינרייסן קאַצפּאַרסקי, וולאזלאָ און בוגאַיטשיק. אין דער וווינונג פון ירחמיאל פלאַכטאַ אין הויז נומער 36 האָבן זיך אַריינגעריסן, אויסברעכנדיק די טיר, צווישן אַנדערע: זאַריכטא, וולאזלאָ און פּראַסעק. פלאַכטע האָט זיך באַהאַלטן מיט דער פאַמיליע אויפן בוידעם. די אָנפאַלער האָבן פאַרניכטעט די שטובזאַכן, געשיר, אַ פאָרטעפּיאַן, בילדער און דערנאָך האָבן זיי גערופן אָפּציען. אויפן בוידעם האָבן אָבער די אָנפאַלער, צוליב דעם וואָס זיי האָבן נישט געהאַט קיין לייטער וועלכע פלאַכטאַ האָט אַרויפגעצויגן מיט זיך, נישט געקענט זיך אַרויפבאַקומען.

אין דער בעקעריי פון עקיבא פרידמאַן אויף זאַכענטא האָט מען צעקלאַפּט אַ זייגער מיט אַ געוויכט. אינעם אָנפאַל אויף דער בעקעריי האָבן גענומען אָנטייל זאַריכטאַ און ביזשינסקי. זאַריכטא האָט אויך צוזאַמען מיט קאַצפּאַרסקין, קאָשטש און קוביאַקן פאַרניכטעט די וווינונג פון לייבוש און הערש מרדכי ראָזענהאָלץ. די ראָזענהאָלצס האָבן זיצנדיק אויפן בוידעם געהערט אויסגעשרייען: „דערהרגענען די דאָזיקע ידן!“

אין דער וווינונג פון חיה פרידמאַן האָט מען אויסגעריסן אַ פענצטער און אָנגעהויבן שלאָגן מיט קאָלקעס. די פרוי פרידמאַן איז געווען 5 וואָכן נאָכן קינפּעט. מיט איר אייגענעם קערפּער האָט זי באַשיצט איר עופעלע. די איבעריקע קינדער האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן פון דער וווינונג. אין דעם אָנפאַל אויף דער פרוי פרידמאַן האָט זיך באַטייליקט קאַצפּאַרסקי. אינעם אָנפאַל אויף דער וווינונג פון שלמה מייערפעלד האָט אָנטייל גענומען בודזיק. באַזונדערס געליטן האָט די וווינונג פונעם ייד אַלתר קאָזלאָווסקי וואָס געפינט זיך אין אַ הויז וואָס ליגט פון יענער זייט קאָשטשאָל. אַ המון פון 20 פּערזאָן וואָס אין זיין שפּיץ איז געשטאַנען קוזשעס, האָט אויסגעהאַקט מיט קלאָניצעס די פענצטער און די טירן. דורך די פענצטער האָט מען אָנגעהויבן וואַרפן שטיינער, צעהאַקנדיק מיט זיי אינגאַנצן די שאַנק אין וועלכער ס'האָט זיך באַהאַלטן קאָזלאָווסקי מיט די קינדער. מען האָט אַ תל געמאַכט פון אַ בעט און שטולן. אויסער דעם האָט מען צערעכט געמאַכט עטלעכע צענדליק יידישע וווינונגען, אַרויסרייסנדיק די פענצטער און טירן צוזאַמען מיט די ראַמען, מיט

דער הילף פון אייזערנע שטאַבעס, קאָלעס, שטיינער וואָס האָבן געוווֹיגן עטלעכע צענדליק קילאָ. און אַפילו די שלעסער מיט שטיינער האָט זיך דער המון געקענט לייכט פאַרזען, ווייל פיל שטיינער זענען געלעגן אונטערן קאָשטשאָל־באַרג. אינעווייניק פון די הייזער און קראָמען האָט מען פאַרניכטעט די איינריכטונגען און די סחורות. מען האָט די סחורות און זאַכן אַפילו מיטגענומען מיט זיך, הגם דאָס זענען געווען זעלטענע פאַלן. עטלעכע באַעוולטע באַהויפטן, אַז ביי זיי איז בעת די רויבערייען פאַרפאַלן געוואָרן געלט. ווו מען האָט געטראָפן די איינוווינער, האָט מען זיי געשלאָגן, אויסשרייענדיק: „דערהרגענען זיי! נישט שוינען זיי!"

צאָלרייכע יידישע פאַמיליעס האָבן אויסגעמיטן צו באַקומען קלעפּ און געניזוקט צו ווערן נאָר אַדאַנק דעם וואָס זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די קעלערס אָדער אויף די בוידעמס, ווו דער המון האָט נישט געהאַט קיין צייט אָדער קיין מוט דאָרט זיי צו זוכן, וואָרטנדיק אַפּנים יעדע רגע אויפן אָנקום פון פאָליצייאישע פאַרשטאַרקונגען. דער המון האָט אָפּעריִרט, רוקנדיק זיך פון דער בריק צום קאָשטשאָל און ווייטער אויף פּאָדגאַיעק. די געליטענע איז געלונגען צו דערקענען צווישן די אָנפאַלער צו איין אָדער עטלעכע פּערזאָן, וועלכע זיי האָבן געקענט פון פריער אַלס פּויערים וואָס פלעגן קומען אין מאַרק־טעג אָדער ביי וועלכע זיי, די געליטענע, האָבן געהאַלטן אין פּאַכט גערטנער (סעדער). די עדות האָבן אָנגעגעבן די פאַמיליען־נעמען און דאָס וווינאָרט פון די דאָזיקע פּערזאָנען, וועלכע מען האָט זיי דערנאָך קאָנפראָנטירט.

## אַן איבערבליק איבער די וויכטיקסטע אָנפאַלן

פאַרבייגייענדיק די הייזער, אָנהייבנדיק פון דער בריק אויפן טייך ראַדאָמקע צום קאָשטשאָל, באַקומט זיך אַזאַ בילד:

אין דער וווינונג פון שרה באָרנשטיין ווו ס'האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ פּאָר צענדליק פּערזאָן, האָבן זיך אַרייַנגעריסן דורכן פענצטער ראַיעק זאַריכטעס שטיף־זון, אַלעקסאַנדער פּיטלאָווסקי און זיעלינסקי. פון הינטערן פענצטער איז געשטאַנען בודזי מיט אַ קלאָניצע אין האַנט. פּיטלאָווסקי האָט אַ קלאַפּ געטאָן די פרוי באָרנשטיין, זיעלינסקי און בודזיק האָבן צעשלאָגן גדליה העמפּלען בעת ער איז אַרויסגעלאָפן פון הויז. ער האָט באַקומען ווונדן אויפן קאָפּ און אין דער לינקער זייט.

בעת דער מעדיציניִשער אונטערזוכונג האָט העמפּלען באַהויפטעט אַז געשלאָגן האָבן אים אויך ראַיעק און בודזיק. אין דער וווינונג פון יאַנקל באָרנשטיין האָבן זיך אַרייַנגעריסן דורך די פענצטער זיעלינסקי, בודזיק פּיטלאָווסקי, קאַש (?), מאַכנדיק אַ תל פון די שיינע טישן, שטולן און שלאָגנדיק יאַנקל באָרנשטיינען און זיין פרוי מיט קלאָניצעס און שטיינער. בעת דער אונטערזוכונג האָט מען אין דאָזיקן לאָקאַל געפונען 48 שטיינער פון

פֿאַרשידענע גרייסן. אין דער וווינונג און געוועלב פֿון הינדע באָרנשטיין אין אונדזער הויז האָט מען צעשמעטערט 5 בעטן, צעריסן די פּערענעס, צעבראָכן די פֿענצטער. די אייגנ־טימערין מיט דער פֿאַמיליע האָבן זיך באַהאַלטן אויפֿן בוידעם און פֿון דאָרט האָט זי דערקענט דעם אָנפֿאַלער קאַצפּאַרסקין. בעתן אָנפֿאַל זענען דער פֿרוי באָרנשטיין פֿאַרפֿאַלן געוואָרן 220 זלאָטעס, וועלכע זי האָט פֿאַר דעם געהאַט באַהאַלטן אין בעט.

די וווינונג פֿון טאָקאַר מאיר און לייבוש אין הויז נומער 3 האָבן פֿאַרניכטעט צוזאַמען מיט אַנדערע נישט אַנטדעקטע אָנפֿאַלער. ראַיעק, וועלכן מען רופֿט נאַוואַריש און וועלכער האָט אויך מיט אַ קלאָניצע געשלאָגן לייבוש טובארען, ווי אויך אַלעקסאַנדער פּיטלאָווסקי, האָבן געהייסן שלאָגן טובארען נישט איבער די פּלייצעס, נאָר איבערן קאָפּ.

מאיר טאָבער האָט דערקלערט, אַז אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע האָט אים אויך געשלאָגן יאַן דאַמאַנאַלסקי און קראַוווטשיק. לייבוש טאבאָר האָט צווישן די וואָס האָבן אים געשלאָגן, דערקענט זאַריכטאַן, דאַמאַנאַלסקין, אַלעקסאַנדער פּיטלאָווסקין און סטעפּאַניאַק. אין אָנפֿאַל האָבן זיך באַטייליקט זימלינסקי און פּראַסעל. קאָזלאָווסקיס דינסט חנה זאָל האָבן דערלאַנגט אַ קלאַפּ סטאַניסלאַוו זיעלינסקין, פֿאַרוווּנדענדיק אים דעם קאָפּ.

אין דער פֿאָרשטאָט וואָס רופֿט זיך פּאָדגאַיעק און ציט זיך פֿון קאָשטשאָל אין דער זייט פֿון זשערצאָוו, האָט מען חרוב געמאַכט וווינונגען. צווישן אַנדערע האָט מען אויך חרוב געמאַכט דאָס הויז פֿון פֿייגע פּיעטשאָנטקאַ. אינעם חרוב מאַכן וווינונגען פֿון גאָלדע פּשיטיצקאַ האָבן זיך באַטייליקט סידזינסקי, קוביאַק און הוסיעץ. די סאַמע ווײַטיקסטע דערשיינונג פֿון פֿאַרווילדונג וואָס דער המון האָט בעת די געשעענישן אַרויסגעוויזן, איז פֿאָרגעקומען אין הויז פֿונעם שמיד ראָגיצקי, דורך וועלכן מען האָט דורכגעטראָגן וויעשניאַקס טויטן קערפּער, אַנטקעגנאיבער דעם דאָקטער גאַנדאָווסקיס הויז.

**דער מאָרד פֿון די מינקאָווסקיס**

אין דער וווינונג פֿונעם שוסטער מינקאָווסקי האָבן זיך נאָכן אויפֿרייסן די לאָדן און דאָס פֿענצטער, אַרײַנגעריסן עטלעכע פּערזאָנען פֿון צווישן המון, וועלכער האָט באַוואָפֿנ־דיק זיך מיט אַרטשיקעס און שטעקנס, זיך צונויפֿגעזאַמלט אויפֿן הויף. אַ שטיין וואָס איז אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן דורכן טיר, האָט געטראָפֿן דעם 15־יעריקן גאַבריש מינקאָווסקי, וועלכער האָט אַ פֿאַל געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע, פֿאַרלירנדיק דאָס באַוווּסטזיין. די דרײַ אַנדערע זין מינקאָווסקיס אין עלטער פֿון 6 ביז 14 יאָר האָבן זיך באַהאַלטן אונטערן בעט. ביידע מינקאָווסקיס זענען אין דער לעצטער רגע אַרויסגעלאָפֿן דורך דער טיר אין הויז־קאָרידאָר אַרײַן און דאָרט, אין פֿאָדערשטן טייל הײַזל, האָט מען דערהרגעט יאָסל מינקאָווסקין און אין הויף אונטער די קלעפּ פֿון דראָנגען און שטעקנס איז געפֿאַלן חיה מינקאָווסקאַ וועלכע איז נאָכן איבערפֿירן זי אין שפּיטאָל, נאָך עטלעכע שעה געשטאָרבן.

פֿון אונטערן בעט האָט מען אַרויסגעצויגן דעם 6־יעריקן מינקאָווסקיס זון שמואל און אים צעשלאָגן מיט קלאָניצעס איבערן קאָפּ. הערשל און רחל זענען ניצול געוואָרן, באַהאַלטנדיק זיך טיף אונטערן בעט.

די סעקציע איבער די מינקאָווסקיס האָט אַרויסגעוויזן, אַז יאָסל האָט באַקומען 5 ווּנדן אין קאָפּ, דריי פֿון די ווּנדן זענען געמאַכט געוואָרן דורך אַ האַרט און טעמפּ געווער און דאָס איז געווען פֿאַרבונדן מיטן צעברעכן דעם נאַקן־ביין און מיט דער פֿאַרניכטונג פֿונעם מאַרך. די ווּנדן זענען דורכאויס געווען שטערבלעכע, די צוויי איבעריקע ווּנדן זענען געמאַכט געוואָרן דורך אַ האַרט און שאַרף ווערקצייג. חיה מינקאָווסקא האָט באַקומען דריי ווּנדן אין קאָפּ, פֿאַרבונדן מיט צעברעכן דעם רעכטן ביין פֿון קאַרק און פֿון שלייף, ווי אויך מיט פֿאַרניכטן דאָס רעכטע האַלבע מאַרך־קוגעלע און אויך אַ געשניטענע ווּנד אין אויבערשטן טייל באַק. גבריאל מינקאָווסקי ווידער האָט מען געמאַכט ווּנדן אין קאָפּ וואָס האָט גורם געווען דאָס פּלאַצן פֿונעם ביין אויף דער לינקער ברוסט און פֿונעם רעכטן טייל לינקן ביין וואָס האָט צעשטערט די פֿונקציעס פֿון נערוון־סיסטעם אויף מער ווי 20 טעג. שליסלעך האָט דער 6־יעריקער שמואל באַקומען 3 שטויס־ווּנדן אין די ווייכע טיילן קאָפּ. לויט די דערקלערונגען פֿונעם עדות ישראל באָס, וועלכער האָט אַנטלויפֿנדיק פֿון המון זיך געפֿונען פֿון יענער זייט דאָקטער נאזדאַווסקיס הויז, אויף אַ מרחק פֿון 15 יאַרד פֿון ראָגולסקיס הויז, איז אויפֿן הויף פֿון דאָזיקן הויז אַריינגעפֿאַלן אַ המון מענטשן, באַוואָפֿנט מיט קלאָניצעס און שטעקנס. צווישן זיי האָט דער עדות דערקענט יאַן פּרוסן, פּאַוועל קענסציען, קאַפּטשאַן און וויטשעקן. זיי זענען אַריינגעדרונגען אין דער וווינונג. דאָס האָט דער עדות נישט געזען, ווייל פֿאָרגעקומען איז דאָס אויף יענער זייט הויז. ברוך הערש האָט, אָבסערווירנדיק דאָס געשעעניש אויף אַ מרחק פֿון 65 יאַרד, פֿעסטגעשטעלט, אַז צווישן די פּערזאָנען וואָס זענען אַריינגעלאָפֿן אין הויף אַריין און וואָס זענען שפּעטער פֿון דאָרט אַרויסגעגאַנגען, האָט ער באַוויזן צו דערקענען טשובאַקן, וואָיטשיקן און אַלשעווסקין. פּערשט האָט געהערט ווי טשובאַק האָט אָנגעוויזן דעם המון אויף דער וווינונג פֿון די מינקאָווסקיס, אַז דאָרט וווינט אַ ייד.

איבערן עדות פּערשט האָט מען דורכגעפֿירט אַ מעדיצינישע אונטערזוכונג: די קראַפֿט פֿון זיין ראיה. דער דאָקטער־אָקוליסט האָט באַהויפּטעט, אַז ס׳איז אַ ספֿק צי מען קען דערקענען פּנימער פֿון פּערזאָנען אויף אַ מרחק פֿון 65 יארד. דאָס איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן. איינער פֿון מינקאָווסקיס ניצול געוואָרענעם זון הערשעק האָט דערקלערט, אַז אינעם מאָמענט ווען מ׳האָט אויסגעהאַקט די שויבן, האָט ער דערזען אין דער ערשטער ריי פֿון המון, שטייענדיק דאָ ביים פֿענצטער, סטאַניסלאַוון. און אונטן, פֿראַנקיעוויטש, איוואַנסקין און קוויעטניעווסקין, וועלכע ער האָט געקענט.

אין מאָמענט ווען די דאָזיקע אָנגעקלאָגטע מיט קלאָניצעס אין די הענט האָבן אָנגע־

הויבן אַריינצוגיין אין שטוב דורכן פענצטער, האָט דער עדות זיך באַהאַלטן אונטערן בעט. מינקאָווסקין האָט מען דערנאָך געוויזן צווישן עטלעכע אַנדערע פּערזאָנען די אויבנדערמאָנטע, וועלכע ער האָט אָן וואַקלענישן דערקענט.

פון זייערע דערקלערונגען איז אַרויסצודרינגען אָן שום ספק, אַז די פּראָנטשיש־קיעוויטשעס, איוואַנסקי און קוויעטניעווסקי האָבן זיך דירעקט באַטייליקט אין דער־הרגענען די מינקאָווסקיס און אַז זיי האָבן פּאַרווּנדעט מינקאָווסקיס זון. דער 6־יעריקער יתום און עדות גאַבריש מינקאָווסקי האָט צוליב די פּסיכישע דערשיטערונגען וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם וואָס מען האָט אים צעשלאָגן, נישט געגעבן קיין שום אָנווייזונגען וועגן די וואָס זענען באַגאַנגען דעם מאָרד און האָט קיינעם פון צווישן די אָנגעקלאָגטע נישט דערקענט.

דער 6־יעריקער עדות וועלכער איז געוואָרן אונטערזוכט צוויי מאָל, האָט איבער־געגעבן אַז מ׳האָט אים אַרויסגעצויגן פון אונטערן בעט און אים האָבן צעשלאָגן יינגלעך וועלכע זענען אים אומבאַקאַנט. בעת די געריכטלעך־מעדיצינישע אונטערזוכונגען דעם 18טן מערץ, האָט ער אָנגעגעבן אַז געשלאָגן האָבן אים פּראַנטשישעק סאָבאַל און ראַגולסקי. ס׳איז אָבער נישט געלונגען אַרויסצובאַקומען פון אים נענטערע דאַטן בנוגע יינגע פערזאָנען און נישט אויפצוקלערן הלמאי ער האָט וועגן זיי פאַר דעם נישט גערעדט. פּראַנטשישעק קען עווענטועל זיין איינער פון די פּראַנצקיעוויטשעס וואָס ווערן אַזוי אָנגערופן אין פּשיטיק.

ראַגולסקי, דער אייגנטימער פון הויז ווו עס האָבן געוווינט די מינקאָווסקיס, האָט נישט גענומען קיין אָנטייל אין שלאָגן זיי, נאָר האָט נאָך באַהאַלטן אין זיין וווינונג די יידישע פאַמיליע. אין געריכט האָט ער פונדעסטוועגן צוויי מאָל אונטער אַ שבועה דערקלערט, אַז די מערדער קען ער נישט. פון די אָנגעקלאָגטע וועלכע מען האָט אים געוויזן האָט ער קיינעם נישט דערקענט.

מינקאָווסקיס וווינונג איז בעת די געשעענישן פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. צוויי בעטן האָט מען פאַנאַנדערגעוואָרפן. דאָס בעטגעוואַנט, די גאַרדעראָב, דאָס שפּאַנישע ווענטל איבערן בעט — זענען שטאַרק געווען באַפלעקט און געהאַט אויף זיך שפּורן פון בלוט. מינקאָווסקיס טויטער קערפּער איז געלעגן אין הויז־קאָרידאָר אין אַ קאַלוזשע בלוט מיט וועלכן עס זענען געווען באַשפּריצט די ווענט. אין צימער האָט מען געפונען 20 שטיינער, צעבראָכענע שטעקנס ווי אויך אַ האַק מיט שפּורן פון בלוט אויפן הענטל. עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז די דאָזיקע האַק איז געווען מינקאָווסקיס אייגנטום.

דער טויט פון די מינקאָווסקיס, דאָס צעשלאָגן זייערע קינדער, דאָס חרוב מאַכן זייער הויז, האָבן אין אַ געוויסער מאָס אויסגעשעפּט די שנאה, געשטילט זייער נקמה־דורשט. די עקסצעסן האָבן אָנגעהויבן זיך אויסלעשן און אַ האַלבע שעה מער־ווייניקער נאָכן

מאָרד וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן איבער די מינקאָווסקיס, זענען אָנגעקומען פון ראַדאָם קיין פשיטיק פּאָליציי־פאַרשטאַרקונגען וועלכע האָבן צוריקגעשטעלט די אָרדענונג.

**די יידישע און פוילישע אַדוואָקאַטן בעת די געריכט-פאַרהאַנדלונגען**

אַדוו. עטינגער: צי ווייסט דער עדות וועגן אַ גניבה פון קאָלבאַסע?

עדות: כ'געדענק נישט.

עס ווערן דאַן פאַרהערט די עדות קוויעטניעווסקי און קאַצפּזשאַק. ביידע זענען דאַרפסלייט. זיי האָבן „אַליין געזען!" ווי יידן האָבן געשלאָגן די פויערים. האַבערבערגן האָט קאַצפּזשאַק געזען לויפן מיט אַ האַמער אין האַנט.

אַדוו. פּעטרושעוויטש: זענט איר עפּעס שולדיק געלט האַבערבערגן?

דער עדות ענטפערט נישט.

ענדלעך באַוויזט זיך דער ערשטער יידישער עדות. דער יידישער עולם אין געריכט־זאַל אָטעמט אַביסל אָפּ נאָכן אויסהערן במשך צוויי טעג אַ ריי עדות וואָס האָבן אַלץ געזען, אויסער אָנפאַלן אויף יידן... עס ווערט אַריינגעפירט דער עדות אברהם פּאָמראַק, אַ סטראַגאַניאַזש. אין קריטישן מאָמענט איז ער געשטאַנען ביי זיין סטראַגאַן מיט פאַרטיקע מלבושים. נעבן אים האָבן זיך געפונען די סטראַגאַנעס פון לעסקאָ און זלמן. ווען מען האָט אָנגעהויבן אין מאַרק האַקן שויבן און שלאָגן יידן, זענען עטלעכע פון די באַשולדיקטע (דער עדות ווייזט אָן מיט דער האַנט אויף עטלעכע יונגע פויערים פון דער באַשולדיקונג־באַנק) צוגעלאָפן צו די יידישע סטראַגאַנעס און אָנגעהויבן ראַבירן די סחורות. ביים עדות האָט מען צוגענומען עטלעכע פּאָר הויזן. ער איז נאָכגעלאָפן מיט אַ געוואַלט: „גיט צוריק די הויזן!" דער שלעגער איז אַנטלאָפן אין דער ריכטונג צו וואַרשאַווסקע גאַס. ווען דער עדות איז צוריק געקומען צום סטראַגאַן, האָט ער געזען ליגן אַ באַוווסטלאָזן, זלמנען. פון זיין קאָפּ האָט זיך געגאָסן בלוט. ביי לעסקאָן האָט ער ווידער דערזען אַ צעבראָכענעם סטראַגאַן און לעסקאָ האָט געשריגן אַז מען האָט ביי אים ראַבירט סחורות. דאָס אַלץ איז נאָך פאָרגעקומען בעתן יאַריד. מיר האָבן שנעל צונויפגענומען דאָס ביסל סחורה און עס באַהאַלטן ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

ערשטער צוזאַמענגעשטויס צווישן קאָוואַלסקין מיט די יידישע אַדוואָקאַטן בערענסאָן און עטינגער. בעת פּאָמראַקס דערקלערונגען, שטעלט זיך פּלוצלונג אויף אַדוו. קאָוואַלסקי און מיט אַ הויכער שטימע שרייט ער אויס:

— די יידן ווילן באַשמוצן די באַשולדיקטע פּאָלאַקן אַז זיי האָבן ראַבירט. דאָס איז אומדערהערט.

דערויף נעמט אַ וואָרט אַדוו. בערענסאָן און דערקלערט:

— מיר זענען עדות ווי אַדוו. קאָוואַלסקי מישט זיך כסדר אַריין נישט אין זיינע

ענינים. זייענדיק בלויז אַ ציוויל־מאַנער, שטרייט ער ווייטער אַריבער די גרעניצן פון זיינע קאָמפּעטענצן. אָבער יעדע זאַך מוז האָבן אַ מאָס און איך בעט דאָס געריכט אויפ־מערקזאַם מאַכן דעם אַדוו. קאָוואַלסקי ער זאָל זיך אויפהערן מישן נישט אין זיינע ענינים.

אַ ווירדיקע דערקלערונג גיט דאַן אָפּ אַדוואָקאַט עטינגער:

— אַדוואָקאַט קאָוואַלסקי רעדט וועגן יידן, איך וויל אים אויפמערקזאַם מאַכן, אַז יידן האָבן מיטן ה׳ קאָוואַלסקי דאָ גאָרנישט צו טאָן און ער דאַרף דעריבער וועגן יידן ווייניקער רעדן. דאַ, אין געריכט, האָבן מיר פאַר זיך בלויז אָנגעקלאָגטע און נאָר וועגן זיי דאַרפן זיי רעדן.

די דערקלערונגען פון די יידישע אַדוואָקאַטן מאַכן אַ שטאַרקן רושם. דער פאָרזיצער דערקלערט דער יידישער פאַרטיידיקונג, אַז מיטן אויסדרוק „יידן״ האָט אַדוו. קאָוואַלסקי געמוזט מיינען די יידישע אָנגעקלאָגטע. קאָוואַלסקי כאַפּט זיך אָן אין דער דערקלערונג פון פאָרזיצער און זאָגט, אַז ער האָט אַזוי געמיינט. דער געריכט־זאַל געפינט זיך לאַנג אונטערן איינדרוק פון צוזאַמענשטויס צווישן קאָוואַלסקין מיט די יידישע אַדוואָקאַטן. דער יידישער עולם פילט זיך צופרידן. די מוטיקע דערקלערונגען פון די אַדוואָקאַטן בערענסאָן און עטינגער האָבן באַדייט סאַטיספאַקציע פאַר די אַלע אומגעלומפּערטע נידעריקע אַרויסטרעטונגען פון קאָוואַלסקין.

אָבער נישט לאַנג האָט דער יידישער עולם אין געריכט־זאַל געקענט וועגן דעם טראַכטן. אָט ווערט אָנגערופן דער נאָמען פון אַ נייעם עדות: פראַנטשישעק ראָגולסקי, דער שאָטן פון מינקאָווסקין אין געריכט־זאַל. אַ ציטער גייט דורך איבערן זאַל. מען ווייסט אַז דאָס איז איינער פון די הויפּט־עדות וועגן די רציחות איבער דער פאַמיליע מינקאָווסקי. ראָגולסקי איז דער בעל־הבית פונעם הויז ווו ס׳איז פאָרגעקומען דער שוידערלעכער מאָרד.

## אַן עדות וואָס דערקענט נישט די מערדער...

ס׳קומט אַריין אַ הויכער קריסט מיט אַ טיפּיש פּויעריש פּנים. מיט געלע וואָנסן און לאַנגע שטיוול. צוזאַמען מיט זיין באַווייזן זיך לייגט זיך אַ שווערער קאָשמאַר איבערן גאַנצן זאַל. מען פילט ווי עס הויבט אָן שוועבן דער שאָטן פון די דערמאָרדעטע יאָסל און חיה מינקאָווסקי.

ראָגולסקי רעדט. ער דערציילט וועגן יענער פאַרשאָלטענער שעה אויפן פּאָדגיי. אַ באַנדע איז אָנגעקומען און געוואָרפן שטיינער אין די יידישע שטובן. זיי האָבן אויך געשלאָגן. צו איינעם פון מיינע יידישע שכנים בין איך אַריינגעלאָפן אין שטוב און געוואָרנט ער זאָל פאַרמאַכן די שטוב, ווייל ס׳קען זיין אַן אומגליק. שפּעטער האָב איך געזען ווי אַ באַנדע איז אַריינגעפאַלן אויפן הויף פון מיין הויז. זיי האָבן זיך דערנעענטערט

צו מינקאָווסקיס הויז, געוואָרפן שטיינער אין די פענצטער. אויפגעריסן טירן. כ׳לויף אַריין אין קאָרידאָר און דערזע ליגן דעם יידישן שוסטער אין אַ קאַלוזשע בלוט. ער האָט נאָך געלעבט, אָבער גערעדט האָט ער שוין נישט. אין דרויסן, אויפן הויף, איז געלעגן אין אַן ענלעכן צושטאַנד זיין ווייב חיה.

די יידישע באַשולדיקונג־באַנק פּראַוועט אבילות. אין זאַל ווערט די שטימונג וואָס אַ מאָל שווערער. דאָ און דאָרט דערהערן זיך שטילע געפּרעסטע ספּאַזמען. אויף די בענק פאַרן פּובליקום זיצט מינקאָווסקיס טאָכטער פון וואַרשע וואָס איז היינט געקומען צום פּראָצעס. די יידישע זשורנאַליסטן שעמען זיך נישט צו ווישן די אויגן פון טרערן. די גאַנצע יידישע באַשולדיקונג־באַנק ברעכט אויס אין אַ געוויין. יאַנקל באַרנשטיין לייגט אַוועק זיין קאָפּ אויפן באַשולדיקטן האַבערבערג. אליעזר קירשענצווייג טוליעט זיך צו זיין ברודער יעקב און אַזוי די איבעריקע באַשלדיקטע. אַלע וויינען, מען פּראַוועט אָבילות פאַרן אָנדענק פון די קדושים יאָסל און חיה מינקאָווסקי, וועמענס נעמען עס ווערן דער־מאָנט אין געריכט־זאַל.

ראַגולסקי רעדט. שוין עטלעכע מאָל האָט ער דאָס זעלבע דערציילט, פּונקט ווי ער וואָלט געלייענט פון אַ פּראָטאָקאָל: ער האָט געזען צוויי־דריי יונגע פּויערים אַריינפאַלן אויפן הויף, ער האָט געזען זיי באַשיטן דעם קרבן מיט אַ האָגל קלעפּ. ער האָט געזען ווי די אומגליקלעכע קליינע יתומים זענען אַפּירגעקראָכן פון בעטל. ער האָט אַלץ געזען, אָבער... ווער האָט עס אַלץ געטאָן?

עס פרעגט דער פּאַרזיצער, עס פרעגט דער פּראָקוראָר, עס פרעגן די יידישע אַדוואָקאַטן: ווער זענען געווען די אָנפאַלער? ווער זענען געווען די מערדער? קוקט אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. צי דערקענט איר עמעצן?

ראַגולסקי האָט שוין אַ גרייטע תשובה. ער דאַרף אַפילו נישט קוקן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק. קאַלט און גלייכגילטיק קלינגט זיין ענטפער:

— אַ המון האָב איך געזען, איך קען זיי נישט.

— און אפשר האָט איר געזען דאָרטן די באַשולדיקטע פּראַנטשקעוויטש? און אפשר איוואַנסקין?

— ניין, זיי קען איך גוט, זיי זענען נישט געווען.

און אַזוי ענטפערט דער עדות אויף אַלע געשטעלטע פּראַגן. עס ווערט ענג. מען פילט אַז די אויספירער פון גרויסן שרעקלעכן פאַרברעכן ווערן אויסבאַהאַלטן פאַר דער וועלט. עס ווילט זיך אויסשרייען צום עדות: „אַ שקר! איר ווייסט יאָ ווער ס׳זענען געווען די רוצחים!" אָבער פלוצים: וואָס איז דאָ געשען? דער אַלטער 70־יעריקער פעלדבערג שאַרט זיך אַפּיר פון דער באַשולדיקונג־באַנק. ער ווערט בלייך ווי די וואַנט. דער קאָפּ פאַלט אים פון אונטן, קוים וואָס ער באַווייזט אויסצורופן:

— לענגער קען איך שוין נישט אויסהאַלטן! ער איז דער מערדער!

פעלדבערג פאַלט. עס לויפן צו די וואַכשנעס און די פּאָליציאַנטן און הייבן אים אויף פון דער ערד. מען פירט אים אַרויס אין קאָרידאָר.

אין זאַל אַנשטייט אַ געוואַלדיקער טומל. דער פאָרזיצער רייסט תיכף איבער די זיצונג. ראַגולסקי שטייט פאַרן עדות־שטענדער און באַקומט אַלע קאָלירן. ער ציטערט אין גאַנצן.

אין דרויסן מינטערט מען דערוויילל דעם זקן. מען גיסט אויף אים וואַסער. אַ פּאָליציאַנט כאַפּט אַ דראָזשקע און ברענגט שנעל דעם ידישן דאָקטער שנעדעראָוויטש. צענדליקער מינוטן דויערט ביז דער פאַרחלשטער זקן קען קומען צו זיך. צוריק אין זאַל ווערט ער שוין נישט אַריינגעפירט. דאָס געריכט באַנייט די זיצונג. פאַרענדיקט שנעל דעם פאַרהער פון ראַגולסקין און אין אַ געדריקטער שטימונג ווערט די זיצונג איבערגעריסן ביז שבת 8 פרי.

„גיט אַהער די כאָלערע"

דער שבתדיקער טאָג. אַ ידישער עדות דערציילט. דער שבתדיקער טאָג פון פראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פאַרהער פון עדות ישראל פעלדמאַן. ער דערציילט ווי אַזוי די באַנדע איז אָנגעפאַלן אויף דער פּאָליציי מיט שטיינער. עס איז געווען, זאָגט ער, אַ גאַנצע כמאַרע. ער דערקענט זיי גענוי. דאָס זענען געווען קאַצפּערסקי, זאַריכטע און דזיאַבאַ. ווען איך האָב זיך באַוויזן פאַרן פּאָסטערונעק, האָט זאַריכטאַ אויסגעשריגן: „גיט אַהער די כאָלערע!" דאָרטן האָב איך געזען אַ צעווילדעטן המון וואָס האָט ראַבירט, געשלאָגן און געהאַקט שויבן. בראש פון דער באַנדע איז געשטאַנען זאַריכטאַ. פאַרן הויז פון לעסקאָ האָט זיך די באַנדע פאַרגרעסערט. איך האָב געהערט געשרייען: „דאָ זענען פאַראַן אַ סך יידן. מען דאַרף זיי הרגענען". איך האָב געזען אַז די לאַגע איז אַ געפערלעכע און מיט אַלע כוחות זיך צוגעכאַפּט צו מיין שטוב און אָנגעהויבן זאָגן ווידוי.

ריכטער פלעוואקאַ: — ווי ווייט זענט איר געשטאַנען פון פּאָליציי־פּאַסטערונעק?

— עטלעכע מעטער.

— וועלכע זשידקעס זענען דאָרט נאָך געשטאַנען?

— איך געדענק נישט.

ריכטער פלעוואקאַ: — זענט איר געשטאַנען צווישן די פויערים?

— ווען איך וואָלט געשטאַנען צווישן די פויערים, וואָלט איך היינט דאָ נישט געקענט שטיין...

דאַן דערציילט פעלדמאַן ווי אַזוי מען האָט זיך געוואָלט אַריינרייסן צו לעסקאָן אין הויז.

מען רופט אַריין דעם עדות פנחס פרידמאַן. עס באַווייזט זיך אַ חסידישער יונגערמאַן

אין אַ געהאַקטער קאַפּאָטע מיט ברילן. ער האָט אַ געוועלב נעבן פּאָליציי־פּאָסטערונעק. דעם קריטישן טאָג האָט ער געזען די גאַנצע סצענע מיטן אָנפאַל אויף דער פּאָליציי, די זעלבע וואָס האָבן אַרויסגעריסן סטשאַלקאָווסקין פון פּאָליציי־פּאָסטערונעק זענען שפּעטער געלאָפן איבערן מאַרק מיט קלאָניצעס און דרענגער און געשלאָגן ייִדן.

ריכטער: — דערקענט איר עמעצן פון דער באַשולדיקונגס־באַנק?

— יאָ.

— ווייזט אָן וועלכע!

דער עדות ווייזט אָן אויף פּיטלעוואָסקי, וולאַזאָ, בוגייטשיק, זאַריכטאַ און טשאַבעק.

אַדוואָקאַט מאַרגולעס: — צי האָט איר געזען אויך אַנדערע פּערזאָנען אויסער די באשולדיקטע?

— איך האָב געזען יאַן ביזענסקי און...

דער פּאָרזיצער רייסט איבער: — איך בעט נישט דערמאָנען קיין נעמען.

אַדוואָקאַט מאַרגאָליס: — כ'וויל בלויז פעסטשטעלן אַז צווישן די אַרויסגערופענע עדות פון דער באַשולדיקונג זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין די געשלעגן. קאַרטשאַק אינטערעסירט זיך גאַנץ קנאַפּ...

ערשטע פרויען־עדות.ביילע מאַער. עס באַווייזט זיך דער ערשטער פרויען־עדות, אַ יונג שיין מיידל. זי רעדט שרעקעוודיק און אַריענטירט זיך נישט אין די פראַגן וועלכע מען שטעלט איר. זי דערציילט אַז עטלעכע פון די באַשולדיקטע האָבן זיך געוואָרפן מיט אַ שטריק אויפן פּשאַדאָווניק און גלייך דערנאָך האָבן זיי זיך אויך געוואָרפן אויף די ייִדן. דער עדות ווייסט נישט צו ענטפערן אויף אַ ריי פראַגן. אויף דער פראַגע פון אַדוואָקאַט עטינגער דערקלערט זי, אַז אין געריכט איז זי צום ערשטן מאָל אין לעבן.

**שטיינער אין די קעשענעס**

דער עדות חיים מאַנדעל דערציילט, אַז דער ערשטער וואָס האָט געוואָרפן אַ שטיין אויף דער פּאָליציי איז געווען דער קאָוואַל בוגייטשיק. דעם שטיין האָט בוגייטשיק אַרויסגענומען פון דער קעשענע. ווייטער דערציילט דער עדות דעם פאַרלויף פון די אָנפאַלן אויף ייִדן. עס איז געקומען צולויפן אַ ייִד פון דער וואַרשאַווסקאַ־גאַס און אַלאַרמירט:

— געוואַלד, מען ראַבירט און מען הרגעט!

פּראָקוראָר: — האָבן ייִדן געהאַט רעוואָלווערן?

— איך ווייס נישט דערפון. ווען נישט די העצער, וואָלט נישט געווען קיין בויקאָט.

אויף אַ ווייטערדיקער פראַגע פון פּראָקוראָר ענטפערט דער עדות, אַז אין פּשיטיק וואָלטן די פויערים געקויפט ביי ייִדן, ווען נישט דער טעראָר פון די ענדעקישע אַגיטאַטאָרן

און העצער. אַז אַ פויער פּרוּווט עפּעס קויפן ביי אַ ייד, לויפן אונטער די אַגיטאַטאָרן און זאָגן: — מיר וועלן דיך דערהרגענען אויפן אָרט אויב דו וועסט קויפן ביים ייד.

אַדוו. קריגער: — ווער פון די באַשולדיקטע פירט אָן מיטן טעראָר?

דער עדות ווייזט אָן אויף בוגייטשיקן, קאַצפּערסקי און אַנדערע. דער ערשטער געליטענער ייד דערציילט. בעת די פאַרהאַנדלונגען האָט מען פיל געהערט וועגן יידישן טרעגער משה זאַלמען (?) וואָס איז דער ערשטער צעשלאָגן געוואָרן. איצט שטייט זאַלמען פאַרן געריכט אַלס עדות און שילדערט דעם אָנהייב פון פּאָגראָם:

— איך בין געשטאַנען נעבן מיין סטראַגאַן מיט פאַרטיקע מלבושים. פלוצלונג זענען צוגעלאָפן עטלעכע כוליגאַנעס מיט קלאַניצעס און מיך אָנגעהויבן שלאָגן. איך האָב איבערגעלאָזט די סחורה אויף הפקר און געפּרוּווט ראַטעווען כאָטש דאָס לעבן. איינער פון די אָנפאַלער האָט מיך דאַן געשליידערט צו דער ערד און געשלאָגן איבערן קאָפּ מיט אַ קלאַניצע. איך בין געפאַלן באַוווסטלאָז. ווען איך בין געקומען צו זיך, בין איך שוין געווען אין שטוב און נעבן מיר איז געשטאַנען דער פשיטיקער פעלדשער.

די 20־יעריקע לאה ליפשיץ ברענגט אַריין אַ וויכטיקן מאָמענט מיט אירע דערקלערונגען. זי איז די טאָכטער פון אַ פשיטיקער קצב. דעם קריטישן טאָג איז זי געשטאַנען אין פאַטערס יאַטקע אויף ראָג וואַרשאַווסקע, אין מאַרק. זי האָט געזען דעם אָנפאַל אויפן שניידער דארמאַן. (?) שפּעטער האָט זי געזען אַ דורכפאָרנדיקן לאַסט־אויטאָ. ווען דער אויטאָ האָט זיך דערנענטערט צו דער וואַרשאַווסקע גאַס, האָט זי דערהערט עטלעכע שאָסן וואָס זענען געגעבן געוואָרן פון אויטאָ. בוגייטשיק האָט אים געשטאָכן מיט אַ מעסער. דער עדות שמואל הערש פרידמאַן דערציילט, אַז בוגייטשיק איז אים באַפאַלן מיט אַ מעסער און אים געשטאָכן אין דער לינקער זייט. דער עדות איז עטלעכע טעג געלעגן אין שפּיטאָל.

### אַ מעסער־שטעכער וואָס ווייסט פון גאָרנישט...

נאָך דער עדות־דערקלערונג פון פרידמאַן, ווענדעט זיך דער פאָרזיצער צום באַשולדיקטן בוגייטשיק:

— עטלעכע עדות האָבן היינט פאַרן געריכט דערקלערט, אַז איר זענט געווען פון די ערשטע אָנפאַלער אויף די יידן, אַז איר האָט זיך געוואָרפן אויף דער פּאָליציי, אַז איר האָט גערופן צו ראַבירן סחורות. אפשר ווילט איר געבן אַ דערקלערונג?

בוגייטשיק שטייט אויף און אויף די פאַרשידענע פראַגן פון פאָרזיצער, ענטפערט ער אַז ער ווייסט נישט פון קיין שום געשלעגן און אָנפאַלן. מיט איין וואָרט: ער איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק...

די ציניש־ע דערקלערונג פון איינעם פון די הויפּט־כוליגאַנעס בעתן פשיטיקער

פּאָגראָם, רופט אַרויסביים ייִדישן עולם אין געריכט-זאַל דענערווירונג. די ייִדישע אָנגעקלאָגטע קענען נישט רויק איינזיצן אויף זייערע ערטער.

עס ווערט דאַן פאַרהערט דער ייִד שמואל ראַקאָטש, וועלכער ברענגט נישט אַריין קיין נייע פּרטים. מיט ראַקאָטשן ווערט פאַרענדיקט די סעריע ייִדישע עדות, וואָס האָבן היינט געדאַרפט געבן זייערע דערקלערונגען.

**געוואַלט אַנטדעקן דעם גאַנצן ייִדישן געווער-אַרסענאַל...**

עס ווערט דאַן אַריינגערופן דער קריסטלעכער עדות סטעפאַן פּעמטשינסקי, אַ שטובן־מאָלער פון ראַדאָם — אַ הויכער, בלאָנדער שגץ, אָנגעטאָן אין אַ ברוינעם מונדיר וואָס מאַכט אים ענלעך צו אַ „געוויסן" היטלעריסט.

עטלעכע טעג פאַר די געשעענישן איז ער געפאָרן אין אַן אויטאָ קיין פּשיטיק צוזאַמען מיטן ייִד צימבאַליסט. דער ייִד האָט מיט אים פאַרפירט אַ שמועס וועגן קאָמוניזם. בעתן שמועס האָט צימבאַליסט אים געוויזן צוויי מאַגאַזין-רעוואָלווערן. צימבאַליסט האָט אים געזאָגט, אַז די רעוואָלווערן האָט ער געקויפט אומלעגאַל ביי אַ ייִד אין ראַדאָם. די רעוואָלווערן — האָט צימבאַליסט געזאָגט — וועלן גוט צונוץ קומען. דער עדות האָט אויך געזען ביים ייִד אַ סך פּאַפּירן — ס'האָבן געמוזט זיין קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס...

אַדוו. פעניגשטיין נעמט דעם עדות אויף אַ קרייץ־פאַרהער. דער שגץ פּלאָנטערט זיך אין די רייד און קען נישט געבן קיין קלאָרע תשובות.

דער ייִדישער ציוויל־מאָנער פרעגט :

— איר האָט געזען אַ ייִד מיט צוויי רעוואָלווערן, אַ קאָמוניסט — און גאָרנישט וועגן דעם געמאָלדן דער פּאָליציי ?

עדות : — ווייל כ'האָב נאָך געוואָלט מיט אים רעדן עטלעכע מאָל, בכדי צו דערגיין ווו עס געפינט זיך דער ייִדישער געווער־אַרסענאַל אין ראַדאָם...

אַדוו. פעניגשטיין : — זענען די רעוואָלווערן וואָס צימבאַליסט האָט אייך געוויזן געווען פון מאַגאַזינען־טיפּ, אָדער אַ באַמבען-רעוואָלווער ?

— אַ מאַגאַזינען־טיפּ.

דער אַדוו. פעניגשטיין בעט פעסטצושטעלן, אַז בעת דער אויספאָרשונג האָט דער עדות געזאָגט, אַז די רעוואָלווערן זענען געווען פון נאַגאַן־סיסטעם, אַלזאָ — באַמבען־רעוואָלווערן.

**אַלע לייקענען...**

אויך דער פערטער באַשולדיקטער, פראַנטשישעק קוויעטניעווסקי, לייקנט. ער איז בעת מעשה געווען אין קאָשטשאָל, דערנאָך אין אָלשעווסקיס געוועלב. וועגן דער רציחה

האָט ער זיך דערוווּסט שפּעטער. די ווייטערדיקע באַשולדיקטע גיבן נישט אָפּ קיין דער־קלערונגען. זיי באַשטעטיקן בלויז די ערשטע דערקלערונגען ביים פּראָקוראָר.

נאָכן אויסהערן די ענדעקישע באַשולדיקטע, שטעלט דער פּראָקוראָר עטלעכע פראַגן דעם אָנגעקלאָגטן שלום לעסקאָ וועגן דעם פּלאַן פון זיין פּאַטערס הויז.

עס שטייט דאַן אויף אַדוו. שומאַנסקי און פרעגט דעם פּאַרזיצער צי דער געצייכנטער פּלאַן פון דער וואַרשאַווסקע גאַס און פון לעסקאָס הויז וועלכער איז געוויזן געוואָרן בעת די פּאַרהאַנדלונגען, איז אָנערקענט געוואָרן דורכן געריכט אַלס אָפיציעלער דאָקומענט. דערויף ענטפערט דער פּאַרזיצער, אַז דער געצייכנטער פּלאַן איז געווען אַ פּריוואַטער. דער פּראָקוראָר האָט אים צוגעשטעלט דעם געריכט, אָבער קיין אָפיציעלער דאָקומענט איז עס נישט. אַדוו. שומאַנסקי טראָגט דאַן אַריין נאָך אַ מאָל זיין פּאָרשלאָג וועגן אַ לאָקאַלער וויזיע. „אויב דאָס געריכט וועט צום צווייטן מאָל אָפּוואַרפן דעם פּאָרשלאָג, דאַן בעט איך צו דעלעגירן דעם אויספאָרשונג־ריכטער צוזאַמען מיט אַן אינזשעניער קיין פשיטיק דורכצופירן אַ גענויע אויסמעסטונג פון דער וואַרשאַווסקע גאַס און צייכענען אַ גענויעם פּלאַן פון לעסקאָס הויז. פאַרן גורל פון שלום לעסקאָ איז דאָס אומבאַדינגט נויטיק און איך פאַרלאַנג פון געריכט מיין ביטע צו דערפילן״.

דער פּאַרזיצער דערקלערט, אַז די דעציזיע פון געריכט וועט ער אַרויסטראָגן נאָך דער פּויזע.

**קאָוואַלסקי פּאָדערט צו רופן דעם גלח טשעטשאָק אַלס עקספּערט...**

גלייך דערנאָך שטייט אויף אַדוו. קאָוואַלסקי און מעלדעט אַ נייעם פּאָרשלאָג. אין זאַל ווערט אַ באַוועגונג און מען הערט אויפמערקזאַם. מען פילט אַז עס גרייט זיך אַ פרישער יידן־העצערישער סקאַנדאַל. קאָוואַלסקי רעדט שטיל, מיט אַ נישט דרייסטער שטימע. ביסלעכווייז כאַפּט ער אָבער דעם אמתן טאָן: „איך פאַרלאַנג פון געריכט טעלעגראַפיש אַרויסצורופן דעם רעקטאָר פּראָפעסאָר טשעטשאָק, וועלכער וווינט אין וואַרשע אויף פּאָדוואַל 4. מיין פּאָרשלאָג באַגרינדע איך דערמיט וואָס היות ווי נעכטן זענען געווען אַ גאַנצע ריי יידישע עדות וועלכע האָבן מיט זייערע דערקלערונגען אַרונטערגעשוועבקט מיין ציוויל־תביעה און ספּעציעל קעגן אָנגעקלאָגטן פּעלדבערג, און היות ווי די דאָזיקע עדות האָבן אָפּגעגעבן אַ רעליגיעזע שבועה פאַרן געריכט, פּאָדער איך אַרויסצורופן דעם עקספּערט טשעטשאָק, בכדי צו באַווייזן, אַז ס׳זענען פאַראַן דינים אין „תלמוד״ און „שולחן־ערוך״ אַז יידן מעגן זאָגן ליגן און אָפּגעבן פאַלשע דערקלערונגען פאַר אַ נישט־יידיש געריכט״.

די דאָזיקע אומדערהערטע ווערטער פון קאָוואַלסקין רופן אַרויס אַ שרעקלעכע אויפרעגונג. מען זעט ווי די יידישע אַדוואָקאַטן באַהערשן זיך קוים אויף זייערע ערטער,

דער אַלטער פעלדבערג ווערט בלייך ווי די וואַנט. אויך שלום לעסקאָ, דער ישיבה־בחור ציטערט אין גאַנצן. דער פאָרזיצער מאַכט נישט קיין שום באַמערקונג קאָוואַלסקין, וועלכער זעצט פאָר זיין העצערישע דרשה: „אויב אַדוו. מאַרגוליס האָט נעכטן קוועסטיאָנירט מיין קענטעניש פון תלמוד און יידישע רעליגיע, שלאָג איך דעריבער איצט פאָר אַרויסצורופן אַלס זאַכקענער איינעם פון די בעסטע קענער פון תלמוד, בכדי צו באַשטעטיקן מיין דערמאָנטע טעזע. אַז טשעטשאַק איז אַ גרויסע אויטאָריטעט אויפן דאָזיקן געביט, באַווייזט אַמבעסטן דער פאַקט וואָס אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער פוילישער סיים האָט אים אַרויסגערופן אַלס עקספּערט אין דער שחיטה־פראַגע און אויף זיין עקספּערטיזע שטיצט זיך אויך דאָס נייע שחיטה־געזעץ. דערפאַר גלייב איך, וועט ער אויך קענען דינען אַלס געהעריקע אויטאָריטעט פאַרן געריכט.

באַלד ווי עס פאַרענדיקט קאָוואַלסקי, שטייט אויף פּראָקוראָר זאַטקיעוויטש און דערקלערט אין אַ שאַרפן טאָן: „אויף אָנגענומענע זאַכן זענען נישטאָ קיין עקספּערטן. עס איז אַלעמען באַוווּסט, אַז דאָס קריסטנטום האָט איבערגענומען פון תורת משה די עשרת־הדברות פון וועלכע דער אַכטער געבאָט זאָגט, אַז מען טאָר נישט פאַלש עדות זאָגן. דער דאָזיקער אַרגומענט איז פולשטענדיק גענוג אָפּצוואַרפן דעם פאָרשלאַג וועגן גלח טשעטשאַק אַלס עקספּערט. איך וויל נאָך באַמערקן אַז אויפן ריכטער־טיש ליגט דער חומש ביי וועלכן די יידישע עדות האָבן געשוווירן און אין דאָזיקן הומש געפינען זיך די עשרת־הדברות”.

דער יידישער ציוויל־מאָנער אַדוו. פעניגשטיין נעמט דאַן דאָס וואָרט און דערקלערט:

— פאַרן געריכט איז אַרויסגערוקט געוואָרן אַ פאָרשלאַג אָנצונעמען און גלייכצייטיק אַרויסצורופן דעם ווירקלעכן קריסטלעכן קענער פון תלמוד, ד״ר טאַדעאוש זאַדערעצקי, וועלכער וועט באַשטעטיקן פאַרן געריכט, אַז דאָס אַלץ וואָס דער ציוויל־מאָנער האָט דאָ גערעדט וועגן דער יידישער רעליגיע איז אַ רכילות!

דער פאָרזיצער וועלכער האָט פריער קאָוואַלסקין רויק געלאָזט רעדן, געפינט איצט פאַר נויטיק צו רופן צו אָרדענונג דעם אַדוואָקאַט פעניגשטיין פאַר באַנוצן זיך מיטן אויסדרוק „אָשטשערסטוואָ”.

נאָך אַדוואָקאַט פעניגשטיין נעמט דאָס וואָרט אַדוו. מאַרגולעס און דערקלערט:

— איך בין שוין צום צווייטן מאָל געצוווּנגען צו רעאַגירן אויף די אומדערהערטע אַרויסטרעטונגען פון ציוויל־מאָנער קאָוואַלסקי. איך טו עס זייער אומגערן און וואָלט זיך מיט אים נישט געוואָלט פאַרנעמען, אָבער זיינע באַמיונגען אַרויסצופירן דעם פּראָצעס אויף אַנדערע רעלסן, מוזן אַרויסרופן דעם שאַרפסטן פּראָטעסט. עס קומט פאָר אַ פּראָצעס פאַר שטראָפּבאַרע טאַטן און דאָ איז נישט דער פּלאַץ פאַר רעליגיעזע דיספּוטן. איך האָב

געגומען צו קענטעניש די דעקלאַראַציע פון פּאַרזיצער וועגן כאַראַקטער פון פּראָצעס. דער ציוויל־מאַנער וויל אָבער ברענגען דערצו אַז עס זאָל דאָ פּאַרקומען אַ משפט איבער דער יידישער רעליגיע. איך בין בכלל קעגן אַרויסרופן וועלכע עס איז עקספּערטן, אָבער אויב דאָס געריכט וועט באַשליסן צו רופן דעם גלח טשעטשאַק, וועל איך פאַרלאַנגען אַרויסצורופן אַ ריי זאַכקענער וואָס דאַרפן קודם כל פעסטשטעלן דאָס „לומדות״ פון גלח טשעטשאַק. שוין אויף דער תלמוד־קענערישקייט פון גלח טשעטשאַק זענען דערשינען ענטפערס, בראַשורן פון ה׳ זיידמאַן און אַנדערע וואָס שטעמפּלען אים אַלס עם־הארץ אין יידיש־רעליגיעזע פראַגן. מען וואָלט דעריבער אויך דאָ געדאַרפט אַרויסרופן עקספּערטן. איך פּאַראייניק זיך אויך צום פּאַרשלאַג פון קאָלעגע פעניגשטיין וועגן אַרויסרופן עווענטועל דעם אמתן תלמוד קענער פּראָפ. זאַדערעצקי.

## יידן געפינען זיך אונטער אַ סוגעסטיע

דער „צוויטער קאָוואַלסקי״, דער ענדעקישער אַדוואָקאַט פּאַסאָווסקי, שטיצט אונטער דעם פּאַרשלאַג וועגן גלח טשעטשאַק. ער באַנוצט זיך דערביי מיט צביעותדיקע אַרגומענטן: „אויב דאָס געריכט וועט איינזען אַז אַ גרופּע עדות געפינט זיך אונטער עמעצנס סוגעסטיע, וואָלט דאָס געריכט דעם דאָזיקן אימשטאַנד זיכער אויפגעקלערט. מיר זענען איבערגעצייגט, אַז די יידישע עדות האָבן זיך געפונען אונטער דער סוגעסטיע פון די דינים אין „תלמוד״ און שולחן־ערוך״ וואָס דערלויבן יידן צו זאָגן ליגן פאַר אַ פרעמד געריכט. דעריבער וועלן טשעטשאַקס דערקלערונגען זיין זייער וויכטיק״.

דער דאָזיקער ענדעקישער אַדוואָקאַט מאַכט דערביי אַ צבועקישן זשעסט און דערקלערט, אַז ער איז נישט קעגן אַרויסרופן אויך דעם ד״ר זאַדערעצקי.

## אומפּאַרשעמטקייט !...

קאָוואַלסקי קען אַלץ נישט איינזיצן. ער האָט נאָך געהאַט ווייניק, שיסט ער אַרויס מיט אַ פרישער אומפּאַרשעמטער דערקלערונג. ער האָט זיך ענדלעך דערמאָנט, אַז אַדוואָקאַט פעניגשטיין האָט אים פּאַרגעוואָרפן געמיינקייט. בעט ער צו פּראָטאָקאָלירן, אַז ער פילט זיך נישט געטראָפן פון יידישע באַליידיקונגען.

דער פּאַרזיצער קלינגט. מען דערוואַרט אַז ער וועט רעאַגירן אויף קאָוואַלסקיס אומפּאַרשעמטקייט. ליידער, קומט דאָס נישט. אַדוו. שומאַנסקי בעט דאַן בייצולייגן צו די אַקטן די מזרחיסטישע פּאַרטיי־לעגיטימאַציע פון שלום לעסקאָ. אַדוו. גבריאל לעווין לייגט ביי אַן אורטייל פון קריגס־געריכט קעגן עדות סוסמיענטשיק פאַר פאַלש עדות זאָגן. עס ווערט דאַן דערקלערט אַ הפסקה.

נאָך אַנדערטהאַלבן שעה הפסקה ווערן באַנייט די פאַרהאַנדלונגען. דער פּאַרזיצער

מעלדעט, אַז אַלע פאָרשלאַגן ווערן דורכן געריכט אָפּגעוואָרפן. אַזוי אַרום איז אַלזאָ ענדגילטיק אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער פאָרשלאַג פון לעסקאָס פאַרטיידיקער וועגן אַ לאָקאַלער וויזיע, ווי אויך דער סקאַנדאַליעזער פאָרשלאַג וועגן גלח טשעטשאַק. ממילא זענען אויך אָפּגעוואָרפן געוואָרן די אַנדערע פאָרשלאַגן פון די יידישע פאַרטיידיקער. דער פאָרזיצער מעלדעט אַז דער פראָצעס ווערט איבערגעריסן ביז פרייטיק.

פרייטיק פרי וועט אַרויסטרעטן דער פראָקוראָר מיט זיין גרויסער באַשולדיקונג־רעדע. נאָכן פראָקוראָרס רעדע — די ציוויל־מאָנערס. דער ערשטער וועט רעדן אַדוואָקאַט פעניגשטיין. נאָכהער — אַדוואָקאַטן גאַיעוויטש, קאָוואַלסקי און זדיטאָוועצקי. די פאַרטיידיקער וועלן רעדן לויט דער ריי פון די באַשולדיקטע אין באַשולדיקונג־אַקט. די ערשטע וועלן זיין ענדעקישע אַדוואָקאַטן, דאַן וועלן רעדן די יידישע פאַרטיידיקער און צום סוף — ווידער די אַנדערע ענדעקישע אַדוואָקאַטן.

מען דערוואַרט אַז דער אורטייל וועט פאַלן סוף פון דער צווייטער וואָך.

(אויף דעם אָרט רייסט זיך איבער דער טאָגבוך, צי די פאַרצייכענונגען).



# מיט מינקאָווסקיס יתומים ביי נעילה אין אַ קראָקעווער שול

ל. ראדאל

איך האָב זיי באַגעגענט גאַנץ צופעליק. באַגעגנט יום־כיפּור צו נעילה, ווען זייערע אויגן זענען געווען פייכט פון טרערן, ביים סוף פון די תפילות — „אבינו מלכנו נקום לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך".

ס'איז אינטערעסאַנט צו וואַנדערן איבער דער יידישער געגנט אין קראָקע; ס'איז אינטערעסאַנט אַריינצופאַלן אין דעם לאַבירינט פון די אַנצאָליקע שולן און בתי־מדרשים, וואָס קילן זיך אַרום דעם „קאַזשימיעזש" און טוליען זיך איינע צו דער צווייטער אומ־צעשיידבאַר — זיי קייטלען זיך ווי דורות פון די עלטסטע צייטן ביז די נייעסטע. הונ־דערטער יאָרן יידישע טרערן און יידישןליידן האָבן שוין די דאָזיקע ווענט מיטגעמאַכט.

נאָך אינטערעסאַנטער איז אַריינצוזאַפּן אין זיך דעם גייסט פון די דאָזיקע פאַר־הייליקטע ווענט יום־כיפּור, ווען די דורות־באַהעפטונג קומט אַזוי שטאַרק צום אויסדרוק אין די שעהען פון השתפכות הנפש, ווען מחנות יידן קומען זוכן טרייסט צווישן די קאַלטע און דאָך אַזוי הייסע הייליקע ווענט.

פון כל־נדרי אָן האָב איך געוואַנדערט פון איין שול צו דער אַנדערער — צוערשט אין דער אַלטער שול, צו מאָרגנס אין דער רמ״א־שול, אין ר׳ אייזיק ר׳ יעקעלעס, אין דער „הויכער״, אין דער פּאָפּער־שול און אַפילו אין דער סינאַגאָגע, ווו די מתפּללים ציען עלעגאַנט דעם הוט פאַר דער „טאָרע״.

פאַרנאַכט צו נעילה איז געקומען די ריי אויפן בית־המדרש פון „מגלה עמוקות״. די מתפּללים — אַ פאָלקסטימלעכע סביבה, חסידים, פּשוטע יידן און אַפילו באַקאַנטע קראָקאָווער גבירים וואָס שעמען זיך נישט מיטן „פאָלק״.

דאָ האָב איך זיי באַגעגנט. צוויי פּאָר אויגן האָבן גענומען קוקן אויף מיר, אויגן וועלכע האָבן געוואָרפן בליקן פון גרענעצלאָזן טרויער און אומעט, בליקן פון צער פון קינדער, וואָס זענען אכזריותדיק אַוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע טאַטע־מאַמע. די אויגן זענען מיר געווען באַקאַנט — אין מינוטן פון גרויל האָב איך זיי ערגעץ געזען.

אָבער איידער איך דערמאָן זיך — שטייען זיי שוין ביידע פאַר מיר. זיי האָבן מיך פריער דערקענט. דערקענט פון פּשיטיק — פון פּראָצעס.

גאָווריש און הירשל מינקאָווסקי — די יתומים פון די פּשיטיקער קדושים. זיי האָבן זיך שטאַרק געענדערט. אויסגעוואַקסן, זויבער און ריין געקליידט. גאָר נישט די זעלבע, אָבער בלויז אויסערלעך. אינערלעך איז נאָך ביי זיי דער ווייטיק פריש ווי אין יענע טעג... דער בליק איז נאָך מער טרויעריק.

אויפן ראַדאָמער פּראָצעס איז עס געווען. קאָלעגע מאָזעס פון „נאָווי דזשענניק״ האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די דאָזיקע צוויי יתומים. עטלעכע טעג נאָכן פּראָצעס האָבן זיי זיך שוין געפונען אין דער קראָקאָווער יתומים־בורסע. דער באַקאַנטער קראָקאָווער עסקן און פילאַנטראָפּ זיגמונט אַלעקסאַנדראָוויטש האָט די אומגליקלעכע קינדער גענומען אונטער זיין אויפזיכט. געזאָרגט, אַז זיי זאָלן זיך אויסלערנען אַ פאַך, זאָלן ווערן געבילדעטע און דערצויגן.

היינט קען הירשלס מייסטער, אַ קראָקאָווער דאַמען־שניידער, גאָרנישט אַנלויבן זיין תלמיד און גאָווריש ברענגט שוין יעדע וואָך אין דער בורסע־קאַסע אַ שיינע פּאָר זלאָטעס פאַרדינסט. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט פּויליש און העברעיש און געפינען זיך כסדר אונטער דער אויפזיכט פון אַ לערער.

פאָטערלעך באַציט זיך צו זיי דער פּרעזעס פון דער בורסע — הער אַלעקסאַנ־דראָוויטש. יעדן שבת פאַרברענגט ער מיט זיי שעהן־לאַנג. קומט אַ יום־טוב נעמט ער זיי מיט זיך צום דאַווענען. איצט טאַקע געפינען זיי זיך דאָ אונטער זיינע פליגלען — אין דעם „מגלה עמוקות״ בית־המדרש.

עס פעלט זיי גאָרנישט. עס פעלט זיי אָבער אַלץ. אין דער גרעסטער דחקות האָבן



ילדיהם של משפחת מינקובסקי : שמואל, צ׳רנה ואלי.
קינדער פון די מינקאָווסקיס : שמואל, טשאַרנע און אלי.

דאָך די קינדער געלעבט אין דעם פינצטערן שטיבל אויפן פשיטיקער „פּאָדגאַיעק״. נישט דערעסן און נישט פאַרזוכט קיין גוטס. איצט געפינען זיי זיך אין אַ וואַרעמער סביבה — מען זאָרגט פאַר זיי. אָבער ווי שטאַרק איז ביי זיי די בענקשאַפט נאָך דעם פינצטערן פשיטיקער שטיבל, וווּ ס׳איז געווען אַ טאַטע און אַ מאַמע.

איבער לענדער און שטעט זענען זיי צעוואָרפן, די פאַרבליבענע יתומים. נאָר די מינקאָווסקיס צוויי טעכטער געפינען זיך אין ארץ־ישראל. די 12־יאָריקע טשאַרנע און דער 11־יאָריקער אליהו געפינען זיך אין ראַדאָמער יתומים־הויז. דער 7־יאָריקער שמואליק — אין דער מיעדזשעשינער מעדעם־סאַנאַטאָריע, און דאָ, אין קראָקע — גאַווריש און הירשל. קומען אָן, פון צייט צו צייט, בריוו פון ארץ ישראל. די שוועסטער אינטערעסירן זיך מיט די ברידערלעך. זיי טרוימען צו זיין אַלע צוזאַמען אויף איין אָרט. דערווייל אַרבעטן זיי אַליין זייער שווער און זענען נישט ביכולת נעמען צו זיך די יתומים. מיט דער צייט אָבער וועלן זיי דאָס רעאַליזירן.

די יתומים ווילן אָבער דאָ נישט פאַרבלייבן. האָבן זיך די שוועסטער פון ארץ־ישראל געווענדט, דורך דער פאַרמיטלונג פון פאַראיין פון די פּוילישע יידן אין אַמעריקע, צו אַ רייכער מומע אין ניו־יאָרק, אַז זי זאָל אַראָפּנעמען איינעם פון די יתומים. לעצטנס

איז אָנגעקומען אַ תשובה, אַז מען האָט זיך געווענדט אין אַמעריקע וועגן דעם ענין צו דער פרוי שרה פּאַטאַפּ, וועלכע איז אַ מומע פון די מינקאָווסקיס. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז פרוי פּאַטאַפּ איז שוין אַן עלטערע פרוי און זי קען נישט נעמען אויף זיך דאָס איבערבערענגען פון מינקאָווסקיס אַ יתום. איר זון אָבער האָט אַ געשעפט פון אויטאָמאָבילן אין ניו־יאָרק און ער וויל גערן אַראָפּנעמען צו זיך גאַוורישן... „דאָס יינגל — שרייבט מר. פּאַטאַפּ — וואָלט ביי מיר געקאָנט האָבן אַ היים״...

גראַד איז גאַווריש אַ לאַקירער און ער וואָלט טאַקע געקענט באַלד באַקומען באַשעפ־טיקונג אין פּאַטאַפּס אונטערנעמונג.

זיי וואַקסן און אַנטוויקלען זיך, אָבער צוזאַמען דערמיט וואַקסט ביי זיי די בענקשאַפט נאָך אַ היים, נאָך אַ פאַמיליע־סביבה, וואָס זיי האָבן אַזוי פרי פאַרלוירן.

— איך בין אַנומלט געווען אין ראַדאָם און אין פּשיטיק — זאָגט מיר הירשל. — כ׳האָב זיך געזען מיט דער משפּחה. כ׳בין אָבער באַלד צוריק געפאָרן. לאַנג האָב איך נישט געקענט דאָרט פאַרבלייבן.

ער בויגט זיך אַריבער איבערן מחזור און כדי איבערצורייסן דאָס געשפּרעך הייבט ער אָן דאַווענען. אָבער באַלד רייסט ער זיך צוריק אויף:

— אפשר ווייסט איר פּראָפעסאָר שאָרס אַדרעס?

— צו וואָס איז עס דיר נייטיק? — פרעג איך אים.

איבער זיין אומעטיק פּנימל האָט זיך צעגאָסן אַ נאָך שטאַרקערער טרויער. ער האָט אַרומגעאָרעמט זיין ברודערל און זיך פאַר מיר באַקלאָגט:

— איך וויל שרייבן צו פּראָפעסאָר שאָר וועגן די מצבות אויף די קברים פון טאַטעשי און מאַמעשי. כ׳האָב גערעדט וועגן דעם אין ראַדאָם און אין פּשיטיק, כ׳האָב שוין געשריבן עטלעכע מאָל קיין וואַרשע. די קברים זענען נאָך אָבער אָלץ אָן מצבות.

אַ פאַרשעמטער בין איך געבליבן שטיין פאַר די יתומים. דער חזן האָט דערווייל פאַרגעזאָגט די פּסוקים פון אבינו מלכינו. דער עולם האָט מיט עקסטאַז נאָכגעזאָגט: „עשה למען טבוחים על יהודיך... עשה למען באי על קדוש שמך...״

ס׳איז געווען אַ מינוט, ווען עס איז אַ זינד מקטרג צו זיין אויף ייִדן, עס איז געווען די מינוט פון „וחתום״. איך האָב אָבער באַין אופן זיך נישט געקענט באַפרייען פון געדאַנק, ווי אַזוי מיר באַוואָלען דעם אָנדענק אַפילו פון אונדזערע קדושים.

עס וועט פאַרבלייבן אַן אומפאַרגעסלעכער פאַרוואורף אויפן אַדרעס פון די פּשיטיקער ייִדן, וואָס זיי האָבן ביז היינט פאַרגעסן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון יוסף און חיה מינקאָווסקי. דער דאָזיקער חוב איז קודם כל אויף זיי — די נאָענטסטע פון די קרובים. אויך ראַדאָם, וואָס איז די „עיר הקרובה אל החלל״ און וווּ עס געפינט זיך דער קבר

פון חיה מינקאָווסקי, האָט געמעגט געדענקען אין דעם דאָזיקן ערן־חוב. אָבער אויב עס איז נאָך ביז היינט נישט דערליידיקט געוואָרן — דאַרף עס געטון ווערן וואָס שנעלער. אָבער טאַקע שנעלער. תיכף ומיד! די קברים פון די פּשיטיקער קדושים טאָרן לענגער נישט בלייבן וויסט. זינט דעם 9־טן מערץ 1936 זענען שוין העכער אַנדערט־האַלבן יאָר פאַרביי. ווי לאַנג איז נאָך דער שיעור?

איך האָב מבטיח געווען די יתומים זייער ביטע צו באַרירן אויף די שפּאַלטן פון „מאָמענט", וואָס ווייזן ביי יעדער געלעגנהייט אַרויס אַזוי פיל פילבאַרקייט פאַר יידישער טראַגיק, נישט צו וואַרטן ביז... מען וועט נאָך אַ מאָל מוזן דערמאָנען דעם ענין. זאָלן די לעזער פון „מאָמענט" פון אייגענער איניציאַטיוו דורכפירן אַן אַקציע פאַר שטעלן צוויי מצבות אויף די קברים פון די פּשיטיקער קדושים.

(„מאָמענט", וואַרשע, 1936)



## די בלוטיקע געשעענישן אין פּשיטיק

**(צום 30סטן יאָרטאָג פון פּאָגראָם אויף דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג)**

מיכאַל טעפּער / וואַרשע

אין אָנהייב 1936 יאָר איז נישט געווען דער טאָג, אַז די צייטונגען זאָלן נישט זיין פול מיט ידיעות וועגן בלוטיקע אָנפאַלן אויף יידן אין פאַרשידענע שטעט און שטעטעלעך פון פּוילן. די דעמאָלטדיקע מאַכטהאָבער האָבן די „לייזונג" פון די ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע שוועריקייטן געזען אין פירן אַ וויסטע העצע קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער טעגלעכער לאָדזשער פרעסע לייענט מען דאַן, ביינאַנד מיט די נייעסן וועגן דער צוגרייטונג פון די טעקסטיל־אַרבעטער צום גרויסן פאַרמעסט מיט די רייכע אינדוס־טריעלער, ידיעות וועגן פאַרניכטן יידישע סטראַגענעס, וועגן די טרויעריקע געשעענישן אין בריסק און אין מינסק־מאַזאָוויעצק; וועגן אָנפאַלן אויף יידישע סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן. פאַראַן אויך ידיעות וועגן דער שטעלונג פון די פּראָגרעסיווע כוחות אין לאַנד. עס שרייבט די טעגלעכע בירגערלעכע צייטונג „גלאָס פאַראַנני" דעם 24סטן פעברואַר 1936 אונטערן טיטל: „דאָס אַרבעטנדיקע לאָדזש — קעגן אַנטיסעמיטיזם".

„די קרייז־קאָמיסיע פון די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראייניגן האָט גערופן אויף נעכטן אַ קאָנפערענץ, וווּ ס׳האָבן זיך געפונען פאָרשטייער פון 25 פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. חוץ דער פראַגע וועגן דער צוגרייטונג צום שטרייק, האָט דער פאָרזיצער פון די טעקסטיל־פאַראיינען, שטשערקאָווסקי, גערעדט וועגן דער אַנטיסעמיטישער כוואַליע וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד; וועגן די פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס אויף די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זייערע פירער; וועגן דער נויטווענדיקייט פון קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם״.

ווייטער שרייבט די זעלבע צייטונג, אַז דעם לעצטן זונטיק אינדערפרי איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג אין דער לאָדזשער פילהאַרמאָניע, וווּ ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט 3000 טעקסטיל־אַרבעטער. ס׳זענען אַרויסגעטראָטן שטשערקאָווסקי, וואַלטשאַק, זיידלאָווע, גאַלינסקי; ס׳האָבן אויך גערעדט זדזשעכאָווסקי און וויטאַשעווסקי — פאָרשטייער פון דער לינקער פּראָפעסיאָנעלער ריכטונג. קיין איינער פון די רעדנער האָט נישט אויסגעמיטן צו דערמאָנען וועגן דער נויטווענדיקייט פון קאַמף קעגן פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

דעם 2טן מערץ 1936 ברעכט אויס דער טעקסטיל־שטרייק אין לאָדזש. לכתחילה גייען אַרויס אין קאַמף די אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט אין דער מיטל־אינדוסטריע — דאָרט וווּ דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך איז שוין פון לאַנג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געוויינלעך שטיקער פּאַפּיר. מיט יעדן טאָג וואַקסט זיך פאַנאַנדער די שטרייק־כוואַליע, ביז אַלע לאָדזשער טעקסטיל־פאַבריקן בלייבן שטיין. מיטן שטרייק סאָלידאַריזירן זיך אַלע טעקסטיק־פאַבריקן אין די שטעטלעך אַרום לאָדזש; אין זגערזש, אָזאָרקוו, פּאַביאַניץ, טאָמאַשאָוו. עס שטייען אויך צו די האַנטוועבער־כאַלופּניקעס. צום סוף פון דער ערשטער וואָך ווערט דער שטרייק פאַרוואַנדלט אין אַן אַלגעמיינעם שטרייק פון דער גאַנצער טעקסטיל־אינדוסטריע פון לאָדזשער קרייז. אין קאַמף גייען אויך אַרויס די מעטאַל־אַרבעטער, עס פאַרשטרייקן די באַשעפטיקטע אין דער לעדער און באַקלייד־אינדוסטריע. מאָנטיק, אָנהייב צווייטע וואָך, שטייט שוין דאָס גאַנצע פּראָלעטאַרישע לאָדזש אין פייער פון קאַמף.

דעם זעלבן מאָנטיק, דעם 9טן מערץ 1936 יאָר, קומט פאָר אַ בלוטיקער פּאָגראָם אינעם שטעטל פּשיטיק, נעבן ראַדאָם. ווילדע עקסצעסן — ווי די דערמאָלטדיקע פּרעסע האָט עס באַצייכנט — זענען נישט געווען קיין נייעס אין סאַנאַציע פּוילן, אָבער דאָס וואָס איז פאָרגעקומען אין פּשיטיק האָט איבערגעשטיגן אַלע פריערדיקע גרויל־מעשים. איידער מיר וועלן דערמאָנען יענע געשעענישן — לאָמיר בקיצור זיך באַקענען מיט דעם וואָס פּשיטיק האָט דאַן מיט זיך פאָרגעשטעלט.

פשיטיק געפינט זיך אינגאַנצן אַ 15—16 קילאָמעטער פון ראַדאָם, פונעם צענטער פון דער לעדער־אינדוסטריע, ווו קליינשטעטלדיקע בעלי־מלאכות פלעגן קויפן אָדער נעמען פון רייכע סוחרים לעדער צום אויסאַרבעטן פאַר זיי שטיוול, שיך. געווען אויך אין פשיטיק אַ באַדייטנדיקע צאָל פעלצן־מאַכער, וואָס האָבן גענייט פעלצן און זיי צעפירט אויף יאַרידן; געווען אַ שפּאָר ביסל טאַנדייט־שניידערס, בלעכערס און סטאָליערס, עטלעכע פורמאַנעס, טרעגער און קצבים, וואָס האָבן געקאָנט סיי אונטערשטעלן אַ פּלייצע, סיי אַ דערלאַנג טאָן ווען ס׳איז געווען נייטיק...

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, קומט פון ענגלאַנד אָן אַמאָליקער פשיטיקער תושב — אַ שניידער־אַרבעטער צו זיין פרוי און קינד. דער דאָזיקער לאָנדאָנער שניידער, וועלכן די שטעטלדיקע ווייבער האָבן גאָר גיך געקרויינט מיטן נאָמען „שימעלע גוי״, מאַכט אָן איבערקערעניש אין די מוחות פון דער שטעטלשער יוגנט.

אַזוי אַ שטייגער ווערט משה צוקער, דעם שוחטס זון, אַ קאָמוניסט. ראובן צוקערמאַן, דער זון פון בעסטן שטעטלשן מלמד, ווערט איינער פון די גרינדער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין פשיטיק. מאָטל באַרנשטיין, אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכן תבואה־הענדלער, אָרגאַניזירט אין דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין קורסן, לערנט לייענען און שרייבן די שטעטלשע אַרבעטער־יוגנט, באַהעפט זיך מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

געווען אויך אין פשיטיק יידישע פּריצים — איטשע מאיר לענגער און זיין שותף בעריש לענגער. זיי האָבן פאַרמאָגט פעלדער און וועלדער, דאַמף־ און וואַסער־מילן; אויף דער טייך איז געווען זייערער. יידישע פישפאַנגער האָבן געמוזט זיי צאָלן יערלעכע אַרענדע. דעם דאָזיקן בעריש לענגער האָט זיך פאַרגלוסט צו ווערן אַ סיים־דעפּוטאַט, ער פאַרבינדט זיך מיט אַרומיקע פּריצים און רייכע פּויערים, פאָרט אַרום אין דערפער און שטעטלעך, פירט אַגיטאַציע לטובת זיין אייגענער פּערזאָן. גראָד זיינע מיטשותפים שטעלן אונטער געדונגענע מערדער און ער קומט אום.

צווישן דער יידישער האַרעפאַשנער באַפעלקערונג און די אַרומיקע פּוילישע איינוווינער האָבן מכמה יאָרן געהערשט גוטע באַציונגען, יידישע האַנטווערקער האָבן פאַרקויפט זייערע אויסאַרבעטונגען אויף יאַרידן; האָט ווער נישט געהאַט באַלד צו באַצאָלן, האָט ער באַקומען אויף באָרג. יידישע דאָרפס־הענדלער פלעגן אַ לעבנלאַנג פאַרברענגען צווישן פּויערים — בלויז אהיימקומען אויף שבת און זונטיק פרי ווידער אין וועג אַריין. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז ס׳קאָן אים געשען עפּעס שלעכטס מצד דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

„אָט די פּויערים, וואָס זענען אין ווייט־גרעסטן טייל געווען געשטימט פריינטלעך צו יידן — האָט געשריבן פּראָפעסאָר מ. שאָר אין זיין אינטערפּעלאַציע צום פּוילישן סענאַט

— האָבן גענומען וואָרענען די יידן, אַז ענדעקישע אַגיטאַטאָרן פירן אַ ווילדע העץ־אַגיטאַציע קעגן זיי. שוין אַ לענגערע צייט, ווי ענדעקישע באַנדעס העצן די קריסטלעכע באַפעלקערונג און רעגן אָן די פויערים צו מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן".

זייענדיק שטאַרק באַאומרואיקט — האָט ווייטער געשריבן פּראָפ. שאָר — האָט דער יידישער סוחרים־פאַראיין אין פּשיטיק זיך געווענדט צום שעף פון דער זיכערקייט־מאַכט אין קעלץ, סוטאָמסקי און צום סטאַראָסטע אין ראַדאָם, בעטנדיק הילף דורך שיקן מער פּאָליציי צום נאָענטסטן יאַריד־טאָג. דער ענטפער איז געווען: „פּאָרלויפיק זענען נאָך קיין געהרגעטע נישטאָ".

אין אָנבליק פון דער דראָענדיקער געפאַר, וואָס האָט זיך דערנענטערט מיט יעדן טאָג, זעענדיק די פּאַסיווע האַלטונג פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט, האָבן גרופּן יונגע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער השפעה פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פוילן, גענומען אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ. געווען אויך געוויסע יונגע מענטשן, וועלכע, הגם זיי האָבן נישט געהאַט קיין שייכות מיט דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָבן זיך אויך גענומען איינשאַפן געווער.

איבערגעבן דאָ געגוי אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אין יענעם מאַנטיק, דעם 9־טן מערץ 1936 יאָר אין פשיטיק, איז ממש אוממעגלעך. וועגן דעם דערציילט אָן אַנדער פראַגמענט פון פּראָפעסאָר שאָרס אַרויסטרעטונג אינעם סענאַט, ווו ער האָט אינטערפּעלירט דעם דעמאָלטדיקן אינערן־מיניסטער ראַטשקעוויטש:

„ענדעקישע באַנדעס האָבן געקרייזט צווישן יידישע קראָמען און געוועלבער און נישט דערלאָזט די פויערים צו מאַכן וועלכע ס'איז איינקויפונגען. אַרום מיטאָג־צייט האָט אַ פויער געוואָלט דורכאויס קויפן אין אַ יידישער קראָם געבעקס — איז אויסגעבראָכן אַ געשלעג. אַ פּאַניק האָט מיטאַמאָל אַרומגעכאַפּט די מאַסע פאַרזאַמלטע אויפן מאַרק. אַ טייל פויערים האָט זיך גענומען שפּאַנען פערד־און־וואָגן און גענומען שנעל אַנטלויפן. אַנדערע ווידער, זייענדיק באַאיינפלוסט פון דער ענדעקישער גיפטמישערישער אַגיטאַציע, האָבן זיך געוואָרפן ראַבירן יידישע געוועלבער און וווינונגען".

ס'איז געקומען דער אָרגאַניזירטער און אין אַ געוויסער מאָס ספּאָנטאַנישער ווידערשטאַנד פון דער יידישער יוגנט און פון גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פשיטיק. לויט דער באַשרייבונג פון דער אויבן־דערמאָנטער לאָדזשער טאָגצייטונג „גלאָס פּאָראַנני", באַקומט זיך אַזאַ בילד:

„די באַנדעס ווערן פאַרטריבן פון מאַרק. זיי וואַרפן זיך אַריבער אויף דער צווייטער זייט בריק, צום שטאָט־טייל זאַכענטע. ציעושעטע צוליב דעם

> וואָס זייער מאָרדפּלאַן האָט זיך נישט איינגעגעבן אין צענטער שטאָט, זענען זיי זיך נוקם אין די ידן וואָס וווינען אין דער געגנט פון זאַכענטע און פּאָדגוזשע. זיי פאַלן אַריין צו אַן אָרעמער יידישער משפּחה, צום שוסטער יוסף מינקאָווסקי און דערהרגענען אים אויפן אָרט. זיין פרוי שטאַרבט פון די ווונדן אין ראַדאָמער שפּיטאָל; אויך צוויי קליינע קינדער ווערן שווער פאַרוווּנדעט. די מינקאָווסקיס לאָזן איבער אַכט יתומים. צוויי וואָכן נאָך די בלוטיקע געשעענישן שטאַרבן נאָך צוויי קרבנות: דער שניידער זיסמאַן און מאַנדלבלום. בעתן אַנטלויפן פון מאַרק, אין דער צייט פון דער גרויסער מהומה, פאַלט אַ טויטער פון אַ רעוואָלווער־קויל סטאַניסלאַוו וויעשניאַק. אינעם דערשיסן וויעשניאַקן ווערט באַשולדיקט דער יוגנטלעכער שניידער שלום לעסקאָ״.

דער בלוטיקער סך־הכל איז געווען: 5 טויטע און העכער 30 פאַרוווּנדעטע. ס'ווערן אַרעסטירט 57 פּערזאָן, יידן און פּאָליאַקן, וועלכע ווערן געשטעלט פאַרן געריכט. צום פאַרטיידיקן די יידישע קרבנות מעלדן זיך חוץ יידישע באַרימטע אַדוואָקאַטן אין לאַנד, אויך מענטשן, וועלכע רעפּרעזענטירן דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער פּוילישער געזעל־שאַפטלעכקייט.

דער באַרימטער אַדוואָקאַט פּעטרושעוויטש — דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט פון ווילנער אוניווערסיטעט און פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט „ליגע צום פאַרטיידיקן די מענטשן־רעכט״ — פאַרטיידיקט דעם 60־יאָריקן ייד פעלדבערג; אַדוואָקאַט שומאַנסקי פאַרטיידיקט דעם הויפּט־באַשולדיקטן שלום לעסקאָ. ס'טרעטן אויך אַרויס אַלס פאַר־טיידיקער די באַרימטע אַדוואָקאַטן בערנסאָן, מאַרגאָלעס, עטינגער, קריגער, פעניגשטיין, פּאַסכאַלסקי און לעווין.

די ענדעקישע „העלדן״ ווערן פאַרטיידיקט דורך די טרויעריק־באַרימטע לאָדזשער זשילעטקע־מייסטערס קאָוואַלסקי און שווידעל ווי אויך דורך אַדוואָקאַטן פון ראַדאָם און וואַרשע, וועלכע האָבן מיט זייערע אַרויסטרעטונגען פון איין זייט אַרויסגעבראַכט די באַוווסטע מיטלאַלטערלעכע באַשולדיקונגען קעגן יידן בכלל, און פון דער צווייטער — די נייסטע היטלער־לערע וועגן „לייזן די יידן־פּראַגע״.

די פאַרטיידיקער פון די יידן, קודם־כל די אַדוואָקאַטן פּעטרושעוויטש, שומאַנסקי און בערנסאָן, ברענגען אַרויס די סאָציאַל־פּאָליטישע מאָמענטן וואָס באַוועגן די ענדעקעס און אויך באַדייטנדיקע גרופּן פון דער הערשנדיקער סאַנאַציע צו ווענדן די נויטליידנדיקע פּויערישע באַפעלקערונג קעגן יידן. „מיטן אויסמאָרדן 3 מיליאָן יידן — רופט אויס אַדוו' פּעטרושעוויטש אין געריכט — וועט איר דען געבן 10 מיליאָן פּויערים ערד אויף צו

לינדערן די נויט אין דאָרף? אויף אַזאַ אופן ווילט איר לייזן די אַנגעווייטיקטע ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן אין לאַנד?! פּאָגראָמען! — דאָס איז אייער פּראָגראַם, מיט וועלכן איר ווילט לייזן אַלע אַנגעווייטיקטע פּראָבלעמען!" די אַדוואָקאַטן פּעטרושעוויטש און שומאַנסקי דעמאַסקירן די העסלעכע רייד פון די חוצפּהדיקע ענדעקישע אַדוואָקאַטן, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען די שענדלעכע ראָל צו פּאַרטיידיקן פּאָגראָם־לאַזונגען.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז די באַגרינדונג פונעם אורטייל אין פּשיטיקער פּראָצעס. אָט איז אַ קליינער אויסצוג: „ביי דער אַלגעמיינער ערנסטקייט פונעם פאַקט ביי וועלכע אומשטענדן ס'זענען אומגעקומען די מינקאָווסקיס, קאָן פאָרט דאָס געריכט נישט פעסט־שטעלן די שולד פון די עטלעכע באַשולדיקטע אין באַגיין דעם מאָרד־אַקט".

*

...נאָך צוויי וואָכן עקשנותדיקן קאַמף ווערט דער טעקסטיל־שטרייק פאַרענדיקט מיטן זיג פון די אַרבעטער.

אויפן 17טן מערץ 1936 פּראָקלאַמירן די יידישע פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַראיינען

„ענדעקישע נקמה" און „יודישער זעלבסטשוץ"

נאָטיצען פון ראַדאָמער געריכט זאַל

פון י. יאַקובאָווסקי

רשימות מבית־המשפט בראַדום, באחד מן העתונים.
הכותרת: „נקמת האנדקים" ו„הגנה עצמית יהודית".

און אַרבעטער־פּאַרטייען אַ האַלב־טאָגיקן פּראָטעסט־שטרייק. וועגן אָט די געשעענישן שרייבט די זעלבע לאָדזשער צייטונג „גלאָס פּאַראָנני":

„אַלס צייכן פון פּראָטעסט קעגן די געשעענישן אין פשיטיק און קעגן די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן אויף דער ידישער באַפעלקערונג איז נעכטן פאָרגעקומען ביי אונדז אין שטאָט, ווי אין גאַנצן לאַנד, אַן אימפּאָזאַנטער פּראָטעסט־שטרייק, וואָס האָט געדויערט אַ האַלבן טאָג. ס'האָבן געשטרייקט יידן און קריסטן. גישט קוקנדיק דערויף וואָס ערשט מיט צוויי טעג צוריק האָט זיך דער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאָט אומגעקערט צו דער אַרבעט, איז ער ווידער אַרויס צום סאָלידאַרן קאַמף. וועלכן די ידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג פירט. ס'האָבן געשטרייקט פאָלגנדיקע פאַבריקן: עטינגאַנס פאַבריקן זענען שטיין געבליבן פולשטענדיק, קראָטאָשינסקיס זייד־פאַבריק, די פאַבריקן מאַזא און לעמפּערט, הערשבערג און האַלבערשטאַט, גער־שאָווסקי; ס'האָבן געשטרייקט די אַרבעטער אָרגאַניזירטע אין די פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען פון באַקלייד און לעדער, טישלער און בעקער, דרוקער און פריזירער. אויך די געוועלבן זענען געווען געשלאָסן".

דאָס איז געווען אַ פראַגמענט פונעם גרויסן קאַמף, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס, די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן פון פוילן האָבן געפירט קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן דער צוויל־דעטער פאַשיסטישער רעאַקציע.

(„פאָלקסשטימע", וואַרשע, מערץ 1966)



# אונדזער שטעטל ברענט...

## (30 יאָר נאָכן פּאָגראָם און ווידערשטאַנד אין פשיטיק)

דוד שטאָקפיש / רמת־גן

באלד נאָך די טראַגישע געשעענישן אין פשיטיק, האָט דער פאָלקס־דיכטער און פאָלקס־זינגער מ. געבירטיק, אינעם ליד „ס'ברענט", ממש נביאותדיק אויסגעשריען זיין וואָרענונג און צאָרן. היות געבירטיק איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס אין קראָקאָווער געטאָ, און דאָס דערמאָנטע ליד איז געווען ווי אָפּגעמאָסטן פאַרן געמיט־צושטאַנד פון דער שארית־הפליטה — איז עס דורכן פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין הימן, צי קינות אויפן גרויסן חורבן. דער אמת איז דער, אַז „עס ברענט, ברידערלעך,

באַראַקן, אויסגעשטעלט אין גרופּן, געלייענט די נעמען. דאָס אַלץ האָט געדויערט אַ פּאָר שעה. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט יענע, איז געקומען די ריי אויף אונדז. זעט אויס, אַז באַרקמאַן האָט צווויסן געגעבן דער געסטאַפּאָ אַז ער האָט אַרעסטירט 4 מאָן וועלכע זענען אַנטלאָפן. פּלוצלינג האָט מען געעפנט דעם בונקער, דער עלטסטער פון דער געסטאַפּאָ האָט באַטאַפּט די מוסקולן פון יעדן פון אונדז און געזאָגט: „אין הימל וועלן זיי סיי־ווי קומען, זאָלן זיי פאַרלויפיק אַרבעטן".

דעם זעלבן טאָג האָט מען אונדז צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר הונדערט יידן פון וואָלאַנאָוער לאַגער געברענגט אין סטראַכאָוויצער לאַגער. די מענטשן זענען שוין געווען צוריק פון דער אַרבעט און מיר האָבן געקענט זען אין אַ וואָסערע קלאָגעדיקע באַדינגונגען זיי לעבן. זעלטן ווער ס'האָט געהאַט אַ העמד אויפן לייב. אין דער פרי, פאַרן גיין צו דער אַרבעט, גיט מען זיי אַ פּאַרציע ברויט וואָס דאַרף וועגן 300 גראַם, אין פאַבריק האָבן זיי די רעכט צו קויפן אַ זופּ פאַר 30 גראָשן. קומענדיק פון דער אַרבעט, באַקומען זיי פון דער לאַגער־קיך אַ זופּ וואָס איז נישט צום עסן.

צומאָרגנס האָט מען אונדז נישט געצווינגען צו גיין אין פאַבריק אַרבעטן. מיר האָבן געהאַט רעכט אַ טאָג צו רוען. דער גרעסטער טייל איז אָבער פרייוויליק געגאַנגען צו דער אַרבעט, כדי זיך אויסצוזוכן אַ „לייכטע" אַרבעט. איך מיט נאָך אַ צאָל פון די וואָלאַנאָוער זענען געבליבן אין לאַגער. מיר האָבן געהאַלטן אַז „דיה לצרה בשעתה".

פאַרמיטאָג האָט דער לאַגער־הילכער געמאָלדן, אַז אַלע וואָלאַנאָוער דאַרפן זיך שטעלן ביי דער קאַנצעלאַריע. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט ביי דער וואַנט און באַפוילן, אַז די פאַכמענער זאָלן זיך מעלדן: בלעכערס, מויערערס, גלעזערס, אאַנ"ד. זיי האָבן שוין געהאַט אויסגעקליבן 12 מאַן פון פאַרשידענע פאַכן. פּלוצלינג איז געקומען דער ווערקפירער שראַט און אויסגערופן: „טישלער". ער האָט אַוודאי געמיינט אַ סטאָלער־אַרבעטער, נאָר איך האָב אויפגעהויבן די האַנט, ווייל מיין פאַמיליע־נאָמען איז דאָך טישלער...

איך בין אַריין אין ביוראָ. ביים טיש איז געזעסן אַ הויכער דייטש און מיך געפרעגט צי איך בין אַ גוטער פאַכמאַן? איך האָב שוין געוואָלט ענטפערן אַז איך בין נישט קיין טישלער, נאָר פּלוצים דערהערט הינטער זיך אין יידיש: „אַ ייד אַ נאַר איז ערגער ווי אַ גוי אַ משומד"... דאָס האָט אַ יידישער פאָליציאַנט מיר געגעבן אָנצוהערן איך זאָל נישט מורא האָבן. האָב איך טאַקע געענטפערט: „יאַהוואָל".

באַלד איז צוגעפאָרן אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ, מיר זענען אַרויף און געגרייט זיך צו פאָרן. דערווייל זענען געקומען מענטשן פון פאַבריק. ווען זיי האָבן געהערט אַז מיר פאָרן קיין אָסטראָוועץ, האָבן זיי פאַרגעלייגט צו טוישן זיך פאַר אַ גרויסער סומע געלט, איינער האָט געוואָלט געבן 5000 זל. פאַר אָן אָרט.

מיר זענען אָנגעקומען קיין אָסטראָווצע. מען האָט אונדז איינגעאָרדענט אין קליינעם פאַמיליען־לאַגער טשענסטאָשיצע. דער אונטערשיד פון לאַגער דאָ און דעם לאַגער פון סטראַכאָוויצע ווו מיר האָבן בלויז איבערגענעכטיקט, איז געווען אַזאַ קאָלאָסאַלער, אַז עס האָט זיך פשוט נישט געוואָלט גלייבן. אין סטראַכאָוויצע איז מען געשלאָפן אויף די הוילע פריטשעס, און דאָ — אויף ווייסע בעטגעוואַנד. אויך דאָס עסן איז געווען בעסער און די שמירה איז געווען אַ לייכטע. אין אָסטראָווצע האָט אַן אוקראַאינער נישט געטאָרט אַריינקומען אין לאַגער.

צומאָרגנס האָט מען אונדז נישט צוגעטיילט אַרבעטן אין פאַבריק, נאָר געפירט אויסער די טויערן און געזאָגט, אַז מיר וועלן אַרבעטן אין שטאָט. אונדזער גרופּע הייסט „וואָהנונג אונד זידלונג”. מיר דאַרפן רעמאָנטירן די פּוילישע הייזער פאַר דייטשן און די יידישע הייזער — פאַר פאָליאַקן. צו דער אַרבעט גייען מיר אָן אַ יידן־צייכן.

אַזוי ווי איך בין געפאָרן אַלס טישלער, האָט מען מיך צוגעטיילט צו נאָך אַ טישלער פון ראַדאָם, טיטלמאַן, אַן אמתער פאַכמאַן. מעגלעך, אַז אויך ער איז נישט געווען קיין גרויסער ספּעציאַליסט, אָבער איך קען דאָך נישט האַלטן קיין זעג אין האַנט. אויפן וועג האָט ער נישט אויפגעהערט זיך אינטערעסירן מיט מיר און פרעגן, דווקא אין פּויליש, צי כ'האָב אַן אַנונג אין סטאָלעריי.

דעם ערשטן טאָג ווען מיר זענען געגאַנגען אין שטאָט אַרבעטן, האָב איך געהאַט אַ ספּעציעלע איבערלעבונג. מיר זענען אַריין אין דער דירה פון ר' משה אייבעשיץ, ווו איך האָב אַלס ישיבה־בחור געפלעגט עסן יעדן דינסטיק, ווען איך האָב מיט יאָרן צוריק געלערנט אין דער אָסטראָווצער ישיבה. מיט האַרץ־קלעמעניש האָב איך געטראַכט וועגן גורל פון די פריערדיקע בעלי־בתים, וואָס ווער ווייסט צי ס'איז נאָך ווער דאָ פון זיי.

אונדזער אַרבעט אין דער דירה איז געווען מאַכן אַ פאָלדאָגע פאַר די נייע, פּוילישע לאָקאַטאָרן. איך האָב גענומען די זעג צום שניידן אַ ברעט, נאָר ס'איז נישט געגאַנגען. טיטלמאַן האָט זיך אויפגערעגט און געשריגן (ווידער אויף פּויליש), אַז איך בין אַ סטאָלער ווי ער אַן אַקושערקע. דערנאָך איז ער געגאַנגען צום אַרבעטס־פירער און געטענהט, אַז איך בין נאָך קיינמאָל אין קיין סטאָלעריי נישט געווען. צו מיין גרויסער שטוינונג האָט אים דער אויפזעער געענטפערט, אַז ער דאַרף זיך נישט אַזוי שטאַרק איבערנעמען מיט זיינע פאַך־קענטענישן, ווייל „די יידן ווילן בלויז איבערלעבן דעם קריג און די אַרבעט מיט אַלע זייערע קענטענישן זענען נאָר אַן אויסרייד”. אָנווייזנדיק אויף מיר, האָט ער צוגעגעבן: „דערפאַר וואָס ער איז נישט קיין סטאָלער, וועל איך אים נישט צוריקשיקן אין סטראַכאָוויצער גיהנום. איך וועל שוין געפונען פאַר אים

עפּעס אַנדערש". צומאַרגנס האָט ער מיך טאַקע צוגעטיילט צו אַ פּוילישן מויערער, מיט וועלכן כ'האָב געאַרבעט אַ לאַנגע צייט.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט אונדז דער סטראַכאָוויצער לאַגער אויסגעבאַרגט דעם אָסטראָווצער לאַגער נאָר אויף 3 וואָכן. נאָך דער צייט איז געקומען אַן אויטאָ און אונדז צוריק געבראַכט. אין לאַגער זענען דעמאָלט געווען בערך אַ 2,000 יידן. ס'האָט געהערשט אַ מוראדיקער הונגער, שמוץ און כסדרדיקע טויט-שרעק. ס'איז דעמאָלט געווען אַ קאַלטער ווינטער. מיר זענען געשלאָפן אויף די הוילע פּריטשעס. אין דער קעלט, ביינאַכט, האָט מען געדאַרפט עטלעכע מאָל לויפן אין קלאָזעט וואָס האָט זיך געפונען אין צווייטן עק לאַגער. אויפן וועג אַהין פלעגן מיר באַקומען קלעפּ פון די אוקראַאינישע שומרים.

דעם זעלבן ווינטער (1944) האָב איך זיך אַרומגעזען אַז מיינע הויזן זענען שטאַרק צעריסן, אַז ס'איז נישט מעגלעך צו גיין צו דער אַרבעט. איך האָב דאָס געוויזן דעם יידישן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט אונדז געפירט אין פאַבריק אַרבעטן. האָט ער געזאָגט, אַז אויף מיין אָרט וואָלט ער נישט געגאַנגען אַרבעטן ביז וואָלפּאָוויטש, דער יידישער לאַגער-פירער, וואָלט אים געגעבן הויזן. אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן. דריי טעג בין איך נישט אַרויס צו דער אַרבעט.

אויפן דריטן טאָג, אַרומדרייענדיק זיך אין לאַגער, האָב איך אויפגעכאַפּט ווערטער, אַז מאָרגן פרי וועט עפּעס פּאַרקומען. איך האָב באַשלאָסן צומאָרגנס יאָ גיין צו דער אַרבעט. אין דער פרי האָב איך זיך געשטעלט צוזאַמען מיט מיין גרופּע ביים טויער און מיר זענען אַוועק אין פאַבריק. אַרום 12 בייטאָג האָט מען שוין דערציילט, אַז אין לאַגער איז פאָרגעקומען אַן אַקציע. מ'האָט אַרויסגעפירט 170 מענטשן, צווישן זיי קינדער מיט מוטערס (וועלכע האָבן נישט געוואָלט אַוועקגעבן זייערע קינדער), קראַנקע און אַזעלכע וואָס זענען נישט אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט. די אַקציע האָט געהייסן „פּירלעי". דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין זעלבן טאָג אין אַלע אַרומיקע לאַגערס : אָסטראָווצע, סקאַרזשיסק, ראַדאָם, און בליזשין. מען האָט די מענטשן אַריינגעזעצט אין פאַרמאַכטע אויטאָס ווו עס זענען געווען אינסטאַלירט גאַז-קראַנען און אויפן וועג האָט מען זיי פאַרגאַזט. די טויטע קערפּערס האָט מען באַגראָבן אין פּירלעי, נעבן ראַדאָם. פאַרנאַכט האָט מען אין לאַגער געבראַכט די קליידער פון די מענטשן.

6

אין דעם לאַגער האָבן מיר געאַרבעט ביז מאַי אָדער יוני 1944. אַ געוויסן טאָג האָט מען אונדז באַפרייט פון דער אַרבעט אין פאַבריק און מיר האָבן זיך אַ צייט אַרומגעדרייט אָן אַרבעט. עס איז געווען קלאָר, אַז מען גרייט זיך אונדז שיקן קיין אוישוויץ. די מורא

פֿאַר אוישוויץ איז געווען אַזוי גרויס, אַז עטלעכע מענטשן זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, נאָך איידער מען האָט אָנגעהויבן אַרויספֿירן.

אַמאָל ביינאַכט האָט מען געהערט אַ שטאַרק קלאַפּן פֿון מאַשין־געווער, כמעט איבער אונדזערע קעפּ. צומאָרגנס האָט מען אַלע מענטשן צוזאַמענגערופֿן אויף אַן אַפּעל און ס׳איז באַקאַנט געוואָרן, אַז ביינאַכט זענען אַנטלאָפֿן אַ 200 מאַן. ליידער, אַ סך פֿון די אַנטלאָפֿענע זענען געבליבן הענגען אַדורכגעשאָסענע אויף דער מויער אַרום דעם לאַגער.

אַ טאָג שפּעטער זענען אָנגעקומען לאַסט־וואַגאָנען, מען האָט אויפֿגעלאָדן צו 100 מאַן אויף אַ וואַגאָן. מיין וואַגאָן איז צום גליק געווען אָן אָפֿענער, אַזוי אַז לופֿט האָבן מיר געהאַט גענוג. פֿונעם פֿאַרמאַכטן וואַגאָן ווו עס זענען געפֿאָרן די לאַגער־פֿירער מיט זייערע קאַפּאָס, האָט מען אין אוישוויץ אַראָפּגענומען עטלעכע צוואַנציק טויטע. מען האָט געזאָגט, אַז אין אָנבליק פֿון אוישוויץ האָבן זיי גענומען פֿאָרוואַרפֿן איינער דעם צווייטן פֿאַרשידענע חטאים, ס׳איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ געשלעג, ביז איינער האָט דעם אַנדערן דערשטיקט.

ווען מיר זענען אין אוישוויץ אַראָפּ פֿון די וואַגאָנען, האָט מען אונדז געפֿירט אין באָד אַריין. ביז מיר זענען נישט אַרויס פֿון באָד, זענען מיר געווען זיכער אַז אין אוישוויץ הייסט אַ באָד — קרעמאַטאָריע. מיר האָבן איינער דעם אַנדערן נישט דערקענט, ווייל מען האָט אונדז צוגענומען אונדזערע קליידער און געגעבן אַנדערע. נידעריקע האָבן געקריגן לאַנגע קליידער און הויכע קורצע בגדים. מיר האָבן זיך נישט געקענט איינהאַלטן פֿון געלעכטער, אַפֿילו אין דעם טרויעריקן צושטאַנד. שפּעטער האָבן מיר זיך געטרייסט מיטן אָנטאָן.

הגם ביים אָנקומען האָבן מיר די סעלעקציע „רעכטס־לינקס״ נישט אַדורכגעמאַכט, האָט מען אַלע נישט אַרבעט־פֿעיקע אַוועקגעפֿירט צום פֿאַרגאַזן. די איבערגעבליבענע האָט מען אַריינגעפֿירט אין ציגיינער־לאַגער. די ערשטע נאַכט אין בירקענאַו האָבן מיר דורך די שפּאַרעס פֿון בלאָק געזען, ווי מען נעמט אַלע ציגיינער פֿון די נאָענטע בלאָקן אויף אויטאָס צום פֿאַרגאַזן.

איצט קום איך צו צו דער סאַמע טראַגישער תקופֿה פֿון לאַגער־לעבן, נאָר איך פֿיל, אַז כ׳פֿאַרמאָג נישט גענוג כּוח נאָכאַמאָל דאָס אַלץ איבערצוגעבן, אויב כ׳וועל אָנהייבן אַרויסברענגען אויפֿן פּאַפּיר די איבערלעבונגען פֿון גרויל און פּיין אין יענע טעג...



# פראַגמענטן פון גבורה און פיין

שאול קירשענצווייג / זכרון־יעקב

1

איך בין געבוירן אין פשיטיק. נאָכן ענדיקן די זעקסטע קלאַס, האָב איך אָנגעהויבן העלפן מיינע עלטערן אין יאַטקע. ווען איך בין געוואָרן אַ ביסל באַוווּסטזיניקער, בין איך אַריינגעטרעטן אין בית״ר און געווען טעטיק ביי פאַרשידענע געלט־זאַמלונגען. אָבער מער ווי כ׳האָב געזאַמלט ביי אַנדערע, פלעג איך געבן פון מיין אייגענער קעשענע, ווייל איך בין געווען פאַרמעגלעך. צוליב מיין כוח און מוט, האָט מען מיך תמיד באַשטימט אַלס אָרדנער אויף פאַרשידענע אַקאַדעמיעס און מיטינגען, ווייל דער פּאַרטייאישער קאַמף איז ביי אונדז געווען אַ שאַרפער, איבערהויפּט אויף דער ידישער גאַס.

אין 1929 בין איך גערופן געוואָרן אין פוילישן מיליטער. אפשר איינעם פון טויזנט יידישע זעלנער האָט מען מיך צוגעטיילט צו דער גרענעץ־וואַך — ק. אָ. פּ. („קאָרפּוס אָכראָני פּאָגראַניטשנאָ״). כ׳האָב געדינט ביי דער סאָוויעטישער גרענעץ נאָך טאַרנאָפּאָל.

קומענדיק צוריק פון מיליטער, האָב איך מיר געעפנט אַן אייגענע יאַטקע און גוט פאַרדינט. שטייענדיק אַמאָל פאַר דער יאַטקע, נעבן הערשעלעס סאָדע־וואַסער פאַבריק, האָב איך באַמערקט ווי ביים ברונעם, אין מיטן גאַס, שטויסט און שלעפּט דער סעקוועס־טראַטאָר סאַלוואַ די פרוי לעוועטאַל, אַז זי איז אַנידערגעפאַלן. אין מיר האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט, מיט איין קלאַפּ האָב איך דעם סעקוועסטראַטאָר אומגעוואָרפן אויף דער ערד. ווען ער איז אויפגעשטאַנען און אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער, האָב איך אים אויסגעכאַפּט דאָס געווער, איידער ער האָט באַוויזן אויסשיסן. מען האָט מיך גלייך אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט קיין ראַדאָם אין אַרעסט. נאָך אַ סך שתדלנות און געלט האָט מען מיך נאָך 48 שעה באַפרייט.

אין 1934 זענען מיר אַ גרופּע פשיטיקער יידן אַרויס אינעם וועלדל כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. געווען איז עס שבת נאָכן עסן. פּלוצלינג איז אָנגעקומען דער אָבלאַסער פריץ, אַן אַנטיסעמיט, אין באַגלייטונג פונעם וואַלד־וועכטער און אַ גרויסן הונט און צוגענומען ביי ברוך אייזמאַנס פרוי דעם מאַנטל און קאַפעלוש. זיי זענען רויק געזעסן מיט אַ קינד אין אַ וועגעלע. ער האָט זיך אויך געקליבן צו נעמען די זאַכן פון פייגע פרידמאַן — איטשעס שוועסטער, וועלכע איז צו מיר צוגעקומען און געבעטן הילף. איך בין צוגעגאַנגען צום פריץ און געבעטן צוריק די זאַכן. אַנשטאַט דעם האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און געוואָלט אויך ביי מיר אַראָפּכאַפּן דעם הוט. איך האָב אים

אַ שלײדער געטאָן אויף דער ערד, אַז דער וואַלד־וועכטער מיטן הונט זענען אין גרויס שרעק אַנטלאָפן. כ׳האָב אויפגעהויבן די צוגענומענע זאַכן און זיי צוריק געגעבן די יידן. מיר האָבן פאַרלאָזט דאָס וועלדל.

דער פריץ האָט גלייך געמאָלדן דער פּאָליציי און איך האָב געמוזט זיך אָפּטראָגן פון שטעטל. אַ דאַנק דעם בלעכער זוכהאָלץ וועלכער האָט ביים פריץ געדעקט די דעכער, האָט ער מיר דעם ענין געשאַנקען. ווען ער פלעגט מיך זען, האָט ער מיר געקלאַפּט אין פּלייצע און דערמאָנען וואָס פאַר אַ זעץ כ׳האָב אים דערלאַנגט.

אין 1935 האָב איך זיך באַקענט מיט אַ ראַדאָמער מיידל, מרים גרינצווייג. מיר האָבן תנאים געשריבן, פאַרקויפט מיין יאַטקע אין פשיטיק און אַוועק קיין ראַדאָם. איך האָב דאָרט געעפנט אַ יאַטקע און גוט פאַרדינט. איך האָב חתונה געהאַט און געוווינט אין ראַדאָם ביז מען האָט דאָרט געשאַפן דאָס געטאָ.

2

אין 1941 איז צו מיר געקומען מיין יונגערער ברודער וועלכער האָט זיך באַפרייט פון דער שעראַדזער תפיסה, וווּ ער איז אָפּגעזעסן 5 יאָר פאַרן אָנטייל נעמען אין דער זעלבשוץ בעתן פשיטיקער פּאָגראָם. ער האָט מורא געהאַט זיך צוריקקערן קיין פשיטיק, איך האָב אים געשיקט אין אַ דאָרף, צום פאָלקס־דייטש מילער פון מלאָדאָטשין, מיינער אַ גוטער באַקאַנטער מיט וועלכן כ׳האָב כסדר געהאַנדלט ביז צו דער מלחמה און אים געבעטן ער זאָל מיר באַזאָרגן אַ ביסל שפּייז אין געטאָ. אַנשטאָט מיר העלפן, האָט ער געמאָלדן די דייטשן אַז איך בין אַ רייכער ייד. 2 באַוואָפנטע פאָלקס־דייטשן זענען אַריין אין געטאָ און זיך גענומען פרעגן אויף מיר. איך בין דעמאָלט געשטאַנען מיט אַ גרופּע יידן אויפן הויף פון זשיטניע 5, וווּ כ׳האָב געוווינט. דערזעענדיק די דייטשן, זענען די יידן זיך צעלאָפן, איך בין געבליבן שטיין. זיי האָבן מיך געפרעגט וווּ עס וווינט קירשנצווייג. כ׳האָב זיי געוויזן אין פענצטער פון ערשטן שטאָק און געוואָלט זיך אָפּטראָגן. זיי האָבן מיך אָבער שוין נישט אָפּגעלאָזט און באַפוילן מיטגיין און וויזן די דירה. צום סוף האָב איך זיך מודה געווען אַז איך בין קירשנצווייג. זיי האָבן מיך צעשלאָגן ביז בלוט, געשלאָסן אין קייטלעך, אַוועקגעפירט אויף די פּלאַנטעס וווּ ס׳איז געווען די ס. א.־קאָמענדע.

דאָרט האָט מען מיך אַזוי צעשלאָגן, אַז דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרן געשוואָלן. פון דאָרט האָבן זיי מיך אַוועקגעפירט אין תפיסה אויף דער וואַרשעווער גאַס, וווּ כ׳האָב געטראָפן מיין ברודער יוסף און נאָך פשיטיקער יידן: יאַנקל מילער, נפתלי בערקאָוויטש און אַנדערע. יעדן טאָג האָט מען אונדז געשלאָגן. אַלע נאַכט האָט מען אַרויסגענומען

אַ גרופּע יידן, זיי אָוועקגעפירט און מיר האָבן קיינמאָל נישט געוווּסט ווו זיי זענען אַוועקגעקומען.

איך בין אַזוי אָפּגעזעסן אַ 4 וואָכן אין תפיסה. אין אַ געוויסער נאַכט האָט מען אַ 800 יידן אַרויסגענומען, געבינדן די הענט, אויפגעלאָדן צו 80 מאַן אויף לאַסט־אויטאָס. מיר זענען געזעסן איינער אויפן אַנדערן און געפאָרן נישט וויסנדיק ווו אַהין. איינס זענען מיר יאָ געווען זיכער: מען פירט אונדז שיסן. ענדלעך האָבן זיך די אויטאָס אָפּגעשטעלט. מיר זענען געשטאַנען אַ פּאָר שעה און כסדר געהערט שאָסן, געוואָרט אויף אונדזער ריי. פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט אַ פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו. ס'איז אָנגעקומען אַ צוג און מען האָט אונדז צוזאַמען מיט טויטע אַריינגעשטויסן אין די לאַסט־וואַגאָנען. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען אונדז געפירט אָן עסן, אָן וואַסער און אָן לופט.

אין דער פרי איז דער צוג געבליבן שטיין. נאָך אַ שעה וואַרטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אויףביידע זייטן ס.ס.־לייט. מען האָט געעפנט די וואַגאָנען, זיי האָבן געשריגן מיר זאָלן אויסשטייגן און אונטער קלעפּ פון דרענגער און אייזנס זענען מיר געשפּרונגען פון די וואַגאָנען. אַ סך זענען געפאַלן טויט אויפן אָרט. צווישן די טויטע האָב איך דערקענט די צוויי ברידער פינקעלשטיין פון ראַדאָם — קצבים, דעם קצב יוסף קירשנבוים, וועלוול שוחט און שלמה אַפּעל (אַ סוחר מיטן צונאָמען „פּאָמפּ״). כ'האָב לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען מען האָט אונדז שוין אַריינגעבראַנגט אין אוישוויץ.

3

נאָך עטלעכע טעג האָב איך דאָרט געטראָפן מיין פרויס ברודער יונה גרינצווייג. מיר האָבן זיך צעוויינט ווי קליינע קינדער. איך האָב זיך געפרעגט אויף מיין משפּחה, נאָר ער האָט גאָרנישט געוווּסט, ווייל נאָך מיין אַרעסט האָט מען אים געכאַפּט און אַוועקגעפירט קיין אוישוויץ. מען האָט מיך מיטן שוואָגער צוגעטיילט צו זייער אַ שווערע אַרבעט — טראָגן ציגל, לויפנדיק, און מיט זיי פאַרשיטן די בלאָטעס. דאָס אַלץ באַגלייט מיט קלעפּ פון שטעקנס און אייזנס, ווייל מיר האָבן געדאַרפט אַדורכגיין ווי דורך אַ בראַנט, יעדעס מאָל ווען מיר זענען אַרויס און צוריק געגאַנגען פון דער אַרבעט. אין גרויסן יאוש, ווען מיין שוואָגער האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, האָב איך אים צוגעגעבן כוח מיטן דייטשן שפּריכוואָרט: „מוט פאַרלוירן, אַלעס פאַרלוירן״. ווייל ווער ס'איז געפאַלן — איז שוין מער נישט אויפגעשטאַנען. נאָר אַ דאַנק מיין שטאַרקן כוח און ווילן ביז איך נישט געפאַלן אונטער די קלעפּ.

דערווייל האָט מען מיין שוואָגער גענומען אַרבעטן צו זיין פאַך — עלעקטראָ־טעכניקער. מיט דער פּראָטעקציע פון אַ פּאָליאַק, האָט ער מיך צוגענומען צו זיך אַלס געהילף. דאָ האָב איך אַ ביסל לייכט אָפּגעאָטעמט. דער פּאָליאַק איז פון מיר געווען

צופרידן, ווייל כ׳האָב ביים טראָגן די טעלעפאָן סלופּעס און דראָטן נישט געוווּסט קיין אָפּרו. אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט ביז סעפּטעמבער 1942.

4

בשעת אַ סעלעקציע, האָט מען מיך מיט אַנדערע אָפּגעפירט אין די קוילן־גרובן נעבן קאַטאָוויץ. דאָרט האָב איך געטראָפן יאַנקל מילער פון פשיטיק. מיין שוואָגער גרינצווייג האָב איך מער נישט געזען.

צו דער אַרבעט אין די גרובנס האָט מען אונדז געפירט צופוס, אונטער אַ קאָנוואָי, 10 קילאָמעטער הין און צוריק — מיט געזאַנג און צום טאַקט. ווער עס האָט נישט געשטעלט ריכטיק די פיס אָדער נישט געזונגען, האָט מען אים אַרויסגענומען פון דער ריי און געשלאָגן ביז טויט.

די קוילן האָבן מיר געמוזט גראָבן לויט אַ נאָרמע וועלכע דער מייסטער האָט באַשטימט. ווער עס האָט נישט געמאַכט די נאָרמע, איז נישט צוריקגעגאַנגען אין לאַגער, נאָר געבליבן אויף דער צווייטער שיכט, ביז אין דער פרי. אַלס געהילף האָב איך באַקומען אַן 28־יאָריקן יידישן בחור פון בעלגיע, עזריאל ווייס, זייער אַ פרומער. ער האָט נישט געגעסן די זופּן, נאָר די 200 גראַם ברויט אַ טאָג וואָס מיר האָבן באַקומען. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געקענט מאַכן די נאָרמע און די פּאָליאַקן פון שלעזיע, די א. ג. „שלאָנזאַקעס" האָבן אים שטאַרק געשלאָגן, נאָך מער ווי די דייטשן.

אַזוי ווי כ׳האָב פאַר מיין גוטער אַרבעט באַקומען 10 סיגאַרעטן אַ טאָג, האָב איך איבערגעקויפט דעם מייסטער און ער האָט דעם בחור צוגעטיילט מיר אַלס געהילף און אַזוי אַרום ממש אים אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן. צוזאַמען האָבן מיר אויסגעהאַלטן ביזן יאָר 1945.

מיטן דערנענטערן זיך פון די רוסן, האָט מען אונדז עוואַקוּאירט קיין פערנוואַלד, אין דייטשלאַנד. אַהין האָט מען צוזאַמענגעברענגט צענטליקער טויזנטער מענטשן פון פאַרשידענע עוואַקוּירטע לאַגערן. מען האָט אַהין אויך געברענגט פון פראַנקרייך די פּשיטיקער: אַברהם טוביהס, שמואל פרידמאַנס זון, פייגע־חוהס איידעם, לייביש בוימאַן (ביאַדאַק) מיטן ברודער און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

צען טעג האָט מען אונדז דאָרט געהאַלטן אָן עסן, אָן וואַש. ס׳איז נישט קיין וווּנדער וואָס ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שטאַרקע טיפוס־עפּידעמיע, וועלכע האָט אַוועקגעלייגט טויזנטער מענטשן. די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז די קראַנקייט ברענגט זיי איין אַרבעט, מען דאַרף נישט די יידן פאַרגאַזן, אָדער שיסן. מען האָט אונדז אין לאַגער גופא נישט געלאָזט פריי אַרומגיין, נאָר יעדער איינער איז געווען פאַרמאַכט מיט זיין קאָמאַנדאָ, מיט וועלכער ר׳איז געקומען.

נאָך די 10 טעג האָט מען אָפּגעקליבן די געזונטערע און אַוועקגעשיקט נישט ווייט פון ניימאַרק, ווו אין די בערג־היילן האָבן די דייטשן געפּרוווט פאַרלייגן נייע אַמוניציע־פאַבריקן. מיר האָבן געדאַרפט אַרויספירן די שטיינער. ס׳איז געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט. דאָרט איז צו מיר געקומען דער פּשיטיקער דוד ריבאַ און מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיינע חברים פון פראַנקרייך: „דאָס איז כייצאַק (מיין פּשיטיקער צונאָמען), דער פּשיטיקער יונגערמאַן, וואָס זייענדיק אין אוישוויץ אין די קוילן־גרובנס האָט ער אַ סך יידן געראַטעוועט פון טויט״.

שפּעטער האָט מען געברענגט נאָך אַ טראַנספּאָרט, צווישן זיי — פּנחס שוויצער, איציק קוראַנטס אײדעם. כ׳האָב מיך אַזש צעוויינט און געזאָגט: „מילא, איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער, כ׳וועל פון דעם גיהנום נישט אַרויס, אָבער דו ביסט מיר אַ שאָד״.

5

נאָך 3 חדשים איז געקומען אַ באַפעל אָפּצוטרעטן, ווידער האָט מען אונדז געטריבן צופוס און ווער ס׳האָט זיך אויף אַ ווייַלע צוגעזעצט, איז גלייך דערשאָסן געוואָרן. זייענדיק דערשעפּט פונעם לאַנגן גיין אָן עסן און טרינקען, האָב איך געוואָלט שטאַרבן. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט ביז די קאַלאָנע וועט זיך ענדיקן און די וואַך וועט מיך דערשיסן. דערוויייל איז אָנגעקומען הערשל טעפּער, וועלכער האָט אין אַ האַנט־וועגעלע געפירט דאָס עסן פון די ס.ס.־לייט. ער האָט מיר געהאָלפן אויפשטיין און צוגעבן מוט, ס׳איז שוין נישט ווייט צו דער באַפרייונג.

מיר זענען אָנגעקומען קיין טשעכן, אין לאַגער טערעזענשטאַט. איך בין קראַנק געוואָרן אויף גאַנצע 2 חדשים. דערוויייל זענען מיר באַפרייט געוואָרן. דעם לאַגער האָט איבערגענומען דער טשעכישער רויטער קרייץ. מיך האָט מען גענומען אין אַ שפּיטאָל אַריין. מיינע פּשיטיקער חברים זענען דערוויייל צוריק קיין פּוילן. זיי האָבן מיך נישט פאַרגעסן און ווי נאָר זיי האָבן געהערט אַז איך בין שוין געזונט, זענען זיי געקומען און גענומען אַהיים.

אַהיים האָב איך געפירט אַ גרויסן באַגאַזש פון קליידונג און עסן וואָס דער רויטער קרייץ האָט מיר מיטגעגעבן. ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף דער ראַדאָמער באַן־סטאַציע, האָבן זיך די פּאָליאַקן געוואונדערט: „אַזוי פיל זשידקעס זענט איר נאָך געבליבן!?״ זיי האָבן אָן בושה ביי מיר צוגענומען אַלע בעסערע זאַכן און פּראָדוקטן. אויף דער לובלינער גאַס 27 האָבן זיך גרופּירט אַלע פּשיטיקער און מיר האָבן געלעבט ווי איין משפּחה, בראש פון וועלכער ס׳איז געשטאַנען ראַכמע קרענגל ז״ל. קיין פּשיטיק האָט זיך קיינער נישט געוואָלט צוריקקערן, הגם אויך אין ראַדאָם איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען שטאַרק.

איין מאָל ביינאַכט זענען די מערדער פון דער א.ק. אַריין אין הויז נומ׳ 21, דריי הייזער פאַר אונדז, און מיט מעסער איבערגעשניטן די העלדזער פון אַ סאָוויעטישן קאַפּיטאַן, אַ ייד און אַ יידיש פאַרפאָלק וועלכע זענען מיט עטלעכע שעה פריער אַוועק פון אונטער דער חופּה. אַ שווידער האָט אונדז אַדורכגענומען. לעגנער פאַרבלייבן אין ראַדאָם האָט קיינער נישט געוואָלט. מיר זענען זיך צעפאָרן. אַ טייל אין אַנדערע שטעט אין פוילן, אַ טייל איבער דער גרענעץ — קיין דייטשלאַנד און פראַנקרייך.

איך בין אַוועק קיין דייטשלאַנד זוכן מיין משפּחה. אין פעלדאַפינג האָב איך געטראָפן מיין שוועסטערס אַ זון מרדכי כהן (היינט אין ישראל). ער האָט דאָרט געאַרבעט פאַרן בלויזן עסן אין אַ וואַלד, געלייגטביימער. איך האָב אים גלייך גענומען צו זיך און נישט געלאָזט אַרבעטן אַזוי שווער.

אין 1946 האָב איך זיך באַקענט מיט אַ לאָדזשער פרוי, פון דער היים געלבאַרט. נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה, בין איך צוזאַמען מיט מיין פרוי און ברודערן־זון געקומען קיין ישראל.



## גערעטעוועט זיך מיטן ברודער

חנהטשע פרידמאַן־האָניג / רמת־השרון

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, בין איך געווען ביי מיין שוועסטער און שוואָגער, אין אַ געדונגענעם סאַד, זייער אַ גרויסן, ווו ס׳האָבן געאַרבעט עטלעכע וועכטער. איינער פון זיי איז אַנטלאָפן, ר׳איז געווען אַ דייטשער שפּיאָן.

אַז די דייטשן זענען שוין געווען נאָענט פון דעם אָרט, האָבן מיר געוואָלט זיך צוריקקערן אַ היים. מיר זענען אַוועק מיט אַ פערד־און־וואָגן. ס׳איז געווען אַ שטאַרק פינצטערע נאַכט. ווען מיר זענען צוגעקומען צו אַ וואַלד, האָט מען אָנגעהויבן שיסן. דאָס פערד האָט זיך דערשראָקן און איבערגעקערט דעם וואָגן. מיר האָבן מורא געהאַט צו פאָרן ווייטער און זענען צוריק אַוועק צום סאָד. דאָרט איז געווען אַ כאַטקע ווו מיר האָבן געוווינט, אָבער ווען מיר זענען צוריק געקומען, איז זי געווען פאַרנומען פון פּליטים וועלכע זענען געלאָפן פון לאָדזש קיין וואַרשע. זיי זענען אַריין אין סאָד און זיך געלייגט שלאָפן אין דער כאַטקע. בין איך געבליבן זיצן אויפן וואָגן.

די שיסעריי האָט זיך פאַרשטאַרקט, כ׳האָב מורא געהאַט אַז אַ קויל קען מיך טרעפן, בין איך אַריין צו דער היטערין אין ,שטוב און דאָרט איבערגענעכטיקט. אַ גאַנצע נאַכט זענען דייטשן געפאָרן אין זייערע אויטאָס און געשאָסן. ווער ס׳איז געווען אויפן וועג — איז געהרגעט געוואָרן.

אין דער פרי זענען געקומען דייטשן און געזוכט געווער. זיי האָבן גאָרנישט געטראָפן און אַוועק. קריסטן פון דער געגנט און סתם דורכגייער זענען אַריין אין סאָד און אָפּגעריסן אַלע עפּל. די ביימער זענען געבליבן ליידיק. מיין שוואָגער האָט געהאַט גרויס עגמת-נפש, ווייל פון ריזיקן סאָד האָט ער אַרויסגעפירט נאָר איין קעסטל עפּל. אים האָט עס געקאָסט טויזנטער זלאָטעס — און ר׳איז געבליבן אַן אָרעמאַן.

דערנאָך בין איך אַהיים קיין פּשיטיק. די לאַגע פון יידן איז געווען זייער שלעכט. אַ פאָלקס-דייטש, אַ שטובן-מאָלער, איז געוואָרן דער בעל-הבית אין שטעטל. ער האָט געפּייניקט און געשלאָגן די יידן, יעדן טאָג האָט מען צוגעטראַכט קעגן די יידן אַנדערע גזירות. די דייטשן האָבן נישט געדאַרפט אַליין טאָן די מלאכה פון רודפן די יידן — זיי האָבן געהאַט טרייע העלפער פון די אָרטיקע פּאָליאַקן. איך געדענק ווי איין מאָל איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ פּאָליאַק און געזאָגט: „אייך, יידן, וועט מען אַלע אויסשעכטן“.

אַ מאָל האָט מען גענומען אַ סך יידן און צונויפגעזאַמלט אין מאַרק. פון זיי האָט מען אויסגעקליבן די אַלטע מיט בערד, זיי געגעבן ביקסן און געהייסן לויפן. דערביי האָט מען זיי געשלאָגן און געחוזקט. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער אָנוועזנהייט פון היט-לעריסטן, וועלכע זענען געקומען אויף מאָטאָציקלען. פּנחס קאָמאַשניק האָבן זיי אַזוי צעשלאָגן, אַז בלוט איז גערונען. אַלע יידן זענען געווען געצווונגען צו שטיין און צוקוקן זיך ווי מען האָט אים געפּייניקט.

מיר האָבן געוווינט ביים וועג. טאָג און נאַכט זענען געפאָרן דייטשע טאַנקן, אויטאָס און שווערע אַרטילעריע. ביינאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן פון זייער רעש און בייטאָג זענען זיי געגאַנגען איבער די שטובן און געשלעפּט צו אַרבעט. איך האָב געלעבט אין גרויס שרעק. איך האָב באַשלאָסן ערגעץ אַנטלויפן כדי נישט צוזען די צרות. אַ דאַנק מיין ברודער (היינט אין אַמעריקע), האָב איך מיט אים צוזאַמען פאַרלאָזט דאָס שטעטל און זיך דערשלאָגן צו דער רוסישער גרענעץ. דאָרט האָבן מיר אויך אַ סך מיטגעמאַכט — אָבער דאָך אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן.



# ניצול געוואָרן פון אוישוויץ

פייגע־לאה קופּערוואַס / חיפה

איך בין אַ געבוירענע אין פּשיטיק. מיינע עלטערן זענען שפּעטער אַוועק קיין לאָדזש. מיין פאָטער האָט געהאַנדלט מיט פערדערן. איך האָב זיך אויסגעלערנט זאָקן־מאַכעריי און דערביי געאַרבעט. אַזוי ווי די זאָקן־בראַנזשע איז געווען אָרגאַניזירט ביי די לינקע פּועלי־ציון, בין איך במילא געוואָרן אַריינגעצויגן אין זייער אָרגאַניזאַציע, הגם איך האָב באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג אין אַ „בית־יעקב"־שול.

נאָכן פאַרנעמען לאָדזש דורך די דייטשן, וויסנדיק אַז אין די גרעסערע שטעט איז אין מלחמה־צייט ערגער ווי אין די קלענערע ערטער און האָבנדיק אַן אייגן הויז אין פּשיטיק, זענען מיר צוריק געקומען אין אונדזער שטעטל. אַזוי ווי אונדזער דירה איז געווען פאַרדינגען צו יאַנקל מילער, האָבן מיר געמוזט זיך אַריינציען צום זיידן. אַזוי האָבן מיר אין גרויס ענגשאַפט און אָן פּרנסה זיך אָפּגעמאַטערט אַ גאַנצן שווערן ווינטער. אין פרילינג 1941 האָט מען אונדז צוזאַמען מיטן שטעטל אויסגעזידלט. מיר זענען אַוועק קיין וואָליאַנאָוו, אַ 12 קילאָמעטער פון פּשיטיק. דאָרט האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין מאַן מרדכי קופּערוואַס, אַ סוחר און מיט אים חתונה געהאַט. די חתונה איז געווען זייער באַשיידן, חופּה־וקידושין האָט געגעבן דער פּשיטיקער שוחט הערשל זאַלצשירער.

נאָכן זיין אַ יאָר אין וואָליאַנאָוו, האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט אינעם פּאָלוואַרק סטזשאַלקאָוו. מיר האָבן געקענט פאָרן אין געטאָ שידלאָוויעץ, אָבער מיין ברודער און מאַן האָבן געאַרבעט אין פּאָלוואַרק, דערפאַר זענען מיר אַלע אַהין געפאָרן. אינעם סטזשאַלקאָווער לאַגער האָבן מיר געאַרבעט זייער שווער, געווען באַשעפטיקט אין אַ דייטשער בוי־פירמע ביזן יאָר 1943. שפּעטער האָט מען פון דאָרט אַוועקגעשיקט מיין מאַן און ברודער.

אין האַרבסט 1943 האָט מען אַלע שקלאַפן־אַרבעטער פונעם פּאָלוואַרק־לאַגער אַרויסגעשיקט קיין בליזשין נעבן סקאַרזשיסקאָ. מיר האָבן דאָרט געהונגערט און געאַרבעט אין זייער שווערע באַדינגונגען אין פאַרשידענע מיליטערישע וואַרשטאַטן, געגרייט מונדירן, שיך, שטיוול, וואָלענע זאָקן, הענטשקעס אדג"ל.

צוליב די אוממענטשלעכע באַדינגונגען איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ שווערע טיפוס־עפּידעמיע וואָס האָט אַוועקגעלייגט 50% פון די אַרבעטער. אויך איך און מיין שוועסטער הינדע זענען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. מען האָט אונדז גענומען אין שפּיטאָל, ווו די יידישע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער האָבן זיך ממש מקריב געווען אונדז צו ראַטעווען. זיי זענען אָבער געווען הילפלאָז, ווייל די דייטשן האָבן נישט געגעבן קיין

שום מעדיקאַמענטן. נאָר ווער ס'האָט געהאַט אַ געזונטן אָרגאַניזם, האָט איבערגעלעבט דעם קריזיס. נאָך אַ יאָר אָפּמאַטערן זיך אין דעם שרעקלעכן אַרבעט־לאַגער, האָט מען אונדז אַרויסגעשיקט קיין אוישוויץ. פריער האָט מען מיין פאָטער, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס שוסטער, פאַרשיקט אינעם פאָלטאַווער לאַגער.

קיין אוישוויץ בין איך אָנגעקומען מיט מיין מוטער און שוועסטער. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ סך פשיטיקער און וואָליאַנאָווער. זיי האָבן אונדז דערציילט, אַז מיין מאַן איז אַנטלאָפן פון סטראַכאָוויצער לאַגער, אָבער זיי האָבן נישט געוווּסט ווּ ער געפינט זיך.

אינעם אוישוויצער פרויען־לאַגער האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט און גאָרנישט געטאָן. אויך דעם ברודער ישראל האָבן מיר געטראָפן אין אוישוויץ.

פון די 3 קרעמאַטאָריע־קוימענס האָט געזעצט אַ רויך. מיר האָבן געוואַרט אויף אונדזער ריי. אונדזער מוטער מיט נאָך אַנדערע עלטערע פרויען און קליינע קינדער, וועלכע זיי האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרברענען, האָבן זיי געהאַלטן איזאָלירט אין פאַרמאַכטע באַראַקן. דאַקעגן מיר האָבן זיך געקענט פריי באַוועגן איבערן לאַגער.

נאָכן אָפּזיין 5 חדשים אין אוישוויץ האָט מען אָנגעהויבן אָפּשיקן טראַנספּאָרטן מיט יונגע מענטשן. ווּ אַהין — האָט קיינער נישט געוווּסט, הגם די דייטשן האָבן געזאָגט אַז מען שיקט אויף אַרבעט. איך מיט דער שוועסטער האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן, ווייל מיר האָבן געוואָלט זיין מיט אונדזער מוטער צוזאַמען. אָבער מיטן לעצטן טראַנספּאָרט, נאָכן אַדורכגיין אַ סעלעקציע דורך דעם טרויעריק־באַרימטן ד"ר מענגעלע, האָט מען אונדז מיט דער באַן אַוועקגעפירט. נאָך אַ 2 וואָכן זענען מיר אָנגעקומען אינעם קליינעם זאַקסישן שטעטל שאַרפשטיין. מיר האָבן דאָרט געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק אין זייער שווערע באַדינגונגען, תמיד הונגעריק, מיד, צוּ 10 שעה טעגלעך. נאָך אַ גליק וואָס אונדזערע באַראַקן זענען געווען נאָענט פון דער פאַבריק, ווייל מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צו גיין.

נאָכן אָפּאַרבעטן דאָרט אַ 7 חדשים, האָט זיך דער פראָנט אויף אַזוי פיל דערנענטערט, אַז די באָמבעס זענען שוין געפאַלן אין שטעטל. מען האָט אונדז ווידער עוואַקויִרט, געפירט מיט דער באַן זייער לאַנג און אָן עסן, ביז טערעזיענשטאַט. ווען מיר זענען נאָך געווען אין קאַראַנטין, סוף אַפּריל, האָבן מיר שוין געהערט די אָפּקלאַנגען פון די לעצטע קאַמפן וואָס האָבן זיך געפירט מיט די רעשטלעך פון דער צעשלאָגענער דייטשער אַרמיי.

דעם 9טן מאַי זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך די רוסן. נאָכן באַפרייען, האָבן מיר אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים — קראַנקע, צעבראָכענע, עלנטע. דער טשעכישער „רויטער קרייץ" האָט געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט ביז ס'איז אים געלונגען אונדז צוריק שטעלן אויף די פיס, אַ ביסל באַקליידן און באַשוכן. מיר האָבן דאָרט געטראָפן אַ סך פשיטיקער: יאַנקל מילער — אונדזער געוועזענעם שכן; אסתר האַבערבערג מיט

איר שוועסטער רחל (צונאָמען „קוקיע") ; מלכה פרידמאַן מיט איר שוועסטער שיפרע ; שרה־לאה קוראנט מיט איר שוועסטער רחלה און איר מאַן פינטשע שוויצער.

נאָכן קומען אַ ביסל צו זיך, זענען מיר אַלע אַוועק קיין פוילן זיך נאָכפרעגן, אפשר איז וועמען געלונגען זיך אָפּצוראַטעווען. אין ראַדאָם האָבן מיר געטראָפן אונדזער מוטער מיט נאָך ׳עטלעכע עלטערע פרויען, צווישן זיי — רייזל קוראנט. די דייטשן האָבן על פי נס נישט באַוויזן זיי אומצוברענגען. מיין מוטער האָט מיר דערציילט, אַז מיין מאַן איז נאָכן אַנטלויפן צוגעשטאַנען צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד און איבערגעלעבט די מלחמה. איצט איז ער אין וואַרשע און דינט אין דער מיליץ. איך בין גלייך אַוועק קיין וואַרשע, מיין מאַן האָט זיך באַפרייט פון דער מיליץ. נאָכן זיין 6 חדשים אין ראַדאָם, זענען מיר אַוועק אין דייטשן לאַגער פעלדאַפינג. פון דאָרט האָבן מיר אין יאָר 1949 עולה געווען קיין ארץ ישראל.



# אויף קאַטאָרגע־אַרבעט און אין טויטן־לאַגערן

צבי טעפּער / ירושלים

מיין משפחה זענען פון פאַך געווען קצבים. יעדער אין שטאָט האָט געקענט מיין פאָטער יצחק טעפער מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל. מען האָט אים גערופן יצחק וויזשביצער. ער האָט גערן געטאָן טובות.

ווען ס׳איז אין יאָר 1936 פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין שטעטל, בין איך נאָך געווען אַ קינד. דאָך געדענק איך די געשעענישן ביז היינט. ס׳איז געווען שבת־צו־נאַכט, האָט מען געזאָגט אַז פיל פויערים פון די דערפער קומען אין שטאָט כדי צו הרגענען יידן. נאָר אונדזערע יידן האָבן זיך געגרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד, מיט וועלכן ס׳האָבן אָנגעפירט : לייזער פעלדבערג, יוסף קירשנצווייג, יצחק פרידמאַן און מיין פאָטער. דעם אָוונט זענען די פויערים נישט געקומען. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן מאָנטיק. די פויערים האָבן צעוואָרפן די יידישע קרעמלעך, געהאַקט שויבן, געוואָרפן שטיינער. אויף מיר אַלס קינד האָט אַ גרויסן איינדרוק געמאַכט דער טויט פון די מינקאָווסקיס און דער אַרעסט פון די יידן.

אין 1937, דעם 18טן תמוז, איז מיין פאָטער פלוצלינג געשטאָרבן. דער גאַנצער עול איסצוהאַלטן די משפחה איז געפאַלן אויף מיין מוטער און ברודער משה (היינט אין

קאַנאַדע). דעמאָלט איז אַרויס דאָס געזעץ וואָס האָט פאַרבאָטן די יידישע שחיטה. מיר האָבן דערפון אַ סך געליטן, ווייל אונדזער פרנסה איז געווען פון פלייש־האַנדל.

*

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די קריג און די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, האָבן זיי אין גאַנצן פאַרבאָטן דאָס שעכטן פלייש אויף כשר. מיר האָבן אין געהיים יאָ געשאָכטן אויף כשר און דאָס פלייש געפירט קיין ראַדאָם. איין מאָל, ווען די מוטער האָט געפירט אַהין פלייש, האָט זי געהערט אַז מען מאַכט אויפן וועג רעוויזיעס. זי האָט געוואָלט אַראָפגיין פון דעם וואָגן און דערביי אַריין אינעם ראָד און צעבראָכן אַ פוס. מען האָט איר דעם פוס געמוזט אַמפּוטירן און אָנטאָן אַ פּראָטעזע.

צו די צרות האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו מאַכן אַ פלי־פּלאַץ אין אונדזער שטעטל און אַלע יידן אַרויסגעשיקט קיין ביאַלאָבזשעג. דאָרט איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו האַנדלען מיט פלייש. ביי אונדז איז געווען אַ גאַנצער מסחר מיט פלייש, אויך אַ מילעכל צו מאָלן מעל. מען האָט אונדז געמסרט, די זשאַנדאַרמעריע איז אַריין, געמאַכט אַ רעוויזיע און געפונען פלייש. מיין ברודער משה האָט געמוזט אַנטלויפן, האָב איך זיך געשטעלט אין דער זשאַנדאַרמעריע אָנשטאָט אים. איך האָב באַקומען גוט געשלאָגן. דער מוטער האָט מען גאָרנישט געטאָן, אָבער מיך האָבן זיי געהאַלטן אין תפיסה 2 וואָכן. דער קאָמענדאַנט האָט געדראָט מיט טויט־שטראָף, אויב איך וועל נישט אויסזאָגן ווו דער ברודער געפינט זיך. איך האָב נישט געזאָגט, זיי האָבן מיך באַפרייט, ווייל איך בין געווען צו יונג צו מאַכן מיר אַ פּראָצעס. זיי האָבן געשאָסן יוסף קירשנצווייג פאַר שמוגלען כשר פלייש.

*

די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיקן יידן אויף פאַרשידענע אַרבעטן. אַ טייל האָט מען געשיקט אין די אַמוניציע־פאַבריקן אין ראַדאָם. אויך מיין ברודער משה איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין ראַדאָם. מיך האָט מען געשיקט אויף פעלד־אַרבעט. איך האָב געכאַפּט קלעפּ, ווייל איך בין געווען שוואַך צו אַזאַ קאַטאָרגע. דערנאָך האָט מען מיך געשיקט קיין ראַדאָם, דאָרט ווו דער ברודער האָט געאַרבעט. שפּעטער — קיין סקאַרזשיסק, האַסאַג ווערק א׳. דאָרט האָט אויך געאַרבעט מרדכי גאָלטשעווסקי (היינט אין תל־אביב). דערנאָך האָט מען מיך איבערגעשיקט אין טויטן־לאַגער „האַסאַג ווערק צ׳. דאָרט איז די לאַגע געווען זייער שלעכט. איך בין שוין געווען אַ „מוזלמאַן״. כ׳האָב נישט באַקומען קיין עסן, דערפאַר האָב איך יעדן טאָג באַקומען געשלאָגן פון די דייטשן און אוקראַאינער. מיך האָט מען געהאַלטן אויף דער שוואַרצער ליסטע צום שיסן, אָבער כ׳האָב זיך פון דעם אַרויסגעדרייט, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין דער פאַבריק. ווען איך

קום אין לאַגער — בין איך פאַרלוירן. אַ לאַנגע צייט האָב איך פאַרברענגט אין דער פאַבריק. עסן האָט מיר געגעבן אַ מייסטער, אַ גוטער פּאָליאַק וואָס האָט אויף מיר רחמנות געהאַט. איך בין שוין געווען געשוואָלן — די פיס, די הענט, דער גאַנצער קערפּער.

אַ צווייטן מאָל, בעת אַ סעלעקציע, האָט מען אויסגעקליבן מיך און נאָך אַ ייִנגל צום שיסן. נאָר אַ דייטשער מייסטער האָט מיך אָפּגעראַטעוועט, גענומען צו זיך אויף אַרבעט.

שפּעטער האָט מען מיך פאַרשיקט קיין ראַקאָוו ביי טשענסטאָכאָוו אין אַ געווער־פאַבריק. דאָרט האָט זיך די לאַגע פאַרבעסערט. דאָס עסן איז געווען בעסער און אויך די אַרבעט. די ייִדן און די ייִדישע פּאָליציי פֿלעגן העלפן דעם אַרבעטער.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ ייִדישן קאַפּאָ פון סקאַרזישסקער ווערק צ׳ — אייזנבערג. ער האָט אומגעבראַכט פיל מענטשן. געווען ערגער פון די דייטשן. בעת אַן אויסזידלונג האָט ער געהרגעט אַ מוטער מיט אַ טאָכטער. די מוטער איז אַלט געווען בערך 60 יאָר און די טאָכטער — 17 יאָר. מען האָט די מוטער באַשטימט צום שיסן. די טאָכטער איז געקומען זיך געזעגענען, איז דער קאַפּאָ זי באַפאַלן מיטן ראַפּניק און זיי ביידע דער־הרגעט.

*

פון האַסאַג האָט מען מיך איבערגעפירט קיין בוכנוואַלד. אין יענעם טויטן־לאַגער זענען מענטשן געפאַלן ווי די פליגן. איך האָב געהאַט מזל, מען האָט אויסגעקליבן קינדער אין מיין עלטער און אונדז געהאַלטן אין באַראַקן אַ פּאָר חדשים. מיר האָבן באַקומען בעסער עסן — מער ברויט און זופּ. דערנאָך האָט מען אונדז געשיקט אויף אַרבעט קיין קודליץ ביי לייפּציג. וויפל צייט איך האָב דאָרט געאַרבעט — געדענק איך נישט. פּלוצלינג האָט מען גענומען אונדז טרייבן צופוס גאַנצע נעכט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די קריג וועט זיך באַלד ענדיקן, ווייל איך האָב געזען אַז אויפן וועג שליסן זיך צו אונדז אָן אַ סך דייטשן וואָס באַהאַלטן זיך אַפילו צווישן די פּליכטלינגע. נישט געקוקט דערויף וואָס זייער סוף איז שוין געווען נאָענט, האָבן אָבער די וועכטער דערשאָסן יעדן וועלכער איז אַנטלאָפן.

צוויי עלטערע דייטשן וועלכע האָבן אונדז געהיטן, האָבן אויף מיר רחמנות געהאַט און אויסגעקליבן מיך מיט נאָך אַ ייִנגל צו שלעפּן זייער וועגעלע מיט זאַכן. דערפאַר האָבן מיר באַקומען פון זיי עסן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן שאול קירשנצווייג. ער איז געווען אַ האַלב־טויטער. איך האָב אים געטרייסט, אַז די קריג וועט זיך באַלד ענדיקן, געגעבן אים אַ ביסל עסן. ס׳האָט מיך זייער געפרייט אַז איך קאָן אים מיט עפּעס העלפן.

מיר זענען געקומען קיין טערעזיענשטאַט. דאָרט האָט מען אונדז עטלעכע טעג

געהאַלטן אין קאַראַנטין. דאָס עסן איז געווען בעסער, ווייל פאַר אונדז האָט געזאָרגט דער רויטער קרייץ און צוגעשטעלט די פּראָדוקטן.

ווען מיר זענען באַפרייט געוואָרן, זענען אָבער אַ סך מענטשן קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, ווייל זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן. אויך שאול קירשנצווייג איז געווען שווער קראַנק, מען האָט אים גענומען אין טערעזיענשטאָטער שפּיטאָל, ווו ר'איז דאָרט געווען אַ צייט — און געזונט געוואָרן.

פון טערעזיענשטאָט בין איך אַוועק קיין פּוילן זוכן מיין משפּחה, אָבער לײדער האָב איך פון מיין גרויסער משפּחה געפונען נאָר דעם ברודער משה (היינט אין קאַנאַדע), מיין קוזינע פייגעלע איידלבוים (קאַנאַדע) און דעם קוזין קובאלע (היינט אין רמת־גן).



# איינע געבליבן פון אַ גאַנצע משפחה

תמר קויפמאַן / קרית־מוצקין

א

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען אונדזער שטעטל, האָבן זיי באַשטימט דעם אַרטיקן פאָלקס־דייטש, אַ שטובן־מאָלער, אַלס אויפזעער איבער די יידן. ער האָט זיך אַרויס־געוויזן אַלס גרויסער סאַדיסט: געכאַפּט די פּשיטיקער יידן צו אַרבעט, זיי שרעקלעך געפּייניקט, געצווינגען צו באָדן זיך ווינטער אין טייך און פאַר דער מינדסטער „עבירה" דערשאָסן אויפן אָרט.

אַ געוויסן טאָג, זעט אויס ס'איז געווען אַ מסירה, איז צו אונדזער הויז צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט ס. ס.־מענער. זיי זענען גלייך צוגעגאַנגען צו דער דאָפּלטער וואַנט וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט באַלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה, דאָרט איז געווען באַהאַלטן די גאַנצע סחורה און אויפגענייטע אַנצוגער. זיי האָבן די וואַנט איינגעלייגט און צוגענומען אונדזער גאַנץ פאַרמעגן.

בעת דער אויסזידלונג פון שטעטל, זענען מיר מיט נאָך פּשיטיקער יידן אַוועק קיין סקאַרישעוו. פאַרן לעצטן ביסל האָב־און־גוטס וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט פון פּשיטיק, האָט מען זיך אויפן נייעם אָרט ווי ס'איז איינגעאָרדנט. דער פאָטער האָט זיך צוריק גענומען צו שניידעריי, אָבער שוין אָן געזעלן. איינער אַליין האָט ער געמוזט אויסאַרבעטן פּרנסה פאַר דער גאַנצער משפּחה. די פאַרטיקע אַנצוגער פלעגן פויערים קויפן ביי אונדז

אין געהיים — פאַר געלט אָדער פּראָדוקטן. אַזוי האָבן מיר געלעבט בערך אַ יאָר צייט, נישט שלעכט.

אין יאָר 1942 האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל, געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, אַרויסגענומען אַלע מענער און אויך מיין פאָטער מיטן גרויסן ייִדל גאָלדשעווסקי און זיי אַלעמען אַוועקגעשיקט אינעם אַרבעט־לאַגער קרושין. די משפּחה האָט מען אַ געוויסע צייט געלאָזט צורו, נאָר אין זעלבן יאָר האָט מען מיין מוטער מיט צוויי טעכטער און אַ זון געשיקט קיין שידלאָוויעץ. מיר האָבן געדונגען אַ דירה ביי אַן עלטערע ייִדישע פרוי און דאָרט געוווינט ביז די ימים־טובים.

אין האַרבסט האָבן די דייטשן ווידער געמאַכט אַן אַבלאַווע אין שטעטל. מען האָט געזאָגט, אַז נאָר פאַר יונגע מענטשן. כ׳בין שוין דעמאָלט געווען אַ דערוואַקסן מיידל, אויסגעזען ווי אַ 20־יאָריקע, האָט מיין מוטער מיך באַהאַלטן אין בעט, צוגעדעקט מיט די מאַטראַצן און געמיינט אַז מען וועט מיך נישט געפינען. די דייטשן האָבן געשטאָכן דאָס בעטצייג מיט באַגנעטן, אַראָפּגעוואָרפן אַלץ אויף דער ערד און מיך אַנטדעקט. זיי האָבן באַפוילן אַרויסצוגיין פון בעט, אַלס שטראָף נישט געלאָזט מיטנעמען מיט זיך קיין וואַרעמע בגדים, קיין עסן און אַפילו נישט געלאָזט זיך געזעגענען מיט מיין מוטער און שוועסטערס. איך האָב געהאַט מזל וואָס מיין מוטער האָט נאָך פאַרן באַהאַלטן מיך אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז אַ זעקעלע מיט געלט.

מיר, די געכאַפּטע, זענען געווען בערך אַ 70 יוגנטלעכע. מען האָט אונדז אַריינגעפּאַקט אין שטאָטישן אַרעסט און נאָך אין זעלבן אָוונט האָט מען אונדז צופוס געטריבן קיין סקאַרזשיסקאָ. אַהין זענען מיר אָנגעקומען אַרום 2 ביינאַכט. מ׳האָט אונדז גלייך גענומען אין באָד אַריין און דאָ האָבן מיר געזען אַז בערך אַ העלפט פון אונדז איז נישטאָ, זיי זענען אָפּגעשטאַנען אין וועג און מען האָט זיי אויפן אָרט דערשאָסן.

אין באָד האָט מען אונדז געטריבן נאַקעטע, מענער און פרויען צוזאַמען. ווען מיר זענען געקומען זיך אָנטאָן, האָבן מיר שוין גאָרנישט געטראָפן פון אונדזערע זאַכן, נישט קיין געלט אָדער צירונג. אַלץ האָבן זיי צוגענומען.

פאַרן אַריינגיין אין די באַראַקן, האָט מען אויסגעשטעלט די מענער און פרויען באַזונדער — צום אַפּעל. אַ דייטש, זעט אויס דער לאַגער־פירער, וועלכן מיר האָבן גערופן דער הויקער, און אַ ייִד אַלבערט, דער באַראַק־עלטסטער, האָבן אונדז אין דייטש און אין פּויליש געוואָרנט אַז מיר זאָלן אָפּהיטן די דיסציפּלין, איינער זאָל אַכטונג געבן אויף דעם אַנדערן מען זאָל נישט אַנטלויפן, ווייל מען וועט אַלעמען אויסשיסן.

צומאָרגנס נאָכן אַפּעל האָט מען אונדז אונטער אַ וואַך געפירט אין דער אַמוניציע־פאַבריק און יעדן צוגעטיילט זיין אַרבעט. מיר האָט מען געגעבן 4 מאַשינען צו קאָנטראָלירן די גילזן פון די קוילן. כ׳האָב געדאַרפט אָפּוואַרפן די בראַקירטע פּראָדוקציע

און די גוטע איבערלאָזן. אונדזער אָפּטיילונג האָט געהייסן „נייע קאַראַבינאָווקע״. די נאָרמע האָט מען געדאַרפֿט אויספֿירן במשך דער שיכט פֿון 12 שעה. איין וואָך בייטאָג און איין וואָך ביינאַכט. ווער ס'האָט נישט אויסגעפֿירט די נאָרמע, האָט נישט געקענט צוריקגיין אין באַראַק, נאָר געבליבן מיט דער צווייטער שיכט. צוליב דעם האָבן מיר געמוזט העלפֿן איינער דעם אַנדערן. (מיר האָט מען נישט געדאַרפֿט העלפֿן, פֿאַרקערט, איך האָב נאָך געהאָלפֿן אַנדערע).

מיטן עסן איז געווען ערגער. צוליב מיין פֿרומער דערציִונג (געלערנט אין אַ „בית־יעקב״ שול), האָב איך בשום אופֿן נישט געקענט נעמען אין מויל די 2 זופּן וואָס כ'האָב באַקומען טעגלעך. כ'האָב נאָר געגעסן די 200 גראַם ברויט מיט מאַרגאַרין אָדער מיט מאַרמעלאַדע. איך ווייס נישט ווי לאַנג כ'וואָלט אַזוי אויסגעהאַלטן, ווען נישט דאָס ביסל געלט וואָס מיר איז געלונגען אָפּצוראַטעווען און אַ דאַנק דעם האָב איך צוגעקויפֿט ברויט און קאַרטאָפֿל ביי די פּאָליאַקן וועלכע האָבן געאַרבעט אויף דער פֿאַבריק און געוווינט אויף דער פֿריי. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנץ פֿעסטער האַנדל. נאָר שלעכט איז געוואָרן, ווען עס האָט זיך געענדיקט דאָס געלט. צו מיין גליק האָב איך זיך דערוווּסט אין וועלכן לאַגער מיין פֿאָטער געפֿינט זיך און מיט דער הילף פֿון פּאָליאַק סטעמפּיען, אַ מאַשיניסט וואָס האָט געהאַט די קאָנטראָל איבער מיינע מאַשינען, האָב איך זיך פֿאַרבינדן מיט מיין פֿאָטער. ער האָט מיר געשיקט געלט, פּראָדוקטן און קליידער. עטלעכע מאָל האָט דער פֿאָטער מיר געבראַנגט זאַכן, ביז מען האָט דעם לאַגער ליקווידירט און די שקלאַפֿן־אַרבעטער איבערגעשיקט קיין שידלאָוויעץ. דאָך האָט ער דאָרט געלעבט פֿאַרהעלטניסמעסיק פֿריי, געאַרבעט און געהאַנדלט.

מיין פֿאָטער האָט מיך געוואָלט אַרויסנעמען (מיט דער הילף פֿון זעלבן סטעמפּיען) פֿון לאַגער קיין שידלאָוויעץ, אָדער ער זאָל קומען קיין סקאַרזשיסק. איך האָב נישט געוואָלט אַז דער פֿאָטער זאָל צוליב מיר אַוועק פֿון אַזאַ פֿריי לעבן אין דעם שווערן לאַגער אין סקאַרזשיסק. סטעמפּיען האָט מיר אַפֿילו געבראַנגט קליידער פֿון זיין פֿרוי און איר דאָקומענט — און נאָך דער אַרבעט בין איך אַריין אין קלאָזעט, זיך איבערגעטאָן און זיך אַריינגעשטעלט צווישן די פּוילישע פֿרויען וועלכע האָבן געוווינט אין שטאָט און שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין מיט זיי. אָבער צוקומענדיק צום טויער, האָט מיך עפּעס אַ געהיימער כּוח ווי אָפּגעשטויסן און כ'בין צוריק אַריין אין די רייען פֿון די יידישע פֿרויען און זיך אומגעקערט אין באַראַק. אַזוי האָב איך 2 מאָל געפּרוּווט — און זיך צוריקגעצויגן אין דער לעצטער מינוט. צום סוף האָב איך צוריקגעגעבן די קליידער און דעם דאָקומענט און געזאָגט דעם קריסט, אַז איך האָב נישט קיין מוט זיך אַרויסצוגנבענען. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן מיר באַקומען די שרעקלעכע ידיעה, אַז אַלע יידן פֿון שידלאָוויעץ, צוזאַמען מיטן פֿאָטער, זענען אָפּטראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין

טרעבלינקע. נאָך פריער האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט מיין מוטער, די שוועסטער און ברודער, און זיי אויך אומגעבראַכט. אַזוי בין איך געבליבן איינע אַליין פון מיין גאַנצער משפחה.

ב

דערנאָך האָט זיך מיין לאַגע שטאַרק פאַרערגערט. נישט געקוקט אויפן עקל, האָב איך אָנגעהויבן עסן אויך די טריפהנע זופּ. כ׳האָב בלויז די שטיקלעך פלייש געגעבן די חברטעס. כ׳האָב געפילט אַז די כוחות לאָזן זיך אויס, האָב איך אָנגעהויבן צופּאַרדינען נאָך דער נאַכט־שיכט און געוואַשן וועש פאַר דער יידישער פּאָליציי. דערפאַר באַקומען א שטיקל ברויט אָדער א ביסל זופּ. כ׳האָב אויך געריייניקט די מענער־באַראַקן. אַזוי האָב איך געהאַט עסן צו דער זעט. דאָס האָט מיך אָבער זייער אָפּגעשוואַכט. כ׳בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס, וועלכער האָט דעמאָלט געבושעוועט אין לאַגער. מ׳האָט מיך גענומען אין לאַגער־שפּיטאָל ווו כ׳בין געלעגן אָן באַוווסטזיין א 10 טעג. מיין לאַגע איז געווען האָפענונגסלאָז. מיין יונגער און געזונטער אָרגאַניזם האָט אָבער באַזיגט דעם טויט. ווען כ׳האָב געעפנט די אויגן, האָב איך געהערט ווי די קראַנקן־שוועסטער האָט געזאָגט צו דער אַנדערער: „זע, די כאַלערע לעבט נאָך״. כ׳בין געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ווען נישט די פשיטיקער מיידלעך וואָס זענען געווען מיט מיר צוזאַמען — פערל בוימאייל, פייגעלע הערש־לייב קצבס, פייגעניו שכנא דעם בעקערס, און זיי האָבן מיך ממש געפירט אונטער די הענט — וואָלט איך נישט איבערגעלעבט. זיי האָבן מיך געפירט צו דער אַרבעט, ווייל אין באַראַק איז געווען אַ גרויסע סכנה צו בלייבן. ביי דער אַרבעט האָט סטעמפּיען מיך געהייסן זיצן און וואַרעמען, בעת ער אַליין האָט פאַר מיר געאַרבעט, ביז מען האָט נישט באַמערקט אַריינקומען אַ דייטשן מייסטער. דאַקעגן ווען איך האָב זיך געוואָנדן צום יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט, דער ראַדאָמער ייד טעפּערמאַן, ער זאָל מיר געבן עפּעס אָנצוטאָן, ווייל איך בין אַרומגעגאַנגען אין שמאַטעס, האָט ער מיך געדולדיק אויסגעהערט און אַ זאָג געטאָן צום ריזיקן הונט וואָס איז געשטאַנען נעבן אים: „מענטש, כאַפּ דעם הונט און שלעפּ אים איבערן לאַגער״. ווען דער הונט איז צוגעשפּרונגען, מיך אומגעוואָרפן און אָנגעכאַפּט ביי די האָר, האָב איך פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. ווען כ׳האָב מיך אויפגעכאַפּט בין איך שוין געווען אין באַראַק. שפּעטער האָט דער סאַדיסט מיך אַריינגעפירט אין קליידער־מאַגאַזין און געהייסן אויסקלייבן וואָס מיר געפעלט.

ג

ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן ליקווידירן דעם לאַגער. קודם כל האָבן זיי ליקווידירט די יידישע פּאָליציי. צווישן זיי איז אויך געווען א פשיטיקער, וועלכער האָט ווי זיין קאָמענדאַנט, שרעקלעך זיך באַצויגן צו אונדז.

מען האַט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און אין מיטן נאַכט אויפגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג ווו מען פירט אונדז. ווען מען האָט אונדז גאָהייסן אויסשטייגן, איז שוין געווען טאָג. מיר האָבן געזען ייִדן זיך אַרומדרייען אויף דער גאַס. זיי האָבן געזאָגט, אַז מיר זענען אין טשענסטאָכאָוו, אין אַ פאַבריק־לאַגער. דאָ האָבן מיר געאַרבעט אין אַן אַמוניציע־פאַבריק, ביי די זעלבע מאַשינען און פּראָדוקציע ווי פריער. די באַדינגונגען זענען איצט געווען פיל בעסער. מיר האָבן יעדן טאָג באַקומען אַ האַלבן קילאָ ברויט, אַ געדיכטע זופּ פון קאַרטאָפל, וואָס גאַנצע דריי יאָר האָבן מיר אַזעלכעס נישט געזען. אויך דאָ האָב איך מיר זייטיק צופאַרדינט פון שיילן קאַרטאָפל אין קיך און זי אויפרוימען.

אַ געוויסן טאָג האָב איך דערפילט גרויסע שמערצן אין דער רעכטער האַנט. כ׳האָב אַפילו נישט געוווּסט פון וואַנען דאָס איז געקומען. כ׳האָב אַזוי געפּרוּווט ווייטער אַרבעטן, נישט געקוקט אויף די ווייטאָגן, נאָר ביינאַכט האָב איך פשוט געשריגן פון די יסורים. מיין דייטשער מייסטער, לעספּיטאַל, האָט מיט כוח מיך גענומען צום דאָקטער און אויפן וועג געזאָגט: „שוואַרצע, (אַזוי האָט ער מיך גערופן), האָסט שאַנסן צו בלייבן לעבן. ביסט נאָך יונג, אָט, אָט — און דו ווערסט באַפרייט. די רוסן זענען נאָענט”. ער האָט זיך זייער גוט צו מיר באַצויגן, אויך אַנדערע מיידלעך האָט ער געהאָלפן. יעדן טאָג האָט ער געבערענגט אַ פּעקעלע עסן און עס אַוועקגעלייגט אונטער דער מאַשין, אַלעמאָל פאַר אַן אַנדער מיידל. ער האָט דעם דאָקטער געזאָגט אַז ער וועט אַרבעטן ביי מיינע מאַשינען.

דער ייִדישער דאָקטער שפּערלינג האָט באַקוקט מיין האַנט. זי איז געווען אין גאַנצן רויט און אונטערן אָרעם איז געווען אַ געשווילעכץ — גרויס ווי אַן איי. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז איך האָב אַ גרויסע אינפעקציע און נאָר מיין געזונטער אָרגאַניזם קען מיך ראַטעווען פון אַ בלוט־פאַרגיפטונג. די האַנט מוז מען אָבער אַראָפּנעמען.

איך האָב געוווּסט אַז נאָכן אַמפּוטירן די האַנט, האָב איך נישט קיין שאַנסן צו לעבן, ווייל מען וואָלט מיך גלייך ליקווידירט. האָב איך טאַקע צו דעם נישט מסכים געווען און צוריק אַוועק צו דער אַרבעט.

די יסורים זענען אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז איין מאָל ביינאַכט בין איך אַראָפּ צום טויער און געבעטן דעם באַוואָפנטן דייטש ער זאָל מיך שיסן, ווייל איך קען שוין מער נישט אויסהאַלטן. אָבער אויך ער, ווי דער מייסטער, האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳איז אַ שאָד אַזאַ יונג מיידל זאָל שטאַרבן, די באַפרייונג איז נאָענט. צו מאָרגנס, קומענדיק צו דער אַרבעט, האָט מיך דער מייסטער ווידער געשיקט צום דאָקטער און ער איז געבליבן

אַרבעטן אויף מיין אָרט. דאָסמאָל האָב איך שוין מסכים געווען מען זאָל מיר אָראָפּנעמען די האַנט.

דער דאָקטער האָט מיך איינגעשלעפּט, געמאַכט אַן אָפּעראַציע, אַרויסגענומען אַ שטיק גילזע וואָס איז געזעסן אין פלייש — און די האַנט נישט אָראָפּגענומען.

אין שפּיטאָל בין איך געווען אַ פּאָר טעג, און דאָרט באַקומען אַ בריוול פון מיין דייטשן מייסטער, אַז איך זאָל גלייך פאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל, ווייל מאָרגן וועט זיין אַ סעלעקציע און ס'איז בעסער כ'זאָל זיין ביי דער אַרבעט. אַזוי אַרום בין איך ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. דעם 16טן יאַנואַר 1945 האָבן די רוסן אונדז באַפרייט.

קיין פּשיטיק האָב איך זיך נישט צוריקגעקערט, נאָר געבליבן אַרבעטן אין טשענס־טאָכאָוו, אין אַ רוסיש שפּיטאָל. דער הויפּט־כירורג, אַ ייד, איז אַזוי געווען צופרידן פון מיין אַרבעט, אַז ער האָט מיך געוואָלט מיטנעמען קיין רוסלאַנד. דערנאָך בין איך אַוועק קיין דייטשלאַנד, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע. אין 1946 האָב איך חתונה געהאַט מיט אַ פּשיטיקער, און מיר ביידע האָבן עולה געווען קיין ישראל.



# אין געטאָס און לאַגערן

ישראל לעווענטאַל / חיפה

**וועגן זיך און דער משפּחה**

דער ערשטער וויכטיקער לעבנס־שריט פון אַ יידיש קינד אין קליינעם שטעטל איז געווען — אין חדר. ביי 5 יאָר בין איך געגאַנגען אין חדר פון אַלטן מאַטיע מלמד, וועלכער איז געווען מיינער אַ קרוב. שפּעטער האָב איך געלערנט ביים קוויוער מלמד (מיטן צונאָמען „באַטשאַן"). נאָך שפּעטער — ביים בעסטן פּשיטיקער מלמד, מלך, ביי וועלכן עס האָבן געלערנט נאָך אַ 8—6 די בעסטע תלמידים פון שטעטל ווי: דעם רבס זון שלום ז"ל און יבדל לחיים שלום האַניג. איך האָב אויך געלערנט אין דער פאָלקס־שול ביזן 6טן קלאַס, ווען מיר זענען אַוועק קיין וואַרשע.

מיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ געשעפט אין צענטער שטאָט פון כל המינים סחורות, חוץ שפּייז. ביי אונדז איז אויך געווען צו באַקומען די גאַנצע יידישע און פּוילישע פּרעסע וועלכע איז דערשינען אין פּוילן. דערפאַר האָט אונדזער קראָם געדינט אַלס געזעלשאַפטלעכער טרעף־פּונקט פון כמעט אַלע משכילים און פּאַרטיי־טוער פון פּשיטיק. קויפנדיק די צייטונג, האָט מען שוין אויך דיסקוטירט און אַרומגערעדט אַלע וויכטיקע

ענינים פון שטעטל און פון דער וועלט־פּאָליטיק. איך האָב זיך מיט נייגיר צוגעהערט און אויך אָנטייל גענומען אין די דיסקוסיעס. אין אונדזער געשעפט האָט מען אָפט געקענט טרעפן: חיים־אהרון בערקאָוויש און די ברידער ריבאָ — פון די אַלגעמיינע ציוניסטן; יוסף־מאיר זוכהאָלץ ז״ל — פּרעזעס פון „מזרחי״; די טוערס פון „בונד״, בית״ר און קאָמוניסטן.

מיין פּאָטער איז געווען אָ טעטיקער עסקן אין „מזרחי״, אָ שטיק צייט געווען פּרעזעס. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט, מ׳קען זאָגן — געווען דער איניציאַטאָר ביים גרינדן די „תרבות״ שול אין פּשיטיק. פון זשיראַרדאָוו האָט מיין פּאָטער געבראַכט שמואל טיקאָטשינסקי — אָ לערער א תלמיד־חכם, וועלכן דער צ. ק. פון „מזרחי״ אין וואַרשע האָט רעקאָמענדירט. דער „מזרחי״ האָט געהאַט אַן אייגענעם לאָקאַל ווו מען האָט אויך געדאַוונט שבת און יום־טוב. מיין פּאָטער איז געווען בעל תפילה און בעל קורא. ראש־השנה און יום־כפור האָט ער געדאַוונט שחרית. מוסף פלעגט דאַווענען אָ פּשיטיקער אײדעם — חיים וואַפּעל ז״ל, אַ „זיידענער יונגערמאַנטשיק״, וועלכער פלעגט קומענדיק קיין פּשיטיק מהנה זיין די מתפּללים מיט זיין זיסער שטימע און ברענגען די נייעסטע ניגונים פון מאָדזשיצער רבין.

**מיין פּאָטער שרייבט אָ ספר-תורה**

מיין פּאָטער האָט אויך געהאַט אַ „האָבי״: געווען אָ סופר סת״ם, געשריבן מזוזות, מגילות. ער האָט געשטרעבט צו שרייבן אָ ספר־תורה פאַר דער „מזרחי״־שול. אַמאָל, ווען ער איז אַדמיניסטראַטיוו באַשטראָפט געוואָרן מיט 7 טעג אַרעסט אָדער געלט־שטראָף פאַרן עובר זיין אויף די טאַבאַק־מאָנאָפּאָל פאַרשריפטן, האָט ער צוליב דער שלעכטער צייט בעסער אויסגעוויילט צו זיצן. ער האָט מיט זיך מיטגענומען אין אַרעסט אָ שטיק האָלץ און מיט אָ טאַשן־מעסערל אויסגעשניצט (אין מיניאַטור) אָ מענטשלעכן אָרעם מיט אָ ווייז־פינגער, אויסגעהוילט אין דער מיטן — ממש אָ קונסט־ווערק. אגב, צוליב דער גרויסער פּראָטעקציע וואָס ער האָט געהאַט ביי די פּאָליציאַנטן וואָס זענען געווען זיינע קונים, האָט מען אים דערלויבט גיין אַהיים ביינאַכט שלאָפן. ער האָט דעמאָלט באַשלאָסן שרייבן אַליין אָ ספר־תורה און די שניצונג באַנוצן אַלס טייטל.

איך געדענק ווי היינט די גרויסע פרייד און פייערונג אין שטעטל ביים פירן די ספר־תורה פון אונדזער הויף אין שול: מוזיק, 12 רייטער אויף ווייסע פערד און אונטער אַ באַצירטער חופּה די הויפּט־מחותנים: דער רב, די שיינע בעלי־בתים, „מזרחי״־טוער, וואָס האָבן געטראָגן די ספר־תורה באַגלייט מיט טענץ און תפילות. די גוים האָבן געגאַפט און געפרעגט: „וועלכער גביר מאַכט חתונה?״ אַפילו די פּרייע יוגנט, וועלכע האָבן

נישט באַזוכט קיין בתי־תפילה, זענען געשטאַנען פוןביידע זייטן גאַס און מיט דרך־ארץ זיך צוגעקוקט צו דער פייערלעכקייט.

אָנפאַנג 30ער יאָרן איז מיין פאָטער אויסגעוויילט געוואָרן פון „מזרחי״ אַלס דאָזאָר אין דער יידישער קהילה.

נאָך די געשעענישן אין ארץ־ישראל אין 1929, האָט זיך ביי אונדז אין פשיטיק זייער פאַרשטאַרקט די רעוויזיאָניסטישע באַוועגונג. איך, ווי אויך אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט, זענען אַריינגעטראָטן אין בית״ר. פון די שיינע זכרונות פון דער באַוועגונג זענען ביי מיר פאַרבליבן די צוויי יערלעכע פייערונגען: כ׳ תמוז — אַן אַקאַדעמיע געווידמעט הערצלס יאָרצייט; י״א אדר — טרומפעלדאָרס יאָרצייט.

צוליב דער שווערער ווירטשאַפטלעכער לאַגע און אומאויפהערלעכע רדיפות אויפן יידישן סוחר און די הויכע שטייערן, האָבן מיינע עלטערן ליקווידירט דאָס געשעפט אין פשיטיק און מיר זענען אין יאָר 1935 אַריבער וווינען אין וואַרשע, מיין פאָטער האָט באַקומען אַרבעט אַלס בוכהאַלטער אין אַ גרויסער האַנדלס־פירמע, איך האָב געלערנט אין „תחכמוני״. אַזוי האָבן מיר געוווינט אין וואַרשע — ביזן אַנטשטיין פון געטאָ. נישט וועלנדיק אַריין אין געטאָ, זענען די עלטערן צוזאַמען מיט די קינדער צוריק קיין פשיטיק. איך בין דעמאָלט געווען אין אַ צוואַנגס־לאַגער אין ביאַלע־פאָדלאַסק. נאָכן באַפרייען מיך פון לאַגער, בין איך צוריק קיין וואַרשע און געוואָר וועדנדיק אַז די משפחה איז אַוועק קיין פשיטיק, בין איך צו זיי געפאָרן (אַלס באַפרייטער פון לאַגער האָב איך געהאָט אַ בילעט).

### דער גירוש פון פשיטיק

איך בין אָנגעקומען אין שטעטל אין נאָוועמבער און געטראָפן דאָרט אַ האָפענונגס־לאָזן צושטאַנד. יידן האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט און אָן פרנסה. נאָך פורים האָט מען באַפוילן צו פאַרלאָזן פשיטיק, ווייל די וועערמאַכט האָט אויף אַ ראַדיוס פון 30 קילאָמעטער געשאַפן אַ מיליטערישע לופט־באַזע מיט אַ פלאַץ פאַר שיס־איבונגען. יידן און קריסטן פון די אַרומיקע דערפער זענען עוואַקוירט געוואָרן, ווו יעדער האָט געוואָלט. אַנטשעדיקונג פאַרן איבערגעלאָזטן אומבאַוועגלעכן פאַרמעגן האָבן די דייטשן געצאָלט 100 זלאָטעס פאַר יעדן קאָפּ. אונדזער משפחה איז אַוועק קיין פשיסכע און געוווינט ביי מיין פאָטערס ברודער.

אין פשיסכע האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט. פון צייט צו צייט האָט דער יודענראַט געדאַרפט צושטעלן אַ געוויסן קאָנטיגענט יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט, זענען די ערשטע קרבנות געווען די פליטים, אַנגעפאַרענע פון דער אַרומיקער געגנט. מיך האָט מען צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון אַ 12 יידן געשיקט קיין דעמבלין, ווו מיר האָבן

געדאַרפט זיין אין אַ פאַרמאַכטן לאַגער. דעם ערשטן טאָג האָט מען אונדז רעגיסטרירט און דעם אַנדערן טאָג געשיקט אַרבעטן אין פעסטונג. אַזוי ווי איך האָב שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון לאַגער אין וואַרשע, האָב איך נישט געטראַכט קיין סך און מיט נאָך 3 חברה געמאַכט אַ ויברח. מיר זענען אַריין אין שטאָט, אינפאָרמירט זיך ווי אַזוי מען קען אַנקומען קיין ראַדאָם. מיר האָבן גערדאַרפט אַריבער די ווייסל, ווייל דורך דער בריק איז געווען אַ סכנה דורכצוגיין צוליב דער דייטשער קאָנטראָל. מיר האָבן געדונגען אַ פישער, וועלכער האָט אונדז אין אַ לאָדקע אַריבערגעפירט אויפן צווייטן ברעג. מיר זענען אַריין קיין זוואָלין צו מיינעם אַ פעטער, נטע לינדענבערג, און מיט זיין הילף זענען מיר אויף אַ פערד־און־וואָגן געפאָרן קיין ראַדאָם. דאָרט זענען מיר זיך צעגאַנגען יעדער צו זיינע קרובים. איך האָב איבערגענעכטיקט ביי מיינעם אַ פעטער און צו מאָרגנס בין איך צוריק געפאָרן קיין פשיסכע.

אויפן וועג בין איך אַדורכגעפאָרן אַ קליין שטעטל וואָלאַנאָוו. דאָס שטעטל איז מיר געפעלן, איינגאַנצן אַ 12 קילאָמעטער פון ראַדאָם, בסך־הכל אַ 40—50 יידישע משפחות, נאָענט פון אַ פאָלוואַרק וווּ ס'האָט זיך געפונען די דייטשע מיליטערישע קאָמענדאַטור. צוויי קילאָמעטער ווייטער איז געווען די באַזע פון דער צווייטער לופט־וואָפע. מיר איז געפעלן דער פאַקט, אַז מ'קען אַרבעטן און פאַרדינען אין דעם פאָלוואַרק.

## אין אַ לאַגער — אַ פאָלוואַרק

באַלד נאָך מיין אָנקומען, האָב איך פאַרגעלייגט מיינע עלטערן אַז מיר זאָלן אַריבער קיין וואָלאַנאָוו. צו ערשט בין איך אַוועק מיטן יונגערן ברודער מאיר אַרבעטן אין פאָלוואַרק. ווען מיר האָבן שוין געהאַט גרייט אַ דירה פאַר די משפחה, האָבן מיר זיי אַראָפּגעברענגט. מיר האָבן האָבן דאָרט געלעבט נישט שלעכט, ווייל מיר האָבן גאַנץ גוט פאַרדינט ביי די פאַרשידענע בוי־און פעלד־אַרבעטן.

אַזוי האָט עס געדויערט ביזן יאָר 1942. דעמאָלט איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע יידן פון גענעראַל־גוווערנעמענט מוזן אַריין אין איינעם פון די 4 געטאָס וועלכע זענען דאָרט געשאַפן געוואָרן, אָדער אין פאַרמאַכטע אַרבעט־לאַגערן. פאַר אונדז איז באַשטימט געוואָרן דאָס שידלאָוויצער געטאָ. מיר האָבן אויסגעוויילט דעם וואָלאַנאָווער פאָלוואַרק, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַרמאַכטן אַרבעט־לאַגער. מיט אונדז זענען דאָרט געווען נאָך אַ 20 יידן, משפחות און איינצלנע.

אין דער זעלבער צייט זענען אַלע מענטשן געשלאָפן אויף אַ בוידעם פון אַ גרויסער שטאַל. שפעטער האָט דער עקאָנאָם פון פאָלוואַרק געגעבן מאַטעריאַל און אין די פרייע צייט (שבת אַ האַלבן טאָג און זונטיק) האָבן מיר אויפגעבויט אַ ריזיקן באַראַק, וועלכן

מיר האָבן צעטיילט: דעם גרעסערן טייל פאַר משפחות, און 2 צימערן — איינעם פאַר יינגלעך און דעם צווייטן פאַר מיידלעך.

געאַרבעט האָבן מיר אין פּאַלוואַרק אין דרויסן און אויף די פעלדער. זונטיק האָבן מיר געקענט גיין באַזוכן אונדזערע קרובים אין וואָלאַנאָוו, אינעם מיליטערישן אַרבעט־לאַגער, באַגלייט פון אַ באַוואָפנטן פאָלקס־דייטש, נישט כדי מיר זאָלן נישט אַנטלויפן, נאָר מען זאָל אונדז נישט טשעפּען אויפן וועג. אונדזער אַרבעט־לייטער איז געווען דער פאָלקס־דייטש פראַנץ נעדלער. ער האָט זיך צו אונדז גוט באַצויגן.

נישט געקוקט דאַרויף וואָס מיר האָבן געהאַט צו עסן, אי פּראָדוקטן פון דער דייטשער בוי־פירמע „יעניקע", אי פונעם עקאָנאָם פאַר דער פעלד־אַרבעט, ווי אויך ברויט און קאַרטאָפל אָן באַגרעניצונג, האָט מיין פאָטער דאָך נישט געוואָלט בלייבן אין פּאַלוואַרק, נאָר דווקא צווישן יידן אין געטאָ. ווען מען האָט דורכגעפירט אַ סעלעקציע פון נישט פּראָדוקטיווע אין פּאַלוואַרק, האָט מען מיין פאָטער, מוטער און 2 שוועסטערן אַריבערגעפירט אינעם שידלאָווצער געטאָ. איך מיטן ברודער זענען ווייטער געבליבן אַרבעטן אין פּאַלוואַרק.

מיר האָבן אָבער שטאַרק געוואָלט צוריקבאַרענגען אונדזער משפחה, זענען מיר איין מאָל אַ זונטיק צוגעפאָרן מיט אַ פורל, באַגלייט פון אַ פאָלקס־דייטש, צום שידלאָווצער געטאָ און אַרויסגענומען דעם פאָטער. צוליבן מאַנגל אין אָרט האָבן מיר נישט געקענט נעמען די גאַנצע משפחה. די מוטער און 2 שוועסטערלעך זענען געבליבן אין געטאָ. נאָך אַ געוויסער צייט איז מיין ברודער געפאָרן נאָכאַמאָל ברענגען די מוטער און די שוועסטער, אָבער ער האָט פונקט אָנגעטראָפן אויף דער ליקווידאַציע פון געטאָ. ווען נישט דער פאָלקס־דייטש וועלכער האָט אים באַגלייט, וואָלט מען אים אַוועקגעשיקט מיט אַלע קיין טרעבלינקע.

מיין פאָטער האָט אין פּאַלוואַרק נישט געאַרבעט. עס האָט געהייסן אַז ער איז אַ גלעזער, און מיר,ביידע זין, האָבן אים געדעקט. מיטן דערנענטערן זיך פון די ימים־נוראים, האָט ער ווידער אָנגעהויבן פאָדערן אַז מען זאָל אים שיקן קיין פּשיסכע ווו עס זענען נאָך געווען אַ ביסל יידן. ער האָט זיך פרייוויליק געמאָלדן צו זייער אַ שווערער אַרבעט וואָס מען האָט געדאַרפט אויספירן אין פּשיסכע. האָט מען אים געשיקט אַהין. ער איז דאָרט געבליבן און אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע פּשיסכער יידן.

## שקלאַפן-אַרבעט אין אַמוניציע פאַבריקן

ווען מיר האָבן געענדיקט די בוי־אַרבעטן אין דער פירמע „יעניקע", זענען אַלע אַריבער אין וואָלאַנאָווער מיליטערישן לאַגער. אין פּאַלוואַרק זענען געבליבן נאָר די פעלד־אַרבעטער. אין 1943 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז יידן טאָרן נישט זיין באַשעפטיקט ביי קיין

שום אַרבעטן, נאָר ביי דער קריגס־אינדוסטריע. מען האָט אונדז דערפאַר איבערגעפירט אין פאַרשידענע אַרבעט־לאַגערן פון דער קריגס-אינדוסטריע — קיין סקאַרזשיסקאָ, סטראַ־כאָוויצע און אָסטראָוויעץ, ווו עס זענען געווען די „הערמאַן־גערינג ווערקע". מיך האָט מען צעשיידט פון מיינע ברידער. איינעם האָט מען געשיקט קיין בליזשין, מאירן — קיין אָסטראָוויעץ און מיך קיין סטראַכאָוויעץ. צוליב די שווערע באַדינגונגען אין סטראַכאָוויצער לאַגער, בין איך פון דאָרט אַנטלאָפן קיין אָסטראָוויעץ, ווו ס'איז געווען מיין ברודער. קומענדיק אָבער אַהין, האָב איך זיך דערוווּסט אַז מען האָט אים גאָר איבערגעשיקט צו מיר קיין סטראַכאָוויעץ.

אין אָסטראָוויעץ בין איך געווען, ביז די רוסן האָבן זיך דערנענטערט קיין וואַרשע און ס'איז דאָרט אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד. דעמאָלט האָט מען ליקווידירט אַלע לאַגערן און די מענטשן געשיקט קיין אוישוויץ. דאָרט האָב איך געאַרבעט אין בונאַ־ווערק. שפּעטער האָט מען אַהין געברענגט מיין ברודער מאיר. ער האָט דערציילט, אַז דער יונגערער ברודער געפינט זיך אויך אין אוישוויץ, אין אַ קינדער־בריגאַדע. דעם 18טן יאַנואַר 1945 האָט מען אונדז עוואַקויִרט פון אוישוויץ. דעם 20סטן, ווען מיר זענען פאַרביי געגאַנגען די שטאָט גליוויץ, זענען אונדזערע היטער כמעט זיך צעלאָפן. מיר זענען אַוועק ווער אין שטאָט, ווער אין די וועלדער.

**די באַפרייונג**

דעם 27סטן זענען די רוסן אַריין אין שטאָט און מיר זענען באַפרייט געוואָרן. איך בין צופוס אַוועק קיין טשענסטאָכאָוו און פון דאָרט קיין ראַדאָם. נאָכן דערמאָרדן אַ ייִדישן קאַפּיטאַן פון דער רויטער אַרמיי און אַ ייִדיש פּאָרפאָלק, בין איך אַוועק קיין לאָדזש, פון דאָרט בין איך ווידער אַוועק קיין זאַבזשע ,הינדענבורג) און דערנאָך קיין זאַלצהיים, אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. גלייך נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה בין איך געקומען קיין ישראל.



# דער ערשטער קרבן פון די דייטשע רציחות

לאַלאַ באַסאָוו / חיפה

איך בין אַ געבוירענע אין וואַרשע. בעת די שול־פּעריען בין איך געקומען קיין פּשיטיק, צו מיינע זיידע־באָבע חנה און ישראל קוראַנט. דאָרט האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין צוקונפטיקן מאַן שלמה־מאיר ברויטמאַן. ער איז געווען פון אַ רייכער משפּחה, פאַרמאָגט אַ מיל און אַנדערע גיטער. נאָך די געשעענישן אין יאָר 1936, וועלכע כ'האָב

דורכגעלעבט ביי מיינע זיידע־באָבע אין סאַמע צענטער מאַרק ווו דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן, איז געקומען אין גמינה אַ יידישער פאַבריקאַנט פון לאָדזש און גענומען פּשיטיקער יידישע מיידלעך, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אין שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, צו זיין באַשעפטיקט אין זיינע צאָלרייכע קיאָסקן אין לאָדזש. איך, צוזאַמען מיט נאָך אַ 6—5 מיידלעך, זענען אַוועק קיין לאָדזש און האָב דאָרט געאַרבעט אין אַ צוקערניע אַלס קאַסירערין. נאָך אַנדערהאַלבן יאָר בין איך צוריק געקומען קיין פּשיטיק און אין פעברואַר 1939 חתונה געהאַט.

*

בעתן אויסברוך פון קריג, בין איך געווען ביי מיינע עלטערן אין וואַרשע. איך האָב זיך באַלד צוריק געקערט קיין פּשיטיק. אין שטעטל האָט געהערשט אַ פּאַניק, איבערהויפּט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן פּאַקן און זיך געלאָזט אויף מזרח.

אַמאָל ביינאַכט האָט ביי מיר אָנגעקלאַפּט אין דער וווינונג דער פּשיטיקער פּאָליציי־קאָמענדאַנט. ער האָט געפרעגט צי איך קען אויפנעמען אויף נאַכטלעגער 2 פרויען פון פּוילישע גענעראַלן וועלכע זענען מיט אַן אייגענעם אויטאָ און אַ שאָפער געלאָפן, ווי אַלע פּליטים, אויף מזרח. כ׳האָב זיי אַריינגעלאָזט און אין דער פרי האָבן זיי מיך געפרעגט צי איך מיט מיין מאַן ווילן מיט זיי מיטפאָרן. זיי זענען געווען זיכער, אַז די קריג וועט זיך שנעל ענדיקן מיט אַ זיג פון פּוילן און זיי וועלן זיך טרעפן מיט זייערע מענער אין בערלין.

דעם 9טן סעפּטעמבער זענען די דייטשן אַריין קיין פּשיטיק. זייער ערשטער באַרבאַ־רישער אַקט איז געווען דאָס אונטערצינדן די שול און דאָס בית־המדרש. זיי האָבן געכאַפּט מענטשן צו פאַריכטן די בריקן וועלכע דאָס פּוילישע מיליטער האָט אויפגעריסן ביים אָפּטרעטן.

צום־גדליהו, באַלד אין דער פרי, איז געקומען אונדזער שותף פון דער מיל, יוסף לענגער און געזאָגט, אַז מיין מאַן זאָל מיט אים גיין אין מיל אַריין, ווו מען וועט קענען זיך אויסבאַהאַלטן, ווייל דאָרט כאַפּט מען נישט צו דער אַרבעט. אויפן וועג האָבן זיי באַמערקט אַ גרופּע דייטשן קומען זיי אַקעגן. מיין מאַן איז גלייך אַריין אין אַ קליין געסל ווו ער האָט געוואָלט זיך באַהאַלטן. ווי עס האָבן איבערגעגעבן עדי ראיה, האָט דער זון פונעם פאָלקס־דייטש ראַפּקע, וועלכער איז דורך די דייטשן באַשטימט געוואָרן אַלס פאַרוואַלטער פון אונדזער מיל, אָנגעוויזן אויף מיין מאַן און אויסגערופן: „דאָס איז דער רייכער יודע ברויטמאַן״. אַ דייטש האָט גלייך אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אים דערשאָסן אויפן אָרט. אַזוי איז מיין מאַן געווען דער ערשטער קרבן אין פּשיטיק.

אַזוי ווי איך האָב דעמאָלט געשוואַנגערט, האָט מען מיר נישט געוואָלט איבערגעבן די טרויעריקע בשורה, נאָר בלויז געזאָגט, אַז מיין מאַן איז פאַרוואונדעט. מיין שוויגער האָט

מיד נישט געלאָזט צוגיין זען דעם מאַן — און מען האָט אים קובר געווען נעבן זיין פאָטער.

ווען מיין מוטער האָט געהערט וועגן גרויסן אומגליק וואָס האָט מיך געטראָפן, איז זי געקומען פון וואַרשע און מיך גענומען צו זיך. מיין קינד איז געבוירן געוואָרן אין וואַרשע און באַקומען אַ נאָמען נאָך זיין פאָטער.

★

צוליבן גרויסן הונגער וואָס האָט געהערשט אין וואַרשעווער געטאָ, בין איך צוריק קיין פשיטיק צו מיין באָבען. דעם זיידן האָבן די דייטשן שוין געהאַט דערמאָרדעט, איך בין דאָ געווען, ביז מען האָט אַלע יידן אויסגעזידלט. איך מיט דער באָבע מיטן קינד זענען אוועק קיין ביאַלאָבזשעג. פון דאָרט האָט אַ פשיטיקער באַקאַנטער קריסט מיך צוריק אַריינגעפירט אין וואַרשעווער געטאָ, צו מיינע עלטערן. שפּעטער האָט מען מיין מוטער מיטן שטיף־פאָטער אַוועקגענומען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ און איך בין געבליבן נאָר מיטן קינד. אַ דאַנק באַקאַנטע, בין איך אַריין אַרבעטן אין אַ „שאָפּ" אויף זאַמענהאָף. נאָך אַן אַלגעמיינע סעלעקציע אין „שאָפּ", האָט מען אין אונדזער אָפּוועזנהייט צוגענומען אַלע קליינע קינדער. ווען מיר זענען געקומען אַהיים, האָבן מיר שוין קיין קינדער נישט געטראָפן. כ'בין געבליבן עלנט ווי אַ שטיין.

איך בין שוין מער נישט געגאַנגען אַרבעטן אין שאָפּ און פאַרלוירן די עקזיסטענץ־רעכט. צוזאַמען מיט אַנדערע, אַזוי גערופענע „דזשיקע" („ווילדע") מיידלעך, האָב איך זיך אָנגעהויבן אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן גענומען גרייטן אַ בונקער אויף קופּיעצקע גאַס. ווען ס'איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן מיר זיך דאָרט באַהאַלטן אַ 16 מענטשן. נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד, האָט איינער אָנגעקלאַפּט ביי אונדזער בונקער און געזאָגט: „כ'בין אַ ייד, עפנט אויף און גיט מיר אַ ביסל וואַסער". ווי נאָר מיר האָבן געעפנט דעם בונקער, זענען אַריין באַוואָפנטע ס.ס.־לייט און באַפוילן אַז אַלע זאָלן אַרויס מיט אויפגעהויבענע הענט. מיר זענען אַרויס, נאָר איין מיידל, לידא מאַקאַטאָווא, האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסגיין, הגם די דייטשן האָבן איר פאַרזיכערט אַז מען נעמט אַלע אויף אַרבעט. זי האָט געזאָגט: „פאַר די דייטשן וויל איך נישט אַרבעטן". מען האָט זי מיט איין שאָס אַוועקגעלייגט פאַר אונדזערע אויגן.

אונדז האָט מען אַוועקגעטריבן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, ווו מען האָט אין שרעקלעכע באַדינגונגען און פּייניקונגען געהאַלטן אונדז 3 טעג. דערנאָך, מיט קלעפּ און זידלערייען, האָט מען אונדז אַריינגעפּאַקט אין פאַרמאַכטע וואַגאָנען און אַוועקגעפירט קיין מיידאַנעק. אויפן וועג זענען 2 פרויען מיט אַ קינד אַרויסגעשפּרונגען פונעם לויפנדיקן צוג, נאָכן איבערזעגן די קראַטן פונעם פענצטערל. מיט איינער האָב איך זיך דערנאָך געטראָפן אין

דייטשלאַנד נאָך דער באַפרייונג. זי האָט איבערגעלעבט דעם קריג, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די וועלדער.

נאָך עטלעכע וואָכן האָט מען אונדז פון מיידאַנעק איבערגעפירט קיין אוישוויץ. דאָרט בין איך געווען ביזן 18טן יאַנואַר 1943. פון אוישוויץ האָט מען אונדז צופוס אַוועקגעפירט אין די גרעסטע פרעסט קיין ראַווענסברוק. אויפן וועג זענען כמעט אַ העלפט אומגעקומען. פון דאָרט האָט מען אונדז טראַנספאָרטירט אינעם טויטן־לאַגער מאַלהויף, דערנאָך — קיין טאוכא נעבן לייפּציג. פון דאָרט האָט מען אונדז, לרוב ביינאַכט, געפירט צופוס, אונטער אַ שטרענגע וואַך, סתם אָן אַ ציל. באַפרייט האָבן אונדז די ענגלענדער דעם 28סטן אַפּריל 1945, אינעם שטעטל ווערמסדאָרף.



# אין אוישוויץ האָט מען נאָר געוואַרט אויפן טויט...

לייביש פרידמאַן / תל־אביב

נאָך פאַרן פּאָגראָם, אין מערץ 1936, איז מיין טאַטע געשטאָרבן פון אַ טיפוס. מיר זענען געבליבן פיר קינדער מיט דער מאַמען. מיין מאַמע האָט געהייסן דבורה, דער ברודער שמואל־הערצקע, די שוועסטער — חנה און שיפרה.

ביז צום אויסברוך פון דער מלחמה, אין 1939, זענען מיר געווען אין פשיטיק. נאָכן אויסברוך פונעם קריג האָט מען אונדז פאַרשיקט קיין פשיסכע, ווו מיר זענען געווען ביזן אַרויסשיקן אונדז קיין טרעבלינקע. איך מיט מיין ברודער און די קאַלטאַנעס און נאָך פשיטיקער, זענען פאַרן ליקווידירן פשיסכע אַוועק פון דאָרטן ביינאַכט. מיר זענען דורך אַ בית־עולם, ווייל די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט פון פּאָליציי. צוזאַמענגעבן האָט מען אַלעמען אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע.

מער האָב איך מיין מאַמען און מיינע שוועסטער נישט געזען. אַלע פשיטיקער וואָס זענען אַנטלאָפן, האָבן זיך אַרומגעדרייט אַ לאַנגע צייט אין די וועלדער. מיר האָבן געהאַט מורא אַרויסצוגיין פון וואַלד — פאַר די דייטשן און פאַר די פּאָליאַקן. אַז מיר האָבן געזען אַז ביי די באַדינגונגען וועלן מיר מער נישט אויסהאַלטן, זענען מיר אַוועק קיין וואָלאַנאָוו.



קיין וואָלאַנאָוו זענען מיר אָנגעקומען ביינאַכט. אין דעם לאַגער איז דאַן אָנגעקומען אַ גרעסערער טראַנספּאָרט פון שידלאָווצע און דערפאַר האָבן מיר געקענט זיך איינמעלדן.

אַ פשיטיקער פּאָליציאַנט האָט אונדז געגעבן אין גרויסן באַראַק אַ צימער, ווו איך מיט מיין ברודער האָבן געוווינט צוזאַמען מיט די קאַלטענעס. שפּעטער זענען בייניש און גדליה אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער.

איין מאָל, אין אַ זונטיק, האָט מען אַלע מענטשן אַרויסגענומען און אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי. איך בין געשטאַנען מיט מיין ברודער שמואל־הערצקע און מיט הערש־מאָטיע. די דייטשן זענען געגאַנגען פאַרביי אונדז. זיי האָבן אַרויסגענומען פון דער ריי אַ פאָטער מיט צוויי זין, דערנאָך אַנדערע. אַזוי האָבן זיי אַרויסגענומען ביז הונדערט מאַן און זיי אַלעמען אויסגעשאָסן.

אין לאַגער האָבן מיר געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן. דערנאָך בין איך קראַנק געוואָרן און באַקומען 40 גראַד היץ. איך בין שוין דעם טאָג נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט און געבליבן אין באַראַק. דעם טאָג זענען אַריינגעקומען די עס. עס. ימח שמם, און האָבן אַרויסגעטריבן אַלעמען פון באַראַק. איך בין געבליבן ליגן אויפן בעט צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע. אָבער זיי זענען צו מיר אין צימער נישט אַריין. אַלע קראַנקע, וועלכע זיי האָבן צוגענומען האָבן זיי דערשאָסן, צוזאַמען מיט דעם קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי. שפּעטער האָבן זיי געהייסן אַ פּאָר מענטשן באַגראָבן די געשאָסענע. אויך איך האָב געמוזט קראַנקערהייט העלפן זיי באַגראָבן.

ווען מיין ברודער צוזאַמען מיט די אַנדערע איז געקומען פון דער אַרבעט, איז ער געלאָפן מיך זוכן אין צימער, ווייל ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט אַלע קראַנקע אויסגעשאָסן. ווען ער האָט מיך נישט געטראָפן, איז ער געגאַנגען מיך זוכן צווישן די טויטע און דערזען ווי איך שטיי נעבן דעם געשאָסענעם קאָמענדאַנט. מיין ברודער מיט די קאָלטענעס האָבן זיך דערפרייט און מיך אַרומגעכאַפּט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז מען האָט מיך אויך דערשאָסן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן די דייטשן אויסגעקליבן צען מאַן. איך בין געווען צווישן זיי. איז מיין ברודער מיט נאָך פשיטיקער געגאַנגען צום ד״ר פשיטיצקי ער זאָל עפּעס העלפן. אַלע צען מאַן האָט מען געשיקט קיין ראַדאָם אין געטאָ. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל זיך שוין מיט מיין ברודער מער נישט זען. אָבער אין אַ צייט אַרום איז געקומען אין געטאָ אברהם פינט. כאָטש ער האָט אויסגעזען קוים צו דער־קענען, האָב איך אים דערקענט און בין צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיין ברודער געפינט זיך אין דער „וויטוורניע״. האָב איך באַקומען אַ פּאַס און געפאָרן צו מיין ברודער. איך האָב פאַר אים מיטגענומען ברויט. מיין ברודער האָט געמיינט, אַז איך לעב שוין נישט, אַז מען האָט אונדז דעמאָלט אַלע צען גענומען צום דערשיסן. מער האָב איך זיך מיט מיין ברודער נישט געזען.

פון ראַדאָם האָט מען אונדז אַלע געשיקט קיין אָסטראָווצע. דאָרט האָבן מיר אויך געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן, ביז עס זענען געקומען די פּאַרטיזאַנער און אויסגעשאָסן אַלע אוקראַינער וואָס האָבן אונדז געהיטן. אַ סך מענטשן זענען ביינאַכט אַרויס פון לאַגער און ווו איינער האָט געקענט, איז ער געלאָפן. אויך איך בין אַרויס. איך האָב געקלערט: ווו קען איך דאָ גיין? האָב איך באַשלאָסן גיין צוריק אין לאַגער.

צומאָרגנס איז אין לאַגער געקומען די .עס. עס. און מען האָט אונדז נישט געלאָזן גיין צו דער אַרבעט. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען די אַלע וואָס זענען פאַרבליבן אַרויסגענומען אויפן פּלאַץ און מען האָט אונדז באַוויזן אַלע מענטשן, וואָס זיי האָבן געכאַפּט און מיר האָבן געמוזט קוקן ווי מען שיסט זיי אויס.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אונדז איבערגעפירט אין לאַגער אוישוויץ. דאָרט האָט מען אונדז, אַלע צוויי טויזנט מאַן, אָוועקגעשטעלט ביים קרעמאַטאָריע־אויוון. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געהאַט אַ בריוו אַז מיר האָבן גוט געאַרבעט, איז געקומען אַ באַפעל אונדז נישט פאַרברענען. מען האָט פון בלאָק נומער 17 אַרויסגעשלעפּט צוויי טויזנט ציגיינער צום פאַרברענען און אונדז האָט מען אַריינגעפירט אין דעם בלאָק.

וואָס ס'איז געווען דער קאָנצענטראַציע־לאַגער אוישוויץ — איז דאָך יעדן באַקאַנט און איך דאַרף וועגן דעם נישט שרייבן. דאָרט האָט מען נאָר געוואַרט אויפן טויט.

אין אַ צייט אַרום האָט מען אונדז, אַ גרופּע יונגע, אָוועקגעפירט קיין פירסטענגרובע צו אַרבעטן אין די קוילנגרובן. דאָס איז געווען דער ערגסטער לאַגער. אַ סך האָבן געזאָגט, אַז ער איז ערגער פון אוישוויץ. אָפט זענען מענטשן געוואָרן פאַרשאָטן פון די קוילן.

פון לאַגער פירסטענגרובע האָט מען אונדז געשיקט קיין דאָראַ. אַ העלפט מענטשן זענען אויפן וועג אויסגעשטאָרבן און דערשאָסן געוואָרן. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט ביי בוי און אַמוניציע. איך בין געווען אין אַ בלאָק פון יוגנטלעכע. יעדן זונטיק האָט מען אונדז געפירט אויפן אַפּעל־פּלאַץ מיר זאָלן זען ווי מען הענגט אונדזערע יידן.

פון לאַגער דאָראַ האָט מען אונדז ווידער אַרויסגעפירט. מיר האָבן זיך אַזוי געשלעפּט צופוס און מיטן באַן צען טעג. מען האָט באָמבאַרדירט און די באַנען האָבן נישט געקענט פאָרן. פון אונדז איז געבליבן אפשר צוואָנציק פּראָצענט מענטשן. סוף כל סוף זענען מיר אָנגעקומען אין באַוווסטן לאַגער בערגען־בעלזען. דאָרט האָבן מיר נישט געאַרבעט, ווייל מיר זענען שוין נישט געווען פעיק צו קיין אַרבעט. אין בערגען־בעלזען זענען געווען פליכטלינגע פון פאַרשידענע פעלקער. קורץ פאַר דער באַפרייונג האָבן די דייטשן צוגעגרייט פאַר יעדן לאַגערניק אַ האַלב ברויט, ווייל זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין צייט אונדז אויסצוהרגענען. דער דייטשער דאָקטאָר קורסקי

האָט אונטערגעשריבן, אַז ער וועט צעטיילן דאָס ברויט פאַר אַלע העפטלינגע. ער האָט עס אונטערגעשריבן דעם 14טן ביינאַכט און דעם 15טן אַפּריל זענען אַריין די ענגלענדער און האָבן אונדז באַפרייט. דאַן האָט ד״ר קורסקי אויסגערופן, אַז מען זאָל נישט נעמען דאָס ברויט, ווייל עס איז פאַרסמט.

פון די צוואַנציק טויזנט מענטשן, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון בערגען־בעלזען, האָבן אַ סך נישט געקענט גיין. פיל מענטשן זענען געשטאָרבן. איך האָב נישט געקענט אַראָפּגיין פון בעט. מיינע חברים פלעגן מיר ברענגען דאָס עסן. די ענגלענדער האָבן געטיילט פעקלעך מיט גוטע זאַכן.

ווען איך בין באַפרייט געוואָרן, האָב איך ערשט דערזען אַז כ׳בין געבליבן אַליין פון מיין גאַנצער משפחה. איין מאָל איז איינער געקומען פון פעלדאַפינג און האָט מיר געזאָגט, אַז מיין ברודער געפינט זיך דאָרט צוזאַמען מיט די קאַלטענעס. איך בין נאָך געווען זייער שוואַך, קוים געגאַנגען אויף די פיס. מיט נאָך אַ חבר בין איך געפאָרן — דער חבר האָט מיך נישט געוואָלט אַליין לאָזן קיין פעלדאַפינג. מיר זענען געפאָרן צען טעג, ווייל די באַנען זענען געגאַנגען נישט גענוי. ווען איך בין שוין ענדלעך אָנגעקומען קיין פעלדאַפינג, האָב איך געטראָפן אַלע קאַלטענעס, אָבער מיין ברודער שמואל־הערצקע איז אין פוילן. איך האָב געוואַרט אַ לאַנגע צייט אין פעלדאַפינג, ברודער שמואל־הערצקע איז אין פוילן. איך האָב געוואַרט אַ לאַנגע צייט אין פעלאַפינג, ביז איך האָב געטראָפן מיין קוזינקע פייגע־חיה און זי האָט מיר געזאָגט, אַז מיין ברודער שמואל־הערצקע איז אין פוילן. איך האָב געוואַרט אַ לאַנגע צייט אין פעלדאַפינג, געפאָרן קיין בערגען־בעלזען, ווו איך בין געווען ביזן יאָר 1949 און פון דאָרט עולה געווען קיין ישראל.



# פשיטיקער יידן זענען געלאָפן קיין וויעזשביצע

חיה־שבע מאַלצמאַכער / ניו־יאָרק

איך, די טאָכטער פון יוסף האָבערמאַן, וויל זיך טיילן מיט אייניקע דערינערונגען וועגן די גרויליקע טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען מען האָט אונדז אַרויסגעיאָגט פון פשיטיק האָבן מיר זיך אַריבערגעצויגן אין אַ שטעטל נישט ווייט פון ראַדאָם, אין וויעזשביצע, ווו עס האָבן געוווינט סך־הכל

18 יידישע משפחות, נאָר פיל פּאָליאַקן. אין וויעזשביצע האָבן זיך געפונען נאָך יידישע משפחות פון פשיטיק.

מיין יינגערער ברודער ראובן איז געווען אַ קאָמאַשנשטעפּער. אַזוי ווי אין וויעזש־ביצע איז נישט געווען קיין קאָמאַשנשטעפּער, האָבן מיר געהאַט פּרנסה. מיין מאַמע חוה־לאה איז געשטאַנען גאַנצע טעג און געקאָכט פאַר אָרעמעלייט פון פשיטיק. זיי פלעגן בייטאָג ברענגען די טעפּלעך אויף וועטשערע און איך פלעג די טעפּלעך טראָגן צו זיי אַהיים. אַממערסטן האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט מענדל משהלעס טאָכטער צירל און אירע קינדער, ווייל איר מאַן איטשע באַנדי איז נישט געווען מיט זיי און איר פאָטער און שוועסטער מיט דער פאַמיליע זענען געווען אין אַן אַנדער שטעטל. זי איז געווען זייער קראַנק און מיין מאַמע האָט זיך מיט איר מיט אַפּגעגעבן ווי מיט אַן אייגן קינד, געקאָכט פאַר איר ספּעציעל עסן. זי איז געשטאָרבן אין אָנהויב 1942.

איידער צירל איז געשטאָרבן, האָבן מיר געשיקט אַ בריוו דורך אַ געלעגנהייט, ווייל מען האָט שוין נישט געטאָרט פריי זיך באַוועגן. מענדל איז געקומען און געווען ביי אונדז אַ פּאָר טעג. שפּעטער, נאָך צירלס טויט, האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט די קינדער. אויך די פאַמיליע ביי וועמען זי האָט געוווינט האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אירע קינדער.

פשיטיקער פלעגן זיין ביי אונדז גאַנצע וואָכן, אַפילו מאָנאַטן און מען האָט געזען, אַז זיי זאָלן זיין זאַט. מיין ברודער שאול איז געגאַנגען אין גאַס זען צי די דורכגייער ווייסן וווּ צו גיין עסן.

מיינע עלטערן און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס זענען געוואָרן אויסגעזידלט אין יאָר 1942 פון שידלאָווצע. דאָס איז געווען יום־כיפור. איך און מיינע צוויי ברידער זענען נאָך געבליבן אַרבעטן. שפּעטער האָט מען געכאַפּט מיין ברודער שאול און די דייטשן האָבן אים דערשאָסן אין וויעזשביצע אויפן בית־עולם. דאָס איז געווען דעם 15טן מאַי 1943. איך און מיין ברודער ראובן זענען געבליבן לעבן. ווי אַזוי מיר האָבן זיך אַריינגעשלעפּט קיין ראַדאָם אין געטאָ — ווייס איך אַליין נישט.

ביזן יאָר 1944 בין איך געווען מיט מיין ברודער צוזאַמען. איך האָב אים דאָס לעצטע מאָל געזען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אוישוויץ.



## אַ טראַגישער עפּיזאָד

שיינדל פײערמאַן (שוויצקי) / מעלבורן

ווען די היטלעריסטן ימח שמם זענען אַריינגעדרונגען אין יעדן ווינקעלע פון יידישן לעבן אין פּשיטיק, האָבן זיי גוזר געווען פאַרשידענע גזירות קעגן יידן. צווישן אַנדערע האָבן זיי דאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יידישע געשעפטן מוזן זיין אָפן אין שבת.

ישראל האָפמאַן ז״ל און זיין פרוי, די טאָכטער פון יעקב שוחט, האָבן נישט געקענט משלים זיין מיטן געדאַנק, אַז מען זאָל זיי צווינגען צו האַנדלען אין שבת. נאָר די גזירות פון די רוצחים האָט מען געמוזט אויספירן — האָבן זיי שבת, ווי יעדן טאָג, געעפנט גאַנץ פרי דאָס געוועלב און די גאַנצע משפחה איז אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג פון שטוב. דאָס געוועלב איז געווען אָפן אַזוי ווי די נאַציס האָבן געפאָדערט, אָבער קיינער פון דער פאַמיליע איז דאָרט נישט געווען...



## אין יענע פינצטערע טעג

ד״ר אינזש׳ שלום האָניג / פּאַר. שטאַטן

**א. „גאָט פון נקמה וועט אייך באַצאָלן״**

שמואל־דוד יואלס איז אַליין אין שטוב, ער לייענט אַ בוך. קיין אַרבעט איז נישטאָ. עטלעכע וואָכן זענען שוין אַדורך זינט די דייטשן זענען אַריין קיין פּשיטיק. די אַרמיי האָט אַויעקמאַרשירט ווייט, אָבער אויף זייער אָרט זענען געקומען דייטשע פּאָליציי און ס. ס.־לייט. די לאַגע ווערט פון טאָג צו טאָג ערגער, די צרות — גרעסער פון שעה צו שעה.

פּלוצלינג הערט מען שיסן. באַלד קומט צו לויפן שמואל־דודס מוטער און זאָגט: „גיי שמואל־דודל אַרויס אין מאַרק, זיי האָבן דערשאָסן שלמה־מאיר ברויטמאַן און באַפוילן אַז אַלע מענער זאָלן זיך צושטעלן אויפן מאַרק״. שמואל־דוד זעט די טרערן און די שרעק פון זיין מוטער — און גייט אַרויס.

אויפן מאַרק שטייען שוין אַ סך מענער, באַוואָפנטע דייטשן שלעפּן אַרויס אין גאַס אַלץ מער און מער יידן. איינער פון די דייטשן גיט אַ צייכן און באַפעלט: „גענוג!״ „מאַכט אַ קרייז, פערפלוכטע יודען״ — קאָמאַנדעוועט דער פּשיטיקער שטובן־מאָלער דער פאָלקס־דייטש. אייניקע יידן ווערן מערדערלעך צעשלאָגן אין מיטן קרייז, כדי אַלע זאָלן זען.

דער פֿאַרעטערישער שטובן־מאָלער האָט געוווינט אין פּשיטיק נאָך פֿאַרן קריג. ער פֿלעגט מאָלעווען די יידישע הייזער ערב די ימים־טובים. איצט איז ער ממש אַרויס פֿון די כלים צו באַווייזן דער דייטשער מאַכט אַז וואָס שייך רשעות, פּייניקן און אָנטאָן צרות די יידן — מעג מען זיך אויף אים פֿאַרלאָזן. פֿאַר דער מלחמה האָט מען קוים פֿון אים געהערט. ווען אָבער די דייטשן האָבן אָפּגעהאַלטן איין זיג נאָכן אַנדערן און אָקופּירט פּוילן, האָבן אַזעלכע נידעריקע ברואים ווי דער מאָלער דערשפּירט אַז זייער צייט איז געקומען.

דער סאַדיסט האָט איינגעטיילט די מענער אין עטלעכע גרופּן. יעדע גרופּע האָט מען געפֿירט צו שווערע אַרבעט אויף אַן אַנדער אָרט. די אַרבעט איז בכלל נישט געווען נייטיק, נאָר סתם אַזוי, אַבי צו פּייניקן און דערנידעריקן די יידן.

שמואל־דוד יואלס איז אַוועק מיט זיין גרופּע צו אברהמטשעס הויז, ביי דער שול. דאָרט האָט מען זיי געצווינגען אַוועקצושלעפּן שווערע מעבל פֿון אברהמטשעס הויז ביז צו דער פֿייערלעשער־רעמיזע.

נאָכן פֿאַרטיק ווערן מיט די עבודת הפּרך, ווען ס׳איז שוין געוואָרן טונקל, איז פֿאַר דעם אויסוווּרף נאָך אַלץ נישט געווען גענוג. ער האָט ווייטער אָנגעטאָן די יידן פֿאַרשידענע צרות. נישט ווייט פֿון דער פֿאַרברענטער ראַדאָמער בריק האָט ער קאָמאַנדעוועט די יידן צו לייגן זיך מיטן פּנים צו דער ערד, לויפֿן, שפּרינגען. אין אַלעמענס זכרון איז נאָך פֿריש געווען דער טיפֿער איינדרוק פֿון שלמה־מאיר ברויטמאַנס טויט, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן דורך אַ דייטש, ווייל ער האָט געוואגט עפּעס צוריק ענטפֿערן. און דאָ קאָמאַנדעוועט דער מאָלער ווי אין אַן אָנפֿאַל פֿון שגעון: „נידערקניען! אויפֿשטיין! לויפֿן! שטיין” מען מוז פֿאָלגן. מען וואגט נישט זיך קעגנצושטעלן.

פֿלוצלינג איז דער רשע מיד געוואָרן און ער האָט באַפֿוילן אַז אַלע זאָלן זיך ווידער לייגן מיטן פּנים צו דער ערד.

שמואל־דוד יואלס האָט אויסגענוצט די פֿרייע מינוט צו פֿאַרטראַכטן זיך. ר׳האָט זיך דערמאָנט אין אַ גמרא: „המבייש את פּני חברו ברבים, אין לו חלק לעולם הבא”. מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן די יידישע חכמים געלערנט, אַז מען זאָל חס וחלילה נישט פֿאַרשעמען קיינעם אין דער עפֿנטלעכקייט. שמואל־דוד האָט זיך דערמאָנט, אַז פֿאַראַיאָרן האָט ער געלייענט וועגן מענטשלעכער ווירדע אין קאַנטס באַרימט פֿילאָזאָפֿיש ווערק „קריטיק דער ריינען פֿערנונפֿט”, וואָס ער האָט געבאָרגט פֿון דער פּשיטיקער ביבליאָטעק. נישט אַלץ האָט ער דאָרט פֿאַרשטאַנען, טראָץ דער גוטער יידישער איבערזעצונג, אָבער די אידעע פֿון מענטשנווירדע האָט אויף אים געמאַכט אַ טיפֿן איינדרוק.

דער פאַלקסדייטש האָט ווידער אָנגעהויבן קאָמאַנדעווען: „אויפשטיין, פאַרפלוכטע ידן! נידערקניען, לויפן אויף די קני". שמואל־דוד האָט אַלץ מיטגעמאַכט מעכאַניש, הגם דער מוח האָט געאַרבעט, אָבער נישט געקענט פאַרשטיין. איצט האָט ער אָנגע־הויבן טראַכטן קאָנקרעטער. ער האָט זיך דערמאָנט דעם פשיטיקער פּאָגראָם מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. די פאַרזאַמלונג פון דער פשיטיקער יוגנט, פון אַלע פּאַרטייען, אַ שבת נאָכמיטאָג — דער לעצטער שבת פאַרן פּאָגראָם. מ'האָט באַשלאָסן זיך גרייטן צו אַ ווידערשטאַנד. מיט צוויי טעג שפּעטער, מאָנטיק, אין סאַמע יאַריד־טאָג, ווען די אונטער־געהעצטע פּויערים האָבן אָנגעהויבן פּאָגראָמירן, האָט שמואל־דוד זיך אַרויסגעריסן פון דער היים און אַוועק העלפן די ייִדן אָפּשלאָגן די אַטאַקעס. ער איז דעמאָלט אַלט געווען פופצן יאָר. די מוטער האָט געפּרוווט אים צוריקהאַלטן, עס האָט אָבער נישט געהאָלפן, נאָר וואָס טוט מען איצט?

„אויפשטיין, נידערקניען, לויפן אויף די קני!" — שרייט דער סאַדיסט. שמואל־דוד דערמאָנט זיך וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק געלייענט וועגן דער הגנה אין ארץ־ישראל. ער גלויבט נישט אין דער מלאכה פון אומברענגען, פאַרניכטן. ער האָסט נישט קיין אַנדער פאָלק, אָבער פאַרטיידיקן זיך דאָס איז אַן אַנדערע זאַך, אַ הייליקער חוב. ער האָט דאָך געקלערט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, לעגאַל אָדער אומלעגאַל און דאָרט פאַרטיידיקן דעם יישוב מיט געווער אין האַנט. און איצט — ווי לאַנג וועט ער צוקוקן ווי דער מענטשלעכער און ייִדישער כבוד ווערט געטרעטן מיט די פיס? „כי בצלם אלהים ברא את האדם" — און דאָ שטייט פאַר זיי אַ צווייפיסיקע חיה און דערנידעריקט אים, זיינע פריינד, באַהאַנדלט זיי ערגער ווי הינט.

ווען דער מאַלער איז פאַרבייגעגאַנגען נעבן אים, האָט שמואל־דוד אויפגעהויבן אַ שטיין און געוואָלט אים דערלאַנגען, אַרויסרייסן אים דעם רעוואָלווער און דערשיסן דעם מנוול. וואָס שפּעטער וועט זיין — האָט שמואל־דוד נישט געטראַכט. ער איז דאָך אין גאַנצן 18 יאָר אַלט — וואָס פאַר אַ ווערט האָט זיין לעבן?

באַלד האָט אים באַהערשט דאָס געפיל פון אחריות. ער האָט אַ סך געלייענט וועגן די נאַציס; ער האָט געוווּסט, אַז פאַר זיין טאַט וועלן די רוצחים אומברענגען צענדליקער, אויב נישט הונדערטער ייִדן. די גאַנצע שטאָט ייִדן וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן טויט פונעם איינציקן אויסוואורף. דער עיקר — זיין אייגענער געוויסן. האָט ער אַ רעכט צו ריזיקירן מיטן לעבן פון הונדערט פשיטיקער ייִדן?

מיט פאַרביסענע ציין און ברענענדיקן כעס פאַר זיין אומבאַהאָלפנקייט צו נעמען נקמה — האָט ער דעם שטיין אַוועקגעשליידערט און געטראַכט:

„גאָט פון נקמה וועט אייך באַצאָלן!"

די שול איז שוין אין גאַנצן אַרומגענומען מיט פלאַמען. פינף הונדערט יאָר איז זיך געשטאַנען די אַלטע פשיטיקער שול — ביז די דייטשע וואַנדאַלן האָבן זי אונטערגעצינדן.

משה־יצחק דער שוסטער קומט דער ערשטער צו לויפן צו דער שריפה. ער שפּרינגט אַריין אין דער ברענענדיקער שול און וויל ראַטעווען די ספרי־תורות פון די פלאַמען. האָבן דאָך יידן פון דורי־דורות זיך מקריב געווען פאַר דער תורה. אָבער די דייטשע סאָלדאַטן שלעפן אַוועק משה־יצחקן און טרייבן אים אויף אַרבעט. דאָס זעלבע קומט פאָר מיט אַנדערע יידן וואָס ווילן בלויז ראַטעווען די ספרי־תורות. זיי ווערן אַלע געטריבן צום טייכל הינטער דער שול בכדי אַרויסשלעפן פון דאָרט אַ דייטשן טאַנק.

ווען די ווענט פון דער אַלטער שול האָבן מער נישט אויסגעהאַלטן די היץ און דאָס פייער און זיך איינגעבראָכן, האָבן די דייטשן אונטערגעצינדן דאָס בית־המדרש נעבן דער שול וואָס איז נישט לאַנג אויפגעבויט געוואָרן. דייטשע סאָלדאַטן זענען געשטאַנען און געהיטן אַז יידן זאָלן נישט לעשן די שריפה. ערשט ווען דאָס פייער האָט זיך צעשפּרייט און באַדראָאַט די אַרומיקע הייזער, האָבן די סאָלדאַטן דערלויבט צו לעשן. אין דער סומאַטאָכע איז הערשלען געלונגען אַרויסצוראַטעווען דעם ספר הזוהר. ווען אַלע זענען געהאַט אַוועק, האָט הערשל געגומען מיט זיך דעם האַלב־פאַרברענטן ספר.

ביינאַכט בעט הערשל דעם משולח (וועלכער וווינט ביי זיי אין הויז זינט דעם אויסברוך פון קריג), אַז ער זאָל מיט אים לערנען דעם זוהר, נאָר קיינער זאָל דערפון נישט וויסן. הערשלס פאָטער, אַ פרומער ייד און אַ מכניס אורח וואָלט זיכער נישט מסכים געווען אַז זיין זון זאָל לערנען ספרי קבלה. ער האָט געהאַט אַבסאָלוטן בטחון, אַז אָט קומט די גאולה. אויך הערשל איז געווען אַ מאַמין, אָבער נישט אַזוי שטאַרק ווי זיין פאָטער. ער איז געווען נייגעריק צו וויסן וואָס שרייבט דער זוהר וועגן די גאולה. זיין ווילן צו לערנען זוהר איז אויך געווען שטאַרק דערפאַר וואָס מען האָט געזאָגט, אַז ביזן עלטער פון 40 יאָר דאַרף מען נישט אַריינקוקן אין אַזאַ ספר — מ'קען חלילה, נכשל ווערן.

הערשלס ייִנגערע ברידער האָבן אויך געגלויבט אין די גאולה — אָבער פון אַ גאָר אַנדערן מין, אַן אַנדערער משיח. זיי האָבן געגלויבט אין אַ בעסערן מאָרגן פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און נאַציאָנאַלע דערלייזונג, פון אַ סוף צו אַלע גלות־ליידן.

הערשלס עלטערן האָבן געגלויבט באמונה שלימה אַז עס קומען משיחס צייטן. "ס'ווערט נישט ליכטיק, ביז ס'איז נישט גוט פינצטער" — האָבן זיי געזאָגט. וואָס גרעסער די צרות — אַלץ גרעסער דער גלויבן און וואָס גרעסער די פינצטערניש — אַלץ מער בטחון אַז ליכטיקע טעג פון דער גאולה זענען נאָענט. וואָס גרעסער די צייטן — אַלץ מער איז צו דערוואַרטן אויף אַ נס.

הערשלס יונגערע ברידער, ווי דער רוב פון יונגערן דור, האָבן געגלויבט, אַז די גאולה מוז מען ברענגען, אויב נאָר זיי וועלן זיך מקריב זיין פאַר איר. „אַזוי ווי דער דור, אַזוי איז זיין ניגון״ — האָט פרץ געזאָגט.

אָבער סיי דער יונגערער ווי דער עלטערער דור האָבן דעמאָלט נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס פאַר אַ טייוולאָנישן פּלאַן די נאַציס גרייטן צו. עלטערע יידן האָבן זיך געטרייסט דערמיט, אַז שטענדיק זענען יידן אויסגעשטאַנען כל מיני נגישות און רדיפות — און דאָך אויסגעהאַלטן. זיי האָבן זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָ גייט ממש אין פיזישן אומברענגען פון אַ פאָלק. זיי האָבן נישט באַגריפן, אַז איצט האָבן זיי צו טאָן מיט א באַזונדערן סאָרט רשעים וואָס איז נאָך נישט געווען אין דער געשיכטע; אַז זייער פּלאַן איז קודם־כל צו דעמאָראַליזירן דעם גייסט פון דער יידישער באַפעלקערונג דורך פאַרברענען זייערע בתי־מדרדשים, זייערע ספרים, פאַרניכטן זייערע ביבליאָטעקן — אוועקנעמען דאָס ספר פון עם־הספר. צוזייטנס, אויסהונגערן און פאַרפייניקן דעם גוף כדי דערנאָך צונעמען דאָס לעבן.

אַזוי איז דאָס פאַרברענען פון דער אַלטער פשיטיקער שול געווען דער אָנהייב פון טרויעריקן סוף פון דער יידישער באַפעלקערונג אין פשיטיק.

הערשעלע האָט זיך געגריבלט אין ספר הזוהר, געזוכט דאָרט די שפורן פון דער נאָענטער גאולה. ער האָט זיך געטרייסט מיט פאַרשידענע פאַרנעפּלטע רמזים און גע־וואָרט אַז אָט־אָט...

אין די טעג פון די ימים־נוראים האָט זיך אין פשיסכע פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין ספר פון ייד הקדוש איז געשריבן, אַז ווען ס׳וועלן קומען גרויסע צרות און פורעניות אויף יידן, זאָל מען דאָס ספר ברענגען צו קבר־ישראל. חול המועד סוכות 1942 האָבן פרומע יידן איינגעאָרדנט אַ גרויסע לוויה דעם ספר פון ייד הקדוש ז״ל. מען האָט געוואַרט אויף אַ נס. יידן האָבן געגלויבט אינעם הייליקן וואָרט. אָבער נאָך סוכות, דעם 28סטן אָקטאָבער 1942, שבת אין דער פרי, האָט מען אַלע יידן אַוועקגעפירט קיין אָפּאַטשנע און פון דאָרט — קיין טרעבלינקע.

### ג. פשיטיק אָן יידן

פרילינג 1946.

איך מיט מיין ברודער מענדל וואַרטן אין ראַדאָם אויף אַ געלעגנהייט צו פאָרן קיין פשיטיק, הגם יידן אין שטאָט האָבן אונדז געוואָרנט נישט צו פאָרן, ווייל זיי האָבן געהערט אַז אַ פשיטיקער בחור איז אַוועק אָנקוקן דאָס שטעטל — און איז דאָרט דערמאָרדעט

געוואָרן. אין פוילן האָט דעמאָלט אָפּערירט די א. ק. * וועלכע האָבן ווייזט אויס קיין אַנדערע זאָרג נישט געהאַט ווי אומצוברענגען די רעשטלעך ייִדן. איידער מיר זענען געקומען קיין ראַדאָם איז דאָרט געווען אַ פּאָגראָם און די שארית הפליטה האָט געלעבט אין גרויס שרעק.

וואַרטנדיק אויף אַן אויטאָ צו פאָרן קיין פשיטיק, האָב איך געפּרוווט איבערצייגן מיין ברודער אַז איך זע אויס ווי אַ קריסט און מ׳וועט מיך נישט דערקענען. ער דאַקעגן האָט מיך געוואָלט איבערצייגן, אַז ס׳איז בעסער ער זאָל פאָרן. דערווייל איז אָנגעקומען אַ לאַסט־אויטאָ. איך, אַ יונגער און פלינקער, בין שנעל אַרויפגעשפרונגען אויף דער מאַשין און אַוועק אין דער ריכטונג קיין פשיטיק.

הגם איך האָב ווייניק געקענט פשיטיקער פּאָליאַקן, ווייל זיי זענען ביי אונדז געווען אַ קליינע מינדערהייט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די קריסטן וועלכע פאָרן אין דער מאַשין, זענען מיר קענטלעך פון פשיטיק.

ווען מיר זענען צוגעקומען צום ייִדישן בית-הקברות, נישט ווייט פון דער שטאָט, האָב איך זיך גוט אומגעקוקט. אַפּנים, אַז דאָס איז געוואָרן אויפפאַלנד מיינע שכנים אין דער מאַשין. איינער פון זיי, אַ קאָלבאַס־הענדלער (חזיר־קיילער — ווי מען האָט זיי גערופן), זיכער נישט קיין אוהב־ישראל, האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון מיר. איך האָב געשוויגן, כדי מיין פויליש זאָל נישט דערוועקן קיין חשד. פון זייער שמועס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי זענען פשיטיקער, אָדער פון די אַרומיקע דערפער. דער קאָלבאַס־הענדלער האָט בקול רם דערקלערט די נישט פשיטיקער קריסטן, אַז דאָס איז דער „זשידאָווסקי צמענטאַזש״ — און בשעת מעשה געכאַפּט אַ שאַרפן בליק צו זען מיין רעאַקציע. איך האָב געשוויגן, געמאַכט זיך כלא־יודע.

אָט זענען מיר אין פשיטיק. אַלע גייען אַראָפּ. זיי קוקן מיר נאָך, אָדער אפשר בין איך זייער אומזיסט חושד? הגם ס׳איז געווען אַ יאַריד־טאָג, איז דער מאַרק־פּלאַץ געווען פּוסט. די שול און בית־המדרש — כמעט אָפּגעמעקט פון דער ערד. דער רוב הייזער אויפן מאַרק־פּלאַץ — צעשטערט. דער ברונעם אין מאַרק — אַ פאַרלאָזטער. אַ פּאָר הייזלעך האָט מען אָנגעהויבן צוריק אויפצובויען, אָבער דעם ברייטן מאַרק־פּלאַץ האָט מען פאַרשמעלערט. ס׳האָט אויסגעזען, אַז מען פּלאַנירט צו מאַכן דערפון אַ גאַס.

אַנשטאָט הונדערטער ייִדן מיט סטראַגאַנעס און ביידלעך מיט כל מיני סחורות און אַ המון פויערים — ווי עס פלעגט זיין אין אַ יאַריד־טאָג ביזן אויסברוך פון דער מלחמה — זענען איצט געשטאַנען נישט קיין סך פּוילישע שטעלעכלעך מיט טעקסטיל און זייער

---

* א. ק. — „אַרמיאַ קראַיאָוואַ״, לאַנד־אַרמיי — אונטערערדישע, מיליטערישע אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער רעגירונג אויף עמיגראַציע, אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

וויניק קונים. די קונים ווי די סוחרים האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער. איך האָב זיך נישט געפילט אַזוי זיכער אופן לײדיקן מאַרק און בין אַוועק קיין זאַכענטע. די וואַרשעווער גאַס איז נישט געווען אַזוי צעשטערט ווי דער מאַרק־פּלאַץ. זאַכענטע, וואָס איז פאַרן קריג געווען כמעט אויסער דער שטאָט, איז איצט געווען פול מיט בײדלעך און קונים, הגם ס׳איז אַ סך אַ סך ווייט געווען פון דעם וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אויף אַ פּשיטיקער יאַריד פאַרן קריג. איך האָב זיך אָבער געפילט אַ ביסל זיכערער צווישן דעם עולם. פון נעבן קאָשטשאָל וואָס איז איצט געווען דער צענטער פון מאַרק און פון שטאָט, בין איך אַוועק צו איטשע מייערס מיל, צו אַ גרופּע פּאָליאַקן און האָב געהערט ווי זיי האָבן געשמועסט, אַז אין אַ שכנותדיק שטעטל האָט מען מיט אַ קורצער צייט צוריק דערמאָרדעט די אָרטיקע פּאָליציי. ס׳איז געווען קענטיק אַז זיי זענען צופרידן מיט די נייעס.

ווען כ׳בין צוגעקומען צו דער מיל און זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן אַ בליק אויפן טייך ווי מיר פלעגן פאַרן קריג שווימען און אויף די לאָנקע ווו איך האָב אָפּט שפּאַצירט, האָב איך געהאַט אַ געפיל אַז מען קוקט מיר נאָך. איך האָב זיך באַלד צוריק געקערט צום יאַריד, נישט וועלנדיק ריזיקירן מיטן לעבן צוליב סענטימענטאַלע ערטער וואָס זענען אַמאָל געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנד פונעם יידישן לעבן אין שטעטל. היינט איז עס אַ פאַרלאָזן טײכל...

ביים קאָשטשאָל האָב איך זיך אויסגעמישט צווישן המון און פּטור געוואָרן פון מיינע פאַרפאָלגער. פון דאָרט בין איך שנעל אַוועק צו דער ראַדאָמער בריק. גראַד איז געשטאַנען אַ לאַסט־אויטאָ און געוואַרט אויף נאָך פּאַסאַזשירן. איך בין שנעל אַרויף אויף דער מאַשין און מיר זענען געפאָרן קיין ראַדאָם. דאָרט האָב איך זיך געפילט אַ ביסל זיכערער און געדאַנקט גאָט אַז איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער פון נאָכמלחמהדיקן פּשיטיק.

אין ראַדאָם האָב איך צופעליק געטראָפן אַן אַנשטענדיקע פּוילישע פרוי — די לערערין פון דער פּשיטיקער שול, פּאַני גומקאָווסקאַ. זי האָט מיך דערקענט און געפרעגט: „איר זייט דאָס דער זון פון יאַנקל מילערס שכן?". זי האָט מיר דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אַרעסטירט דעם פּאַן קאַרטשאַק און אַז זיין טאָכטער, יאַדוויגאַ, האָט שוין חתונה געהאַט. אויך אורשולאַ, דעם פּשיטיקער שרייבערס טאָכטערס — האָט חתונה געהאַט. ביידע זענען געווען מיינע קריסטלעכע מיטשילערס אין דער פּשיטיקער פּאָלקס־שול. וועגן די יידישע מיידלעך וועלכע זענען געווען אין אונדזער קלאַס — און זיי זענען דאָרט געווען דער רוב — האָט די פּאַני גומקאָווסקאַ געשוויגן. ס׳איז בעסער געווען צו שוויגן. דאַכט זיך אַז נאָר איין מיידל פון אַלע יידישע תלמידות אין מיין קלאַס, רבקה לינדענבוים, איז געבליבן לעבן. שפּעטער האָבן מיר, איך און מענדל, געטראָפן אין ראַדאָם אַדאַמעקן, דער זון פון שבת־גוי, וועלכער האָט נאָך גערעדט אַ גוטן יידיש — דער איינציקער יידיש־רעדנדער אין היינטיקן פּשיטיק — אַ פּאָליאַק...

**ד. נאָכוואָרט: ווידערשטאַנד אָדער קידוש השם?**

די פראַגע פאַרוואָס זענען יידן געגאַנגען צו דער שחיטה כצאן לטבח יובל, אַנשטאָט זיך צו ווערן, זיך קעגנשטעלן — ווערט ווידער געשטעלט דורך פאַרשידענע מענטשן און גרופן. דעריבער איז וויכטיק קלאָר צו מאַכן די דאָזיקע פראַגע נישט נאָר פאַר זיך זעלבסט, נאָר פיל וויכטיקער דאַרף מען עס קלאָר מאַכן פאַר די צוקונפטיקע דורות.

אַלס ביישפיל וויל איך ברענגען מיין דערפאַרונג מיט יידישע יוגנטלעכע, וועלכע זענען שוין לאַנג אין אַמעריקע. איך האָב פשוט נישט געקענט באַגרייפן זייער גלייכגיל־טיקייט צו דעם חורבן יהדות אירופה. די איינשטעלונג איז געווען: „לאָז אונדז צורו, מיר האָבן שוין גענוג געהערט פון דעם".

העראָיזם איז אינטערעסאַנט, מאַרטירערטום פון איין פערזאָן איז אויך עפּעס, אָבער מאַסן־מאָרד אָן אַ קאַמף מצד די קרבנות — איז בעסער ווען מ׳גייט דאָס פאַרביי שנעל, מען האַלט זיך נישט לאַנג ביי דער פראַגע, אַזוי להבדיל ווען מען מוז אַראָפּשלינגען אַ שלעכטן ביסן. עס שטעלט זיך אָבער די פראַגע: וואָס וועלן די קינדער אָדער אייניקלעך פון פשיטיקער דענקען, ווען זיי וועלן לייענען דעם ספר פשיטיק?

אַן אַנדער ביישפּיל. מיינער אַ גוטער חבר, אַ נעגער, פרעגט מיך:

— פאַרוואָס האָט איר נישט צוריקגעשלאָגן? מיר, נעגער, וואָלטן זיך נישט געלאָזט פירן ווי שאָף צו דער שחיטה... (ער איז אַ קנאַקער דאָ, אין דער פרייער אַמעריקע, וווּ עס פאַרלאַנגט זיך באַשטימט וויניקער העראָיזם פון אַ נעגער צו קעמפן קעגן דער פּאָליציי אין ניו־יאָרק, ווי פאַר אַ ייד אין מאָסקווע צו זאָגן, אַז ער וויל אַ וויזע קיין ישראל).

דער אמת איז דער, אַז די היינטיקע אַמעריקאַנער יידישע יוגנט, אָדער אַפילו אונדזערע נישט־יידישע פריינד באַגרייפן נישט וואָס פאַר אַ רוצחים די יידן האָבן געהאַט קעגן זיך אין דער געשטאַלט פון די נאַציס און געסטאַפּאָ.

מילא, וועט איר זאָגן — דאָס איז יונגוואַרג, געבוירן אין אַ פריי לאַנד, אָדער אַן אַמעריקאַנער נעגער געבוירן אין דער פרייער אַמעריקע — קענען זיי אַזוי רעדן, ווייל וואָס פאַר אַן אַנונג האָבן זיי פון דיקטאַטור, דערצו נאָך פון אַ ברוטאַלער נאַצי־מאַכט. אָבער חנה ארדנט, דאָקטאָר־פילאָזאָפיע, אַן אויסגעשטודירטע פון דייטשלאַנד, אין סאַמע גיהנום־לאַנד, באַשולדיקט גאָר די יידישע מנהיגים. פון דער ווייטנס איז לייכט צו רעדן. די נאַציס, חוץ זייער מיליטערישער מאַכט, זענען געווען כיטרע ווי דער טייוול און כמעט אַלץ געוווּסט וואָס עס טוט זיך ביי יידן. בעת די אַזוי גערופענע יידישע מנהיגים האָבן קוים געהאַט אַן אַנונג וואָס עס טוט זיך בחדרי חדרים פון נאַצישע קאַרפּן־קעפּ. מיר זענען געווען אַ קליינע מינדערהייט צווישן פוילישע שונאים און אוקראַינישע רוצחים, וועלכע זענען גרייט געווען צו פאַרקויפן פאַר אַ קילאָ זאַלץ אַ ייד וואָס האָט זיך על פּי נס געראַ־

טעוועט פון דער נאַציִשער מערדער־מאַשין. דאָס פאָלק האָט פשוט קיין אויסזיכטן נישט געהאַט — מיט גוטע אָדער שלעכטע מנהיגים.

פון דער אַנדער זייט רעדט דער יידישער היסטאָריקער, ווי סאַלאָ באַראָן מייסטנס וועגן קידוש השם פון דעם יידנטום אין צוזאַמענהאַנג מיטן חורבן. לויט זיין מיינונג רעדן מיר צופיל וועגן ווידערשטאַנד און קאַמף און זענען נישט פעיק צו זען די גרויסקייט פון קידוש־השם פונעם יידישן פאָלק. ער באַווייזט, אַז אין דער יידישער געשיכטע, אין די צייטן פון אינקוויזיציע און בשעת די קרייצצוגן, ווערן דערמאָנט די וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם און ווייניק ווערן דערמאָנט די וואָס האָבן געקעמפט, הגם עס זענען געווען פאַקטן, ווען יידישע גרופּן האָבן צוזאַמען מיט נישט יידן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. די פראַגע איז נאָר, אַז ווען אַ טייל פון פאָלק איז זיך מוסר־נפש, וועט דער אַנדערער טייל, די לעבנגעבליבענע, זיי דערמאָנען און מעריך זיין. אָבער ווען אַ גאַנצע קהילה, שטאָט, אָדער כמעט אַ גאַנץ פאָלק קומט אום — ווער וועט זייער קדוש השם דערמאָנען?

אין דער פאַרגאַנגענהייט האָבן די קריסטלעכע פאַרפאָלגונגען קיינמאָל זיך נישט געשטעלט דעם ציל צו פאַרניכטן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. זיי האָבן געוואָלט עס זאָל זיין אַ קליינע צאָל דערנידעריקטע, פאַרפאָלגטע, אָבער דאָך לעבעדיקע יידן, בכדי צו ווייזן דער וועלט — דער קריסטלעכער וועלט — די עקזיסטענץ פון אַ פאָלק פון וועמען ישו זייער „דערלייזער" שטאַמט און אויך צו וואָרענען, אַז די רעפּרעסיעס קעגן די יידן זענען דערפאַר, ווייל זיי ווילן נישט אָנערקענען זייער אייגענעם „דערלייזער". די נאַציס אָבער האָבן געוואָלט פאַרניכטן אַלע — ביז צום לעצטן ייד — קאָן דאָך אויף אַזאַ אופן חס־וחלילה, צוזאַמען מיטן פאָלק, אויך דער באַגריף פון קידוש השם פאַרשווונדן.

איך מיין, אַז די פראַגע פון קידוש השם אָדער ווידערשטאַנד האָבן פאַרשידענע אינטערפּרעטאַציעס פון צוויי פאַרשידענע דורות. דער עלטערער דור, פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, מיט זייער טיפער אמונה, האָבן אויף זיך גענומען דעם גזר־דין מן השמים און מיט פשטות און באַשיידענעם הערויזם געזאָגט: — מילא, מיר קענען די וועגן פון רבונו של עולם נישט פאַרשטיין. אויב ס'איז דאָס וואָס דער השם יתברך וויל, יהי שם ה' מבורך. — זייער וועג איז געווען דער וועג פון קידוש השם.

דער יינגערער דור, אונדזער דור, אָדער די גרויסע מערהייט פון דעם יינגערן דור, האָט געהאַט אַן אַנדערן צוגאַנג. נאַטירלעך, זענען זיי געווען גרייט זיך קעגנשטעלן און קעמפן קעגן אַלערליי שונאים פונעם פאָלק. והא ראיה, דער ווידערשטאַנד אין דער צייט פון פשיטיקער פאָגראָם. ליידער קען מען דעם ווידערשטאַנד אין אַ רעלאַטיוו־דעמאָקראַטישן פוילן, אין פרידנס־צייט, נישט פאַרגלייכן מיט דעם ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס בעת אַן אַבסאָלוטער דיקטאַטור, אין צייט פון קריג. די מעגלעכקייט צו קעמפן אָדער אָרגאַניזירן

דאָקומענטן און דעם אַרכיוו האָט מען פאַרפּאַקט אין זעק און שפּעטער באַגראָבן אויפן הויף פון אַ חבר — שלמה שטאַרק, דעם בעקערס אַ זון. ביז היינט ווייס איך נישט וואָס מיטן אַרכיוו איז געשען.

## אהרעלע הויקער און זיין פרוי

אהרעלע איז געווען אַ פּעלצן־מאַכער; אַ מיטלמעסיקער גביר; אַ גרויסער בעל־צדקה; אַ בורר ביי כמעט אַלע דין־תורהס; אַ גרויסער וויצלער און אַן אוהב ישראל. גאָט האָט אים אויך באַשאָנקען מיט אַ פרוי אַ צדיקת וועלכע האָט אים נאָך צוגעגעבן מוט צו טאָן מצוות. זי האָט גאַסטפריינטלעך אויפגענומען די מענטשן וואָס זענען געקומען זוכן דעם מאַן און ער איז גראָד נישט געווען אין שטוב. זי האָט געהייסן זיצן, מכבד געווען און געהייסן וואַרטן ביז דער מאַן וועט קומען. זי האָט געוווסט אַז דאָס וועט אויסגיין צו איר קעשענע, ווייל יעדער האָט דאָרט באַקומען וועלכע ס'איז הילף. נישט געקוקט וואָס זיי האָבן געוווינט אין אַן ענגער ווױנונג, האָבן זיי קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט קיין נאַכטלעגער אַ פרעמדן אורח.

יעדו פרייטיק פרי פלעגט ער אַרויסגיין אין מאַרק און אויב ער האָט געטראָפן אַ פאַרזאָרגטן ייד, אַ סוחרל אָדער אַ בעל־מלאכה, האָט ער אים געפרעגט: „האָסט צייט ערב שבת זיך אַרומצודרייען אין מאַרק?" און ווען דער ייד פלעגט אים זאָגן אַז ער זוכט עפּעס צו פאַרדינען ווייל ער האָט נישט אויף שבת, האָט ער נישט לאַנג געקלערט אַרויסגענומען אַ פאָר זלאָטעס, אים געגעבן און געזאָגט: „ווען דו וועסט האָבן — וועסטו מיר אומקערן".

זיינע וויצן און קאָמישע מעשיות האָבן געשמט אין פשיטיק. ער האָט אַ מאָל אַרויסגעגאָסן אַ פאָמעשאף פאַר זיין שטוב און אַ פּאָליציאַנט האָט אים געוואָלט דערפאַו צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל, האָט ער אים געפרעגט: „אדוני פּריץ, ווו זאָל איך גיסן?" האָט דער פּאָליציאַנט געענטפערט: „אויף דיין אייגענעם פּלאַץ". האָט אים ר' אהרעלע געזאָגט: „כ'האָב אַן אייגענעם פּלאַץ אין שטעטלע ווישמיעזשיץ, אַ 15 קילאָמעטער פו דאַנען. פרעג איך דיך, אדוני פּריץ, זאָל איך דאָרט גיסן דאָס וואַסער?" דער פּאָליציאַנ האָט אים געזאָגט: „אַ געלעכטער אין דער זייט". איז ר' אהרעלע אַוועקגעגאַנגען אין זייט און אָנגעהויבן לאַכן. פרעגט אים דער פּאָליציאַנט: „וואָס לאַכסטו?" האָט ער אי געענטפערט: „האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַ געלעכטער אין אַ זייט". האָט אויך דע פּאָליציאַנט זיך צעלאַכט — און קיין פּראָטאָקאָל נישט געמאַכט.

אַמאָל איז קיין פשיטיק געקומען אַ באַרימטער מגיד און געפּאָדערט פון שטעטל ייד צו געבן צדקה — פאַר הכנסת־כלה, הכנסת־אורחים אדג"ל. נאָך דער דרשה האָט ו אהרעלע זיך אַוועקגעזעצט מיטן מגיד ביי איין זייט טיש און ביי דער צווייטער זיי

געבעטן זיצן דעם פעלצן־מאַכער יצחק פלאַנצנבוים, מיטן צונאָמען „פּיטראַק״, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיך באַרימען פאַרן מגיד אַז ער גיט אַ סך צדקה, איז אַ מכניס־אורחים. דאָס איז געווען אַ גרויסער ליגן, ווייל דער פעלצן־מאַכער איז געווען דער היפך פון ר׳ אהרעלען. יענער האָט נישט געלאָזט קיין אָרעמאַן איבער זיין שוועל, הגם ר׳איז געווען פיל רייכער פון ר׳ אהרעלען. ווען ר׳ אהרעלע האָט דערהערט זיין באַרימען זיך, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן און דערציילט אַ משל:

אַ הונגעריקער וואָלף האָט אין אַ פינצטערער נאַכט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ דאָרף און די פויערישע הינט זענען אים באַפאַלן. ער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן און אַריין אין אַ בודע ווו ס׳איז געלעגן אַ הונט. דער הונט האָט אים געוואָלט פאַרטרייבן. דער וואָלף האָט זיך ביי אים געבעטן: לאָז מיך דאָ באַהאַלטן ביז די הינט וועלן אַוועק, וועל איך דיר טאָן גרויסע טובות. ווען די הינט זענען אַוועק, האָט דער וואָלף געזאָגט צום הונט: וואָס דאַרפסטו דאָ זיין פאַרשקלאַפט פאַרן ביסל עסן, איך קען דיך מיטנעמען אין וואַלד. נאָכן אָנטאָן אַ וועלפישע פעל, האָט דער הונט זיך אויסגעלערנט וואָיען ווי אַ וואָלף, אַזוי אַז די וועלף האָבן נישט דערקענט אַז דאָס איז אַ הונט. אַ געוויסן טאָג ווען דער וואָלף איז געווען שטאַרק הונגעריק, איז ער צוגעקומען צום הונט וועלכער האָט אויף אים געגנומען שטשירען די ציין, פונקט ווי אַ וואָלף. האָט דער וואָלף געזאָגט: מיך וועסטו דאָך נישט נאַרן, איך ווייס דאָך יאָ ווער דו ביסט — און ער האָט אים אויפגעפרעסן. פאַר ווען דו באַרימסט זיך — האָט ער געזאָגט צו פלאַנצבוימען — אָבער איך ווייס דאָך יאָ וואָס פאַר אַ בעל־צדקה דו ביסט.

נאָך דער געשיכטע איז יצחק פעלצן־מאַכער געוואָרן ר׳ אהרעלעס גרעסטער שונא.

פון די צוויי זין און צוויי טעכטער וואָס ר׳ אהרעלע האָט געהאַט, זענען דריי אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים. איין טאָכטער, קיילע, וווינט אין פּאַריז.

**יעקב צוקער**

דער פּשיטיקער שוחט יעקב צוקער איז געווען אַ פרומער, אָפּגעהיטענער ייד. ער האָט געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער. די עלטסטע טאָכטער, צאַטל, האָט חתונה געהאַט פאַר הערשל זאַלצשיר, אַ פּשיטיקער בחור פון אַ חסידישער שטוב. ער האָט זיך געלערנט שחיטה און דער שוחט האָט געמיינט נאָך זיין טויט אים איבערגעבן דעם חלף.

ווען דער שוחט איז נפטר געוואָרן, האָט ער טאַקע אים באַשטימט אַלס יורש. אָבער אין שטעטל האָבן זיך געשאַפן צוויי מחנות: איינע איז געווען פאַרן שוחטס אידעם, און די אַנדערע — קעגן אים. ס׳איז דערגאַנגען צו גרויסע מחלוקתן, אפילו חילול השם און געשלעגן. עס האָבן זיך געמוזט אַריינמישן די רבנים ר׳ משהלע און ר׳ יאַנקעלע פון ראַדאָם און נאָך אַנדערע פון די אַרומיקע שטעטלעך. נאָך אַ דין־תורה וואָס האָט זיך געצויגן

עטלעכע טעג האָבן זיי געפּסקנט, אַז ער מעג זיין שוחט, אָבער נישט אין פּשיטיק. כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע מחלוקתן, האָט מען אים אויפגענומען אַלס שוחט אין פּלאַצק און קיין פּשיטיק האָט מען געבראַנגט אַ שוחט פון אַטוואַצק.

## משה פרידמאַן

משה פרידמאַן (צונאָמען מידלאָ), דער פּשיטיקער וואַסערטרעגער, אַ האַרעפּאַשנער טיפּ, איז געווען גוט באַקאַנט אין שטעטל.

געטראָגן האָט ער וואַסער פאַר די מער פאַרמעגלעכע בעלי־בתים. די פּאָלעס פאַרשטעקט אין אַ שטריק וואָס האָט אים געדינט אַלס גאַרטל אַרום די לענדן, מיט 2 עמער וואַסער אָנגעהאָנגען אויף דער קאָראָמיסלע. דאָס וואַסער האָט ער געשעפּט פון דעם שטאָטישן ברונעם אין מיטן מאַרק. די חדר־ייִנגלעך האָבן אים דערקוטשעט, פלעגן זיך אָנהענגען אין די אַזוי אויך שווערע עמערס — און געלאַכט. ווען ער פלעגט סוף־כל־סוף דערפילן אַז די עמערס זענען פּלוצלינג שווערער געוואָרן, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיי געשאָלטן: „אַ כאָליערע אויף אייך, איר זאָלט קומען אויף מיין ברויט, וואַסערטרעגער זאָל פון אייך ווערן״.

מיט גרויס מי האָט ער דערנערט זיין אַלטע פרוי און אַ טאָכטער, אַ בוגרת פון אַ יאָר 50, וועלכע האָט געהאָלפן צו דער פרנסה מיט וואַשן וועש.

פרייטיק־צו־נאַכט און שבת פרי פלעגט ער קומען דאַווענען גלייך מיט אַלע פרומע ייִדן, געהאַלטן אָפן דעם סידור, אַריינגעקוקט, אָבער נישט געדאַוונט, ווייל ער האָט פּשוט נישט געקענט קיין עברי.

ער פלעגט זיך ווינטשן: אַזוי ווי צו דער מזרח־וואַנט לאָזט מען אים נישט צו, מוז ער שטיין ביי דער טיר, דערפאַר קען ער דער ערשטער אַרויסגיין, און ווען מען זאָגט „בואו בשלום״ און מען דרייט זיך אויס, איז ער גאָר ביי דער מזרח־וואַנט — און אַלע שטייען הינטער אים.

ער האָט געהאַט אַ גרויסע זכיה אין הימל, ווייל ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, איידער די דייטשן האָבן פאַרנומען פּשיטיק.

## מאָטיע צוקערמאַן

דער מלמד מאָטיע צוקערמאַן, ביי וועלכן נישט יעדעס קינד האָט זוכה געווען צו לערנען, איז געווען אַ גרויסער איבערקלייבער. נאָר די ייִנגלעך וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען, האָט ער אַריינגענומען אין זיין חדר, וווּ מ׳האָט אויסער חומש מיט רש״י, גמרא און תנ״ך, געלערנט אויך וועלטלעכע לימודים, ווי: לייענען ייִדיש און חשבון — ווי מען וואָלט געענדיקט אַ „פּאָווּשעכנע״ שול. אויף זיין פרוי האָט זיך פאַרנומען מיט

מלמדות. זי האָט געלערנט פשיטיקער מיידלעך דאַווענען, ברכות מאַכן, שרייבן, לייענען און חשבון.

געקומען איז ער פון אַ דאָרף, ווו ער האָט געלערנט מיט די קינדער פון אַן אַרענדאַר. ער איז פון דאָרט אַוועק צוליב אַ געוועט. ס'איז אַריינגעקומען אַ פויער און זיך מיט אים געוועט אין 5 רובל, אַז ער וועט קענען אויפעסן 3 פונט פוטער. דער מלמד האָט די פוטער אויפגעגעסן, די 5 רובל באַקומען, אָבער דערצו געקרענקט, שיער נישט גע־שטאָרבן. ער האָט פאַרלאָזט דאָס דאָרף און געקומען קיין פשיטיק. קיין פוטער האָט ער אָבער מער אין לעבן נישט פאַרזוכט, אַפילו נישט געקענט אויף איר קוקן. אַז מיר יינגלעך האָבן זיך מיטגענומען אין חדר ברויט מיט פוטער, האָבן מיר עס געדאַרפט באַהאַלטן ער זאָל נישט זען.

פון זיינע קינדער האָט ער נישט געהאַט קיין נחת. איין זון איז געווען אַ בונדיסט און איז דערטרונקען געוואָרן. ווי מענטשן האָבן געזאָגט, האָט ער נישט געוואָלט פאָלגן די מוטער און געגאַנגען זיך באָדן אום שבת. ער האָט געגעבן אַ שפּרינג פון דער בריק — און איז שוין מער נישט אַרויף געקומען. נאָך אַ פּאָר שעה זוכן האָבן אים די חברים געפונען און געבראַכט אַ היים אויף אַ וועגעלע. די מוטער האָט דעמאָלט אין גרויס פאַרצווייפלונג אַ זאָג געטאָן: „גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט". דער צווייטער זון איז געוואָרן אַ קאָמוניסט, איינער פון די אָנפירער פון פראָפ. פאַראיין.

זיי אַלע זענען אומגעקומען פון די דייטשע רוצחים.

ישראל צימבאַליסטאַ / תל-אביב



## מען דאַרף זיי דערמאָנען

**משה רבקה-מנוחהס (סאָלטיס) פּאַצאַנאָווסקי**

הגם זיין פאַמיליע נאָמען איז געווען פּאַצאַנאָווסקי און ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון סאָלטיס פון דער ידישער באַפעלקערונג אין פשיטיק, איז ער דאָך געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס משה רבקה מנוחהס. זיין ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט, ווי אויך די גרייטקייט צו העלפן — איז געווען אַ שם־דבר. שטענדיק פאַרהאָרעוועט און פאַריאָגט, פון 4 פאַרטאָג ביז אין דער שפּעטער נאַכט, סיי ביים מפרנס זיין די משפחה, סיי ביי קהילהשע ענינים.

די ערשטע וועלט־קריג האָט אויף זיין גאַנצער פאַמיליע געברענגט אַן אומגליק. די רוצחים און רויבער פון די מענטשן און פון גאַנצן פאַרמעגן זענען געווען — די קאַזאַקן.

זייער גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט האָט מען אויסגעלײדיקט און נאָך יאָרן שפּעטער איז שווער געווען צוריק שטעלן זיך אויף די פיס.

פונדעסטוועגן האָט מען אויף ר׳ משהס פּנים קיינמאָל נישט געזען קיין סימנים פון כעס.

דער שווערסטער טאָג אין דער וואָך איז פאַר ר׳ משהן געווען — מאָנטיק, ווען דאָס שטעטל האָט זיך פאַרפולט מיט צוגעפאָרענע פויערים און סוחרים, בעלי־מלאכות און אויפקויפערס פון דער נאָענטער און ווייטערער געגנט. און פון די פשיטיקער גופא איז דאָך אָפּגערעדט. זיי, פונקט ווי ר׳ משה, האָבן דאָך געוואַרט אויף דעם מאַרק־טאָג, פון וועלכן מ׳האָט געהאָפט צו ציען חיונה אויף אַ גאַנצע וואָך...

דער שטייער־אַמט פאַר פשיטיק האָט זיך טאַקע געפונען 18 קילאָמעטער ווייט פון שטעטל, אַזש אין ראַדאָם, אָבער לאַנגע אָרעמס האָבן געגרייכט אַהער, באַזונדערס צו דער יידישער באַפעלקערונג. אַ שטאַב באַאַמטע און סעקוועסטראַטאָרן האָבן אינטענסיוו געאַרבעט, כדי נאָך מער פאַרביטערן דאָס אַזוי אויך ביטערע לעבן פון די יידן און פאַראָרעמען די אַזוי אויך אָרעמע פשיטיקער יידן. די גראַבסקי־פּאָליטיק לגבי אחינו בני ישראל איז אָנגעווענדעט געוואָרן אין פשיטיק מיט דער פולער שאַרפקייט. די שטייער־באַאַמטע פלעגן טאַקע יעדן מאָנטיק אַראָפּקומען קיין פשיטיק און ביים סטראַגאַן און געשעפט באַזוכט יעדן יידן און פון אים געפאָדערט געלט. ר׳ משה, אַלס סאָלטיס, האָט געמוזט באַגלייטן די באַאַמטע און סעקוועסטראַטאָרן און צוזען דעם ביטערן גערעַנגל וועלכן זיי האָבן מיט אָפענעם אַנטיסעמיטיזם געפירט מיט די יידן. אויף וויפל ער האָט געקענט, פלעגט ער באַרויִקן די געמיטער און דער עיקר — באַצייטנס צוּוויסן געבן מיט זיינע קינדער וועגן די בעפאָרשטייענדיקע באַזוכן פון די באַאַמטע.

אויב דער מאַרק־טאָג איז פאַר עמעצן געווען אַ פרייד אָדער אַ האָפענונג פון אַ גוטן פדיון — איז עס פאַר ר׳ משהן געווען בלויז עגמת-נפש און האַרץ־קלאַפעניש. ער האָט געמוזט זיין אַן עדות פון ברוטאַלע עקזעקוציעס, ביי וועלכע מ׳האָט ביי אַן אָרעמען יידן צוגענומען דאָס לעצטע ביסל סחורה.

נאָך איצט איז מיר שווער צו באַגרייפן פונוואַנען ר׳ משה האָט געשעפּט כוח און אויסדויער פאַר אַזאַ שווערער אויפגאַבע. איז אים אַמאָל יאָ געלונגען אָפּצושרייען אַ גזירה אָדער העלפן אַ ייד אין אַ צרה — האָט אויף זיין פּנים זיך באַוויזן אַ גליקלעכער צופרידענער שמייכל.

ער האָט שטיל און מיט ווירדע אויסגעטראָגן זיינע, ווי יענעמס צרות. דאָס שטעטל האָט שטענדיק גערעדט פון ר׳ משהס מסירת־נפש.

יהי זכרו ברוך!

אַ קליינוווּקסיקער, שטענדיק פאַרטראַכט און פאַרטיפט אין די עולמות עליונים, נישט אַזוי מקפיד געווען אויפן אָנטאָן זיך, הגם ר׳האָט געהאַט דערצו מעגלעכקייטן, שפּאַרזאַם און אויסגערעכנט, מיט אַ ליבשאַפט צו פילאָזאָפירן, זאָגן אַ גוט ווערטל וואָס האָט אַמבולטסטן באַוויזן זיין שאַרפן מוח. ער פלעגט אויסטראַכטן האַרבע מאַטעמאַטישע אויפגאַבן און מיט זיי אַוועק צו דער פוילישער אינטעליגענץ אין פשיטיק, געאַמפּערט זיך מיט זיי, געדונגען — און תמיד אַרויס דער זיגער. דאָס האָט אים נישט געשטערט צו פאַרטיפן זיך אין תלמוד, לערנען אַ בלאַט גמרא און זיין אַ פרומער ייד.

יעדן טאָג גאַנץ פרי, איז ער געזעסן אין זיין ווינקעלע — ער האָט געהאַט זיין ווינקעלע — און געלערנט עטלעכע שעה.

ער האָט ליב געהאַט צו לייענען אויך ספרים חיצונים ווי מענדעלע, שלום עליכם, פרץ. זיין פרוי איטעלע, אַ רבס אַ טאָכטער, האָט נישט איין מאָל אים געמוסרט און געדראָט מיטן גיהנום אויף יענער וועלט.

ער פלעגט זייער ליב האָבן צו שפּילן אין שאַך. ווען ער האָט נישט געהאַט קיין פאַרטנער, האָט ער שעהן געשפּילט מיט זיך אַליין.

מען דערציילט, אַז ווען ער האָט איין מאָל זיך געדונגען מיט אַ פריץ וועגן פרייז פון אַ וואַלד און דער אונטערשיד איז געווען אויף עטלעכע טויזנטער, האָט זיך דער פריץ אָפּגערופן — דאַנעלע, מיר וועלן שפּילן אַ שאַך און ווער עס וועט געווינען, וועט זיין פרייז ווערן אָנגענומען. פאַרשטענדלעך, אַז געזיגט האָט דאַנעלע.

איך געדענק אַז עטלעכע חדשים איז ער געווען שטאַרק פאַרנומען — געצייכנט קעסטלעך מיט פאַסיקלעך, געשריבן קליינע אותיות, גערעכנט און מיט קיינעם נישט גערעדט. אויף מיין פראַגע וואָס דאָס באַדייט, האָט ער געענטפערט: — ווי נאָר איך וועל ענדיקן, וועל איך געבן צו פאַרשטיין וואָס איך טו.

דעם ערשטן טאָג פסח, גייענדיק גאַנץ פרי צום דאַווענען אין אַמשינאָווער שטיבל, וועקט ער מיך אויף. מיין פרוי האָט אים מכבד געווען מיט אַ פריש גלעזל טיי און ער האָט אָנגעהויבן צו געבן פאַרשטיין זיין אויפטו:

— 3—4 חדשים האָב איך אַוועקגעשענקט אויף צו מאַכן אַ לוח, פון ערשטן טאָג זינט די וועלט איז באַשאַפן, לויט דער יידישער ציילונג, ביז דער ענדע פון דער וועלט, נאָך 6000 יאָר (לויט דער יידישער רעליגיע). יעדע טויזנט יאָר ביי גאָט ווערט גערעכנט אַלס איין טאָג. זעקס טעג — 6000 יאָר און דער זיבעטער, שבת. אַזוי ווי עס זענען פאַראַן אונטערשיידן אין דעם יאָר־רעכענונג אין גאַנג פון דער זון און דער לבנה, קומט אויס

אַז נאָך 5000 יאָר איז אַן אונטערשייד, טראָץ דעם עיבור־יאָר, אין צוויי טעג מיט עטלעכע שעה און סעקונדן.

לויט דעם רעכענונג קומט אויס, אַז מיר פייערן נישט אין ריכטיקן טאָג פסח אָדער יום כיפור און אַנדערע יום־טובים.

זיין גאַנצע רעליגיעזע וועלט איז חרוב געוואָרן. ער האָט מיך געטרייסט און געזאָגט:
— איך האָב נישט גערוט און קאָרעספּאָנדירט און זיך נאָכגעפרעגט דעם גאַנג פון יעדער צייט! אויך ביי מלך כץ און ביים רב פון שטעטל!

ווען ער האָט געפונען אַ ספר, וואָס מאַכט דעם זעלבן רעכענונג און פרעגט די זעלבע שאלה און ענטפערט דערויף „תיקו" — דאָס זענען די ראשי תיבות פון תשבי יתרץ קושיות ובעיות — האָט ער זיך באַרויִקט און געזאָגט: — אויב דער גאון האָט נישט געוווּסט קיין ענטפער, מעג אויך איך נישט וויסן.

צווישן אַלע זיינע באַשעפטיקונגען איז אויך געווען בוררות. די גרויסע ירושה וואָס איז פאַרבליבן פאַר די יורשים פון דער משפחה לינדענבוים — געוועלבער, יאַטקעס, פעלד, פּלעצער א. אַנד. האָט מען איבערגעגעבן דעם בוררות פון דער דאָזיקער ירושה צו דאַנעלע, דעם רב און נאָך אַ פשיטיקער וואָס האָט געוווינט אין ראַדאָם. אַ יאָר האָט געדויערט דאָס פאַרשן, מעסטן און טיילן. עטלעכע טעג פאַרן אַרויסגעבן דעם פּסק־דין, זאָגט ער צו מיר: — מענדל, אויב איינער אָדער צוויי פון די יורשים (געווען בערך 18 יורשים) וועלן זיין צופרידן מיט דער צעטיילונג, איז אַ סימן אַז די טיילונג איז נישט גוט.

און ער גיט צו פאַרשטיין: — אויב צוויי מענטשן וואָס זענען גוט הונגעריק און מען ברענגט אַ ברויט און מען צעטיילט גלייך אויף גלייך צווישן זיי — דאַכט זיך יעדן אַז דער צווייטער האָט באַקומען אַ שטיקל מער און קיינער פון זיי איז נישט צופרידן. ווי באַלד דאָס ברויט איז נישט גלייך פאַרטיילט, איז נאָר צופרידן דער וואָס זעט אַז ער האָט באַקומען מער.

פאַקטיש, האָט יעדער שותף אָפּגעוואָרפן די טיילונג. צום סוף איז אויך די טיילונג פון געריכט נישט געווען גוט און די יורשים האָבן מסכים געווען אויף דנעלעס טיילונג.

די יידן, ווי די פּאַלאַקן אין שטעטל האָבן זיך גערעכנט מיט דנלעס עצה און חכמה. צו זיינע רייד האָט מען זיך באַצויגן מיט דער פולער ערנסטקייט.

זיין מסחר איז געווען — האָלץ. ווי ס'איז אָנגענומען אין דער בראַנזשע, איז דער הויפּט־פאַרדינסט — נישט דערמעסטן... אָבער מיט דנלעס מאָס און ערלעכקייט איז מען געווען פולשטענדיק זיכער. דערפאַר פלעגט מען ביי אים קויפן און האָבן דאָס געפיל, אַז מ'איז נישט געוואָרן אָפּגענאַרט.

אַז ער פלעגט אַמאָל נעמען ביי עמעצן אַן הלוואה, האָט ער דעם מילווה געגעבן וועקסלען, הגם מ׳האָט צו אים געהאַט צוטרוי און קיינער האָט נישט פון אים געפאָדערט וועלכע ס׳איז גאַראַנטיעס. נאָר ר׳ דנעלע פלעגט רויִק איינטענהן, אַז מע ווייסט נישט וואָס עס קען געשען — און זאָל אַ מענטש נישט ליידן דערפאַר וואָס ער האָט מיר געטאָן אַ טובה.

ר׳ דנעלע איז געווען אַ זייער געאַכטעטער און אָנגענומענער בורר אין שטאָט. די קאָמפּליצירטסטע ענינים, אויך בוררות וועגן ירושהס, פלעגט ער אַדורכפירן צו אַלעמענס צופרידנקייט.

ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שאַך־שפּילער און דערביי גוט געקענט די טעאָריע פון דעם שפּיל. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן און פאַרגלייכן דעם יידישן לוח מיט די קאַלענדאַרן פון די אַנדערע רעליגיעס.

זיין האַנט, ווי דאָס האַרץ, זענען תמיד געווען אָפן פאַר יעדן איינעם. דערביי האָט ער פאַרמאָגט די זעלטענע אייגנשאַפט נישט צו זאָגן קיינעמען אַ דעה, אַפילו — די אייגענע קינדער. יעדן געלאָזט גיין זיין וועג.

זיינס אַ טעכטערל, אַ מיזינקע, איז אַלט געווען 5—6 יאָר. ער פלעגט זי אָפט צורופן און רעדן צו איר מיט אַ הויכן טאָן און זי האָט געענטפערט מיטן זעלבן טאָן. דערנאָך האָט ער איר געפרעגט אַ פראַגע שטיל און זי האָט מיטן זעלבן שטילן טאָן געענטפערט. דערנאָך האָט ער צו איר גערעדט מיט שטאָלץ און זי צו אים מיט שטאָלץ. רופט ער זיך אָפּ: — נישט אומזיסט זאָגט דער פּסוק „מענה רך ישוב חמה״, „דברי חכמים בנחת ישמעון״.

דער עלטסטער זון משה ז״ל איז געווען און געלערנט. צוויי מאָל געענדיקט ש״ס, חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דער שידלאָווצער משפחה אַנילעוויטש, קרובים פון דעם באַוווסטן העלד פון וואַרשעווער געטאָ מרדכי אַנילעוויטש. געהאַט אַ שפּייז־קראָם און צוויי קינדערלעך.

די טאָכטער חיה ז״ל, מיין פרוי, געענדיקט די שול און געגעבן לעקציעס, געווען טעטיק אין „פּועלי ציון״, ליב געהאַט צו שרייבן לידער. עטלעכע אַרטיקלען אירע זענען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ ציוניסטישער צייטונג, געווידמעט בעיקר די יידישע אָרעמקייט, לידער און אַרטיקלען געווידמעט לונגען־קראַנקע, אין 1935 געבוירן אַ מיידל אסתר — עסטושאַ. מיר האָבן געוווינט אין לאָדזש, נאָכן פּאָגראָם, ביז דער וועלט־קריג.

נאָך דער באַפרייונג פון פּשיטיק, אין 1946 יאָר, האָט מיר איבערגעגעבן איינער פון די פּשיטיקער פּאָלאַקן, אַז חיה האָפמאַן מיטן קינד זענען אַוועק אין די קעלצער וועלדער. זי איז געווען איינע פון די וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע צוזאַמען מיט די ברידער מענדל און שלום ע״ה, די שוועסטער רחל אַאַנ״ד.

די געגנט און דער אַנטיסעמיטיזם פון דעם ראַיאָן האָבן נישט דערמעגלעכט לאַנג צו עקזיסטירן, די גאַנצע פּאַרטיזאַנער־גרופּע איז העלדיש געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַציִשע חיות.

אַ גרויסע פאַרצווייגטע משפחה געווען. אויך זיין ברודער ישראל האָפמאַן מיט דער גאַנצער פאַמיליע זענען אומגעקומען. קיינער פון דער גרויסער משפחה איז נישט געבליבן.

**ר׳ מענדל משהלעס ז״ל**

דער פּשיטיקער סאָלטיס ר׳ מענדל איז געווען הויך געוואַקסן, ברייטבייניק און גלייך — ווי אַ סאָסנע, מיט העל־בלויע אויגן און אַ לאַנגער הערצל־באָרד.

געמאָסטן די טריט ביים גיין, מיטן קאָפּ אַרויף, מעשה בעל־הבית, שטענדיק ריין אָנגעטאָן, אַפילו אויסגעפּוצט. ער מיט זיין גאַנצער פּערזענלעכקייט האָט געמאַכט אַ רושם, ווי מען זאָגט, און ביי די אַלע וואָס זענען געקומען מיט אים אין באַרירונג — האָט ער אַרויסגערופן ערע און אַכטונג. ער איז געווען פון די, וועלכע האָבן געהאַט אַן איינפלוס אויף די הערשער פון שטעטל. ער האָט געקענט אַריינגיין אין גמינע, צום סעקרעטאַר פון שטאָט.

די קריסטן אין שטעטל האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. ער איז געווען מיט זיי אין גוטע באַציִונגען, ווי אויך מיטן וואָיט. ווען עס זענען געקומען אין גמינע בכבודיקע געסט פון ראַדאָם, צי פון ראַיאָן, האָט מען איינגעלאַדן מענדלען.

די פּאָליאַקן האָבן ליב געהאַט צוצוהערן זיך צו דעם וואָס ער זאָגט און דעריבער פלעגן די יידן פון שטעטל קומען צו אים האָלטן זיך אַן עצה אָדער פאַרקלאָגן זיך אויב מען האָט געטאָן אַן עוולה.

אין דער ערשטער וועלט־קריג האָבן פּשיטיקער יידן געליטן הונגער, ווייל אַ טייל מענער זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי, ווייל די פּרנסה פון די שטעטל־דיקע איז געווען שוסטעריי, שניידעריי און היטלמאַכעריי — נאָר קיין אָפּנעמערס זענען נישט געווען, ווייל אויך די פּויערים האָבן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן. אין יענער צייט האָט זיך באַוויזן אַ יידישער אָפיציר פון דער רוסישער אַרמיי, דער מחבר פון „דיבוק״ — ש. אַנסקי — און פלעגט טיילן געלט, צוקערלעך און קיכלעך די יידישע פאַרשמוציקטע, אָפּגעריסענע און נאַקעטע קינדערלעך.

בעת דער מלחמה האָבן די יידן געמוזט זיך עוואַקויִרן פון פּשיטיק. זיי זענען געקומען קיין ראַדאָם, כדי צו געפינען אַ שטיקל ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

מען פלעגט דערציילן, אַז פאַקטיש האָט פּשיטיק געדאַרפט זיין די וואָיעווודזטווע־שטאָט און ראַדאָם האָט געדאַרפט געהערן צו פּשיטיק, ווייל ווען אין ראַדאָם איז ווער

געשטאָרבן, האָט מען אים געבראַכט צו קבורה אין פשיטיק. נאָר דערפאַר וואָס די מערהייט אין פשיטיק איז געווען יידן און כדי די הערשאַפט זאָל נישט זיין אין יידישע הענט, האָט דעריבער ראַדאָם זוכה געווען צו זיין דער ראַיאָן־צענטער.

דאָס ערשטע יאָר נאָכן ענדיקן דעם ערשטן וועלט־קריג האָבן די פשיטיקער יידן צוריק געוואָנדערט אין זייער שטעטל פון ראַדאָם און אומגעגנט. דער הונגער איז געווען גרויס, שוין אָפגערעדט וועגן מאַנגל פון קליידונג אָדער שיך — דאָס איז דאָך געווען אַ לוקסוס. די אַמעריקאַנער יידן האָבן אָנגעהויבן שיקן פּראָדוקטן. ס'איז דאַן אַנטשטאַנען אַ קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרטיילן די פּראָדוקטן צווישן דער באַפעלקערונג, יעדער מיטגליד פון דער משפחה האָט באַקומען אַ קאַרטע אויף וועלכע די פאַמיליע האָט דערהאַלטן פּראָדוקטן. ס'איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קיך, ווי מ'האָט געטיילט מיטאָגן.

די פשיטיקער יידן האָבן אויפגעהערט צו נעמען עסן פון דער קיך. פיל משפחות האָבן זיך געשעמט צו קומען און נעמען די מיטאָגן אַהיים. מילא, פּראָדוקטן אויף קאַרטן האָט מען גענומען, ווייל עס איז נישט געווען קיין אַנדערע עצה — מען האָט דאָך געדאַרפט לעבן. די פּראָדוקטן צום צעטיילן פלעגט מען האַלטן ביי אברהמטשע צוקער אין הויף.

אויך אַ שולע האָט מען געעפנט, אין שטוב ביי אַ פּאַליאַק. וועמענס קינדער האָבן געוואָלט גיין אין שקאָלע, האָבן זיי געקענט זיך דאָרט לערנען. זייער אַ קליינער טייל יידישע קינדער האָבן זיך געלערנט אין דער פּוילישער שול. עס זענען געווען חדרים מיט רביים צו לערנען תורה. און די ערשטע פּאָר גראָשן וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרדינען, האָט מען אויסגעגעבן אויף דער תלמוד תורה.

ר' מענדל משהלעס איז געווען איינער פון די אָנפירער פון קאָמיטעט. אַלס סאַלטיס פון שטאָט האָט מען אים געשענקט צוטרוי.

אין די יאָרן 1924—1928 האָט מען אויפגעשטעלט די עלעקטראָווניע אין פשיטיק — אַ געזעלשאַפט אין וועלכער עס זענען געווען פאַרטרעטן הערשל ריבא, אברהמטשע צוקער, מענדל משהלעס. דער טעכניקער איז געווען ר' לייביש ראָזענצווייג — אַן איידעם פון בעריש לענגא ז"ל.

די גאַנצע שטאָט האָט געאַכטעט ר' לייביש ראָזענצווייג — אַ ייד זאָל זיך אויסקענען אויף אַזעלכע זאַכן — אַ מייסטער פון עלעקטריע. אַלע האָבן געזאָגט, אַז ער ווייסט מער פון אַן אינזשיניער. די עלעקטריציטעט גופא איז דאָך גאָטס וווּנדער. מען נעמט צוויי לאַנגע דראָטן און דאָס פירט אַריין ליכט אין אַ לעמפּל און לייכט אַפילו בעסער פון אַ בליץ־לאָמפּ.

צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַזאַ געזעלשאַפט איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. די קריסטן האָבן געזאָגט, אַז קיין ליכט זאָל נישט אַריין אין די יידישע הייזער.

ר׳ מענדל האָט אַרויפגעלייגט זיין שטעמפּל און... די גאַנצע ווירקונג וואָס ער האָט געהאַט אויף דער גמינע. מען האָט דערלויבט. אויף דעם שרייבער פון דער גמינע מיטן וואַיט, אַ פּאָלאַק האָט מען אַריינגענומען אַלס שותפים, בכדי מען זאָל קענען געבן ליכט אויף שבת.

מיט דער הילף פון זיין שוואָגער פון לאָנדאָן האָט מען אויפגעשטעלט די פּשיטיקער מיל און אויך אַ סינעמאַ (קינאָ) אונטער דער אָנפירונג פון פּסח ז״ל — ר׳ מענדלס אַ זון — ווו מען האָט געוויזן פּרימיטיווע בילדער. אָבער דער סינעמא איז נאָך אַ קורצער צייט ליקווידירט געוואָרן.

ר׳ מענדל איז אויך געווען גבאי פון דער חברה קדישא און האָט אָרגאַניזירט אַ „לינת הצדק״. יעדער חבר האָט אָפּגעגעבן איין נאַכט אין דער וואָך, כדי צו זיצן ביי אַ קראַנקן אין שטוב.

נאָר צוויי זין פון דער גרויסער פאַמיליע זענען געבליבן לעבן. זיי זענען אַוועק פון פּוילן נאָך פאַר דער וועלט־קריג. אויך זיין איידעם יעקב פּאַלאַנד מיט דער פאַמיליע זענען אומגעקומען.

ד׳ ינקום דמם!

## אליעזר פעלדבערג ז״ל

לייזער ז״ל איז געווען פון די בכבודיקע ידן אין שטעטל. אַ בלעכער פון פאַך, אויך זיינע קינדער האָבן געאַרבעט ביי דעם פאַך. אַ האָרעפּאַשניק מיט אַ געזונטן שכל, פול מיט הומאָר.

יעדן טאָג, זומער און ווינטער, פלעגט ער אויפשטיין גאַנץ פרי, פיר אַ זייגער, און זיך גענומען צו דער אַרבעט — דער האַמער האָט שוין געקלאַפּט. ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהויבן צו טאָגן איז ער מיטן טלית און תפילין געגאַנגען אין שול דאַווענען. געקומען אַהיים — אָפּגעגעסן און צוריק צו דער אַרבעט.

ער האָט פיינט געהאַט לופט־געשעפטן, זוכן לייכטע פּרנסות. ער האָט געחלומט וועגן מאַשינען־אינדוסטריע. ווען ער האָט דערזען די לייכטע פּרנסה־זוכערס, פלעגט ער זאָגן צו מיר:

— ידן וואָלטן גערן איבערגענומען דאָס פאַך צו זיין אַ גלח. ס׳איז נישט קיין שלעכט געשעפט — זאָגן יענעם מוסר און נעמען דערפאַר געלט. נאָר אַזוי ווי אַ גלח טאָר נישט חתונה האָבן, וועט אַ ייד, חלילה, זיך נישט אָפּזאָגן פון אַזאַ גרויסער מצווה ווי פּריה ורביה...

איך האָב קיין מאָל נישט געזען ער זאָל רוען. שבת גאַנץ פרי געגאַנגען אין בית

המדרש לערנען אַ פּרק משניות און תהילים זאָגן מיט אַ מנין, אַרומשפּאַצירן, פּאָליטיקירן. פיל האָבן זיך צו אים געווענדעט נאָך אַן עצה, אַ גוט וואָרט.

איך געדענק דעם 9טן מערץ 1936, געווען איז עס מאַנטיק, ווען די פּויערים האָבן אָנגעהויבן באַפאַלן יידישע קרעמער. אין גאַס, אין מיטן מאַרק, איז אויסגעוואַקסן דער 68-יעריקער ר׳ אליעזר, אַרויסגעצויגן דעם דישל פון אַ וואָגן און אָנגעהויבן שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. פיל פּויערים זענען אַנטלאָפן פון פּחד.

ער האָט דאַן אויסגעזען ווי שמשון הגבור ביי די צוויי זיילן „זכרנו נא וחזקנו אך הפעם הזאת״.

ווען ער איז געשטאַנען פאַר די ריכטער אין געריכט — זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ קאָמוניסט — און ווען מען האָט ביי אים געפרעגט, צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי ער געהערט האָט ער געענטפערט מיט שטאָלץ און מיט חכמה: — מיין פּאַרטיי איז אלהי אברהם אלהי יצחק, ואלהי יעקב.

די שופטים פון אַנטיסעמיטישן פּוילן האָבן אים פאַראורטיילט פאַר זיין העלדישן פאַרטיידיקן זיך קעגן טויזנטער פּויערים, אויפגעהעצטע צו מאָרד און רויב, פאַר דער אַרויסגעוויזענער גבורה — אויף אַנדערהאַלבן יאָר תפיסה.

שומאַנסקי, איינער פון די אַדוואָקאַטן, אַ פּאָלאַק, איינזעענדיק אַז די ריכטער זוכן נישט קיין גערעכטיקייט, נאָר פאַרקערט, צו פאַראורטיילן אים אומזיסט, האָט מיט עקסטאַז אויסגערופן אין געריכט־זאַל: אלי, אלי למה עזבתנו?

זיין נאָמען און זיינע העלדישקייטן האָט געשטאַרקט דאָס קליינע הייפעלע יידן און דערמעגלעכט צו פאַרטרייבן די צעווילדעוועטע, אויפגערייצטע חיות פון שטאָט. זיין נאָמען האָט פיל יידן אין געטאָ צוגעגעבן כוח און מוט אויסצוהאַלטן און שטאַרקן זיך קעגן דעם שונא.

### מאַטעניו דער טרעגער

י. ל. פּרץ, דער גרויסער יידישער שרייבער, האָט אַ דערציילונג „באַנטשע שווייג״, אין וועלכער ער גיט איבער וועגן באַנטשעס יוגנט, זיין יסורימדיקן לעבנס־וועג אין הונגער און קעלט — נאָר גלייכצייטיק איז דער דאָזיקער באַנטשע גרייט מקריב צו זיין זיין לעבן, כדי העלפן ראַטעווען מענטשן.

שוויינגנדיק האָט ער געלעבט און שוויינגנדיק איז ער געשטאָרבן, אויך פאַרן בית דין של מעלה, ווען מען האָט אויסגערעכנט אַלע זיינע מעשים טובים — האָט ער געשוויגן. דאָס בית דין איז גרייט געווען אים צו געבן אַלץ וואָס ער וויל, נאָר באַנטשע האָט גאָר געבעטן אַ פרישע בולקע מיט פּוטער...

ווען איך זע אין געדאַנק אונדזער מאַטעניו, דערמאָן איך זיך אָן באַנטשע שוויג.

אַ גאַנצע וואָך, אין די נעכט, געזעסן אין דרויסן, אויף שטיינערנע טרעפּ. אַמאָל געכאַפּט אַ דרימל און צוגעלייגט זיך ערגעץ אויף אַ באַנק.

ווינטער, ווען דער שניי און פראָסט האָבן אַריינגעדרונגען אין די ביינער, האָט ער געקלאַפּט מיט די הענט און געטאַנצט, כדי זיך אַ ביסל דערוואַרעמען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין רעגן אַ דורכגענעצטער ביז אַ פאָדעם.

דאָס האָט מאַטעניו גאַנצע נעכט געוואַרט אויף די סוחרים, אויף זייער קומען פון די יארידן פון ביאַלאַבזשעג, אַדזשעוואָל און ראַדאָם מיט פולע וואָגנס, שווער אָנגעלאָדענע מיט סחורות. ער האָט זיך צוגעהערט, צי אין דער שטילקייט פון דער נאַכט פאָרט נישט קיין וואָגן.

מיט אַ זאַק אָנגעטאָן אויפן קאָפּ בעת אַ רעגן, איז מאַטע צוגעגאַנגען אויסלאָדן די סחורה. נאָכן באַקומען אַ פּאָר גראָשן, איז ער אַריין אין בעקעריי, געקויפט אַ ברויטל און עס געטראָגן אַהיים, צו דער משפחה.

דאַכט זיך, אַז ער איז קיינמאָל נישט געווען זאַט, אַז ער האָט נישט געוווּסט וואָס הייסט עסן צו דער זעט, ווער שמועסט — וועגן אַ גוטן מאָלצייט.

די ערגסטע צייטן זענען געווען אין די ווינטער־חדשים, ווען די וועגן זענען געווען פאַרשאָטן און דער פראָסט האָט געברענט. דאָן איז זיין ווייב געלאָפן אין שפּייז־געוועלבל, כדי צו באַקומען עפּעס אויף קרעדיט. אָבער דער אָרעמער קרעמער האָט שוין מער נישט געקענט געבן אויף באָרג. פון וואַנען נעמט מען אַ פּאָר גראָשן, כדי נישט אויסצוגיין פון הונגער, חלילה, צוזאַמען מיט דער משפחה ?

די אויגן מיט ראָפּע, אָפּגעריסן, אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס — די הויזן אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, די וואַטענע קורטקע צעריסן און געלאַטעט.

מאַטע חלומט וועגן דעם, אַז ער מיט זיין משפּחה זאָלן זיין זאַט, עס זענען דערגאַנגען צו אים קלאַנגען, אַז אין רוסלאַנד איז דאָ אַ גרויסער מענטש, סטאַלין, ער וועט ברענגען קאָמוניזם אויף דער וועלט. וואָס איז אַזוינס קאָמוניזם ? מען זאָגט אים — גלייכהייט. יעדער וועט באַקומען אַרבעט און ברויט צו דער זעט. עס וועלן מער נישט זיין קיין בורזשויען, אַלע גלייך.

א פריידיקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף מאַטעניוס פּנים און ער האָט אויסגערופן מיט עקסטאַז :

— אַז גאָט וועט העלפן און סטאַלין וועט קומען קיין פּשיטיק, וועל איך אַריין אין דער בעקעריי פון משה וואָגשאָל און נעמען אַהיים פאַר יעדן איינעם פון מיין משפחה א פּריש, וואַרעם ברויט. אַ גאַנץ ברויטל פאַר יעדן איינעם. גאָט ! שיק צו סטאַלינען וואָס גיכער !

## ר׳ נתן-דוד ז״ל — דער קוויקער מלמד

דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקענט דעם קוויווער מלמד וואָס האָט געלערנט תורה און האָבן ביי ר׳ נתן געלערנט דעם אַלף־בית און שפּעטער דאַווענען. אין זיי האָט ער איינגעפלאַנצט תורה און יראת שמים.

נאָך אַלס בחור האָט ער געלערנט אין דער טאָמאַשאָווער ישיבה און דאָרט געגעסן „טעג״. יעדער ישיבה־בחור איז געווען צוגעטיילט צו באַלעבאַטים, ווו ער האָט געגעסן אַ טאָג צי צוויי, אָפטמאָל — יעדן טאָג ביי אַן אַנדערן. געשלאָפן איז ער, ווי אַלע ישיבה־בחורים, אין אַ ווינקל ביי אַ ייִדישער משפחה, וואָס האָט געהאַלטן פאַר אַ מצווה צו לאָזן נעכטיקן ביי זיך אַן אָרעמען ישיבה־בחור.

אויף הוצאות צו פאָרן אַהיים צוויי מאָל אין יאָר אויף פּסח און סוכות, האָט ער נישט געהאַט.

איין מאָל פאַר יום־טוב, האָט זיך ר׳ נתנען פאַרבענקט אַהיים. ער האָט געוואָלט פאַרברענגען מיט זיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער, פּראַווען דעם סדר צוזאַמען, נישט זיין פאַרוואָגלט און עלנט. אָבער ווו נעמט מען געלט אויף אַ בילעט ? סוף־סוף איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: ער האָט פאַרקויפט דאָס קישן אויף וועלכן ר׳איז געשלאָפן און אַזוי אָרום געפאָרן צו די עלטערן.

נאָך דער חתונה, ווען ער האָט שוין געהאַט אַ מלמדות, האָט ער אָן דעם וויסן פון זיין ייִדענע געקליבן עטלעכע יאָר אויף הוצאות קיין טאָמאַשאָוו. דאָרט האָט ער געפּרוווט געפינען די משפחה ביי וועלכער ער האָט אַמאָל געוווינט און אומקערן דאָס געלט פונעם פאַרקויפטן קישן. ליידער, איז שוין די משפחה נישט געווען, קיינער האָט נישט געלעבט. איז ער אַוועק צום רב פון דער שטאָט און דערציילט וועגן אַלץ. דער רב האָט געהייסן געבן דאָס געלט אויף צדקה.

די דאָזיקע געשעעניש איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין אַ ייִדישער צייטונג. ווען ר׳ נתן איז געקומען דאַווענען אין ביאַלאָבזשעגער שטיבל, האָבן אים די חסידים געוויזן די צייטונג.

אויך דער רבי האָט אים גערימט און געזאָגט, אַז ער האָט געטאָן אַ גוטע זאַך. פאַרט אַ בעל תשובה — „במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמוד״.

ר׳ נתן האָט זיך אָבער נישט באַגנוגנט בלויז מיט דעם און פלעגט יעדן טאָג גיין זיך טובלען אין וואַסער. ווינטער, ווען דאָס וואַסער איז געווען פאַרפרוירן, פלעגט ער נעמען מיט זיך אַ האַק, כדי צעהאַקן דאָס אייז. איין מאָל האָט ער זיך פאַרקילט ביים

טובלעו זיך. געוואָרן קראַנק אויף אַ לונגען־אָנצינדונג, גענומען שפּייען מיט בלוט און איז נפטר געוואָרן

יהי זכרו ברוך!

(דערציילט פון דוד בלאַטמאַן, תל־אביב)

### די פאַמיליע קליינבוים

ר׳ שמואל קליינבוים ז״ל איז געווען אַ שניידער, אַ טאַנדעטניק, געפירט אַ וואַרשטאַט אין שטוב און געהאַלטן עטלעכע אַרבעטער. ער אַליין איז געווען אַ קראַנקער, געליטן פון דער צוקער־קראַנקייט. דאַן איז נאָך קיין היילונג נישט געווען צו דער דאָזיקער קרענק און ער איז יונג געשטאָרבן.

זיין פרוי מרים ז״ל האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער שטוב. זי איז געווען אַ שוועסטער פון באַוווסטן לייזער פעלדבערג פון פּשיטיקער פ־אָצעס. מרים האָט געהאָלפן אין וואַרשטאַט, געזאָרגט פאַרן עסן, קליידן און דערציען די קינדער. זי איז געווען טעמפּעראַמענטפול און פול מיט ענערגיע.

יעדן מאָנטיק, בעתן מאַרק־טאָג, האָט זי אויפגעשטעלט דעם סטראַגאַן און געגרייט זיך צום פאַרקויפן די פויערים די פּראָדוקציע פון וואַרשטאַט: הויזן, מאַרינאַרקעס, קאַפּטאַנעס אדג״ל.

מיטוואָך און דאָנערשטיק איז זי געפאָרן אויף די יאַרידן קיין אָדזשיוואל, ראַדאָם. געאַרבעט פון פיר אַ זייגער פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ישראל קליינבוים, אַ ברודער פון שמואלן, איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך געדענק אים ווי אין חלום. ער איז געווען מיין מוטערס אַ ברודער און פיל פאַרבראַכט אין אונדזער שטוב. געווען אַ גוטע נשמה, שטענדיק געשמייכלט און גרייט געווען יעדן איינעם צו העלפן. זייער משפחה האָט מען גערופן „די שמולאָקעס״.

ישראל האָט זייער ליב געהאַט קינדער און פלעגט אויסגעבן זיין גאַנצן פאַרדינסט פאַר די קינדער פון זיינע שוועסטער און ברידער. מיר אַלע האָבן אים זייער ליב געהאַט. לאַנגע יאָרן פלעגט מיין מוטער דערמאָנען איר ברודער ישראל מיט יראת הכבוד און דערביי לאָזן אַ טרער.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט ישראל אַראָפּגענומען קיין פּאַריז יואל קליינבוימעז, אַ זון פון שמואלן און שפּעטער מענדלען, זיין ברודער.

מענדל איז געווען אַ פאַרברענטער קאָמוניסט — ער איז געווען אַקטיוו און האָט פיל געטאָן פאַר דער פּאַרטיי. אַ געוויסן פרימאָרגן בין איך געגאַנגען צו דער מומען

מרים, וועלכער כ׳האָב זייער ליב געהאַט. מען האָט מיך אָבער נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב, ווייל פּאָליציי האָט דאַן געמאַכט אַ רעוויזיע און אַרעסטירט מענדלען.

איך בין דעמאָלט געווען רעליגיעז. ווען איך האָב געזען די ליידן פון דער פאַמיליע, האָב איך זיך צעוויינט. דאָס בילד האָט מיך נישט געלאָזט רוען אַ לאַנגע צייט. איך האָב שטענדיק געפרעגט דעם רבונו של עולם, פאַרוואָס שטראָפט ער אַזאַ מענטש ווי מענדל ? ער וויל דאָך, אַז אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך, זאָלן האָבן אַרבעט און ברויט און יעדער זאָל קאָנען לעבן ווי אַ מענטש — נישט איינעם צו פיל און דעם צווייטן הונגער. פאַר אַזעלכע גערדאַנקען קומט דען שטראָפן ? מענדל פלעגט דאָך אָוועקגעבן פאַר זיינע חברים אַלץ וואָס ער האָט געהאַט, ער פלעגט שטענדיק זיי העלפן. כאָטש ס׳איז געווען נישט אָנגענומען, אַז אַ ישיבה־בחור זאָל רעדן מיט אַ קאָמוניסט, דאָך האָב איך ליב געהאַט צו שמועסן מיט אים ווי מיט אַ גוטן פריינד. ער איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון מיר. שפּעטער איז ער אַוועק קיין פּאַריז.



משפחה יהודית (של עקיבא האופה) בפשיטיק.
אַ יידישע משפּחה (פון קיווע בעקער) אין פּשיטיק.

זייער טאָכטער מלכה האָט חתונה געהאַט פאַר חיים קאָטשקע, אויך אַ שניידער, און זיי האָבן געפירט אַ גאַנץ שיין לעבן, געהאַט עטלעכע קינדערלעך. מלכה מיט דריי קינדערלעך זענען געשטאָרבן פון אַ בויך־טיפוס. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע טראַגעדיע פאַר דער משפחה. די מוטער מרים האָט זיך געשטאַרקט און ווייטער געפירט איר לעבן. די יינגסטע טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט יוסף דאזי, דעם שניידערס אַ זון. דער שניידער ר׳ ישראל האָט געהאַט עטלעכע זין מיט אַ טאָכטער. אַלע קינדער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער אַקטיווקייט אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס.

געוווינט האָט די פאַמיליע דאזי נעבן דער שול, אין אַ קליין הייזל, וועלכע האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַז זי פאַלט איין פון אַלטקייט. אַ שטיין איז געלעגן ביים אַריינגאַנג. נאָכן אַריבערגיין די שוועל, האָט מען זיך געפונען אין אַ שטוב אָן אַ פּאָדלאָגע. אין דער רעכטער זייט האָט געוווינט ר׳ אלי בעקער. ער האָט געבאַקן בייגל און די קינדערלעך פלעגן זיי פאַרקויפן. עטלעכע קראַנקע קינדער זענען געווען אין שטוב. די אָרעמקייט איז געווען זייער גרויס. אַ מלבוש אָדער אַ פּאָר שיך איז געווען אַ זעלטענע זאַך. ר׳ אלי האָט געהאָרעוועט און געשוויצט ביים באַקן די בייגל. מען האָט אים געפרעגט דעם סוד פון באַקן בייגל. ווי אַזוי מאַכט מען עס? פלעגט ער מיט אַ שמייכל ענטפערן: „פּראָסט און פּשוט. מען נעמט אַ לאָך און מען קלעפּט עס אַרום מיט טייג און עס קומט אַרויס אַ בייגל...״ קיין פּרנסה איז נישט געווען, עסן צו דער זאַט איז געווען אַ חלום, אָבער שטאַרבן פאַר הונגער איז מען נישט געשטאָרבן ביי ר׳ אלין. די בייגעלעך וואָס זענען נישט גוט אַרויס, אָדער מען האָט זיי נישט פאַרקויפט, די א״ג „באָוול״, האָט מען באַשיט מיט אַ ביסל זאַלץ און אַ ביסל וואַסער — איז עס געווען סעודת מלכים.

אין דער לינקער זייט פון שטוב האָבן געוווינט אין צוויי קליינע צימערן דער פּשיסכער שניידער מיט זיינע פינף קינדערלעך. דאָרט האָט מען פּאָליטיקירט, געלייענט אַ ביכל וועגן ציוניזם, סאָציאַליזם, קאָמוניזם א. א. וו. צווישן זיי אַלע איז געוואַקסן יוסף דאזי. ער האָט געקענט האַלטן אַ שיינע רעדע און באַגייסטערן די צוהערער. ער האָט געהערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פּשיטיק איז פאַר אים געווען צו קליין. איז ער אַוועק קיין וואַרשע, געפירט דאָרט אַ שניידער־וואַרשטאַט צוזאַמען מיט זיין ענערגישער פרוי מינדל און גלייכצייטיק געפירט אַן אַקטיווע אונטערערדישע טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדערלעך.

איך געדענק, אַז כ׳בין געקומען קיין וואַרשע, צו מיין קוזינקע, האָב איך דאָרט געטראָפן פאַרזאָרגטע פנימער. שפּעטער האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז עמעצער האָט אָנגעגעבן דער וואַרשעווער פּאָליציי, אַז אין דעם הויז געפינט זיך אַן אומלעגאַלע

דרוקעריי. אָבער מען האָט זיך טועה געווען אין נומער און זיי האָבן אין אַן אַנדער הויז,ביים שכן, איבערגעדרייט די גאַנצע שטוב — אַרויסגעריסן ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, אָבער גאָרנישט געפונען.

יוסף דאזי האָט געשריבן אין דער לינקער יידישער פּרעסע אונטערן פּסעוודאָנים: י. גרויסער. ער האָט געגרינדעט דעם „אַגראַיד" אין וואַרשע און געווען איינער פון די אָנפירער. דער „אַגראַיד" האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדע פאַר ביראָבידזשאַן. ער איז אַפילו איינמאָל געווען אַרויסגעשטעלט אויף דער קאָמוניסטישער ליסטע צום סיים, אָבער נישט געוויילט געוואָרן.

בעת דער נאַציישער אָקופּאַציע האָט זיין פרוי זיך פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן קיכן פאַר קראַנקע און קינדער ביזן און אין וואַרשעווער געטאָ. יוסף איז אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון די דייטשע מערדער. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן נאָך דער ווי די היטלעריסטן האָבן אים אַריבערגעפירט קיין וואַרשע. איך האָב וועגן דעם געהערט אין פּאַריז און איך ווייס נישט צי דאָס איז טאַקע אַזוי געווען. ער איז, אַלנפאַלס, געווען איינער פון די וויכטיקסטע טוער און געפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אין וואָרט און טאַט ביז זיין לעצטן טאָג, גלויבנדיק אין זיין אידעאַל — דעם קאָמוניזם.

פון דער משפחה האָט נאָך אַ זון, דוד, געהייראַט מיט בלומען, משה לעסקאָס אַ טאָכטער. זי איז געווען אַ שוועסטער פון יחיאל לעסקאָ, איינער פון די פּאַרמשפּטע אין פּשיטיקער פּראָצעס, נאָכן פּאָגראָם.

פון דער דאָזיקער גרויסער און פאַרצווייגטער משפחה אין פּוילן איז פאַרבליבן ביים לעבן איין טאָכטער רייזעלע — די פרוי פון אַלטער קויפמאַן, היינט געפינט זי זיך אין פּאַריז.

יואל און מענדל זענען געשטאָרבן אין פּאַריז. זיי האָבן איבערגעלאָזן קינדער. זיי פלעגן אונטערשטיצן זייערע עלטערן און די איבעריקע פאַמיליע אין פּוילן. זיי זענען געווען האַרעפּאַשניקעס און שווער געאַרבעט אויף זייער ברויט. גלייכצייטיק האָבן זיי נישט פאַרנאַכלעסיקט זייער פּאָליטישע טעטיקייט — אַ פאָרזעצונג פון דער טעטיקייט, וועלכע זיי האָבן געפירט אין זייער געבורט־שטעטעלע פּשיטיק.

יהי זכרם ברוך!

### משה פירשט ז"ל און זיין משפחה

אויף דער גאַס וועלכע האָט געפירט צו דער וואַרשעווער בריק, אין איינעם פון די הייף, האָבן געוווינט אַ 12 פאַמיליעס. די הייזלעך פוןביידע זייטן האָבן זיך געטוליעט איינע צו דער אַנדערער, ווי זיי וואָלטן געוואָלט זיך פאַראייניקן, צונויפגיסן...

הייזקעס נידעריקע, דער רוב פון זיי — אָן פּאַדלאָגעס, נאָר פון ליים און שטיינער ביים אַריינגאַנג אַנשטאָט שוועלן.

אינעם ערשטן הייזל רעכטס האָט געוווינט ר׳ מאיר פירשט ז״ל — אַ הויכער ייד מיט אַ שיינער הערצל־באָרד, תמיד געהאַלטן דעם קאָפּ אין דער הייך. מיט שטאָלץ ארויס געגאַנגען פון זיין שטיבל. דעם דאָזיקן גלייכן גאַנג האָט ער אַוודאי געירשנט פון דער רוסישער אַרמיי, ווו ער האָט געדינט אַ סך יאָרן. אַן איינדרוק האָט זיך באַקומען, אַז אין דער היים גייט ער אַוודאי איינגעבויגן צוליבן נידעריקן פּולאָפּ און ערשט אין דרויסן קאָן ער זיך אויסגלייכן.

דאָס איז געווען אַ שיין, פּאַטריאַרכאַליש געשטאַלט, ליב געהאַט צו מאַכן אַ געלעכ־טער, זאָגן אַ וויץ. זיין פאַך — אַ שוסטער און אויך זיינע קינדער האָט ער געלערנט די דאָזיקע מלאכה. אין זיין שטוב האָט געהערשט אָרעמקייט, נאָר די קינדער זענען תמיד געווען ריין אָנגעטאָן.

דער עלטסטער זון משה, איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין יאָר 1918, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך אַ זוי, איטשע, האָט ווינציק זיך אָפּגעגעבן דעם פאַך, נאָר געלייענט אַ סך ביכער און צייטונגען, געשריבן און געוואָרן אַן אַקטיווער טוער אין דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער האָט אויך געקענט האַלטן אַ שיינעם רעפעראַט. מ׳האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט עמיגרירט קיין פּאַריז, פלעגט ער דאָרט אויפטרעטן מיט גרויס דערפאָלג אויף פאַרזאַמלונגען פון הונדערטער יידישע אַרבעטער. אַ דריטער זון, בערל, איז אויך געווען טעטיק אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער איז געוואָרן אַרעסטירט און פאַרמשפּט אויף 3 יאָר תפיסה.

משה, דער עלטסטער זון, איז אין די דרייסיקער יאָרן געווען טעטיק אין פּשיטיק איז דער פּועלי־ציון פּאַרטיי. נאָך די געשעענישן אין מערץ 1936 האָט מען אים אוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק, ווו ער האָט זיך פאַרטיידיקט מיט אַ סך ווירדע און מוט. די יידישע פרעסע פון יענער צייט האָט אַ סך דערציילט פון משה פירשטס אַרויסטרעטונגען אין געריכט: „איך בין פון פאַך אַ שוסטער — איך שטיי אויפן מאַרק און קוק אויס אַ קונה. נאָר לאָזן זיך באַפאַלן און שלאָגן — דאָס נישט״. אויף דער פראַגע פונעם ריכטער פאַרוואָס האָט ער אַ וווּנד אויפן פּנים, איז זיין ענט־פער: „פון דער קריג אין יאָר 1918, אין קאַמף מיט די מאָסקאַלן״.

דאָס קרייז־געריכט אין ראַדאָם האָט אים פאַרמשפּט אויף אַ האַלב יאָר תפיסה און נאָכן אויסזיצן דעם אורטייל, האָט ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. זיין שטוב איז געוואָרן אַ היים, דער ערשטער אַדרעס פאַר די ניי־געקומענע עולים פון פּשיטיק. האָט ווער זיך געניייטיקט אין אַן הלוואה — איז ער געווען דער געבער. אַלע האָבן געוווּסט,

אז ביי משהן וועט מען תמיד געפונען אַ וואַרעם וואָרט, אַן עצה און ממשותדיקע הילף.

אין דער באַפרייונגס־מלחמה פון דער נאָר וואָס אַנטשטאַנענער יידישער מדינה, איז אין די קאַמפן פאַר דער שטאָט אשדוד אין יאָר 1948 געפאַלן זיין זון נתן. דאָס דאָזיקע אומגליק האָט פאַטאַל געווירקט אויפן געמיט־צושטאַנד און געזונט פונעם טאַטן. אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן פון זיין אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכע ענינים, ספּעציעל אין זיין טעטיקייט לטובת די פשיטיקער, פאַר וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט צוזאַמענטרעפן, די אזכרה־אָוונטן און אַנדערע אונטערנעמונגען.

דעם 13טן יוני 1957, ווען ער איז אַוועק צו דער אַרבעט און סיי אים, ווי זיינע נאָענטע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איצט הייבט ער אָן פילן דעם טעם פון לעבן — „בקש יעקב לישב בשלווה", האָט ער באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק און אין די בעסטע יאָרן זיינע — געשטאָרבן. ער האָט פאַריתומט אַ פרוי מיט דריי זין.

כבוד זיין אָנדענק!

מענדל האָניג / תל-אביב



שרידי המצבות בבית־הקברות בפשיטיק (צילום מ־1965).
פאַרבליבענע מצבות אויפן בית־הקברות אין פשיטיק (פאָטאָגראַפירט אין יאָר 1965).

# אייניקע פשיטיקער געשטאַלטן

אונדזער רב פון שטעטל, הרב שפּיראָ זצ"ל איז געווען באַוווּסט אַלס תלמיד־חכם און גוטהאַרציקער, ליבער מענטש. נאָר אונטערן שטאַרקן דרוק פון די פאַנאַטיש־פרומע יידן האָט ער געשטערט דעם פּראָגרעסיוון און קולטורעלן גאַנג פון דער באַפעלקערונג, ספּעציעל פון דער יוגנט.

אין פשיטיק זענען געווען צוויי שוחטים: יוסף־חיים ווייזער און יאַנקל צוקער. ווען דער לעצטער איז נפטר געוואָרן, האָט זיין אידעם, זאַלצשירער, געוואָלט ירשענען דאָס אָרט וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע מחלוקת אין שטעטל. צום סוף איז דער איידעם געבליבן שוחט אין פשיטיק.

לייזער פעלדבערג, אַ בלעכער, איז געווען אַ קלוגער ייד, נישט קיין אָפּגעשטאַנענער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס באַשולדיקטער אינעם פּראָצעס פון די פּשיטיקער יידן.

אַז דער ריכטער האָט אים געפרעגט צו וואָס פאַר אַ פּאַרטיי ער געהערט, האָט ער געענטפערט: „צו אברהם אבינוס פּאַרטיי״.

אברהם האָבערבערג איז געווען אַן עסקן פון די בעל־מלאכהס, אַנטייל גענומען אינעם קהילה־לעבן ווי אויך ביי די האַנטווערקער.

יוסף־חיים זיכהאָלץ — אַ בלעכער, אַן אימפּולסיווע געשטאַלט, אַגרעסיוו, איינער פון די שטאַרקע קעגנער אַז זאַלצשירער זאָל אויפגענומען ווערן אַלס שוחט.

קדיש ראַקאָץ, אַ ייד פון לײַדן. ער האָט נישט געוואָלט געניסן פון דער וועלט, אין גאַנצן אויסגעטאָן פון גשמיות, נאָר עוסק געווען אין רוחניות.

מיכל שטרוסמאַן, אַ פעלדשער, וועלכער האָט באַהאַנדלט אָרעמע קראַנקע נישט נאָר פאַר געלט, נאָר אויך ערטיילט זיי אומזיסט מעדיצינישע הילף און מעדיקאַמענטן.

חיים־אהרן בערקאָוויטש, אַן אַקטיווער טוער פאַר דעם ציוניסטישן געדאַנק. אַ קלוגער, אַ מאַסן־אָרגאַניזאַטאָר, פיל בייגעשטייערט פאַר דעם אַלגעמיינעם ציוניזם.

עובדיה לענגע, אַן אַקטיווער טוער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. נישט קיין פּשוטער בחור, גזבר פון פּשיטיקער קרן קימת.

לינדענבוים, אַ לעדער־סוחר, איינער פון די רייכערע יידן. אַ קלוגער און אַ שווייגער.

דוד מענדל זיידע, אַ שניט־סוחר, אַנטייל גענומען אין קהילה־לעבן פון פּשיטיק.

אברהם צוקער — אַ תבואה־סוחר, געווען אַ חסיד. איינער פון די רייכע מענטשן אין פּשיטיק.

הערשל ריבאַ, אַ באַלעבאַטישער טיפּ, אַ סאָלידער סוחר, צוריקגעהאַלטן זיך פון קהלישן לעבן.

לענגע, אַ מילנער, נישט קיין נאַרישער ייד. זיין מיל האָט פיל בייגעשטייערט צו דערווירטשאַפט אין שטעטל.

מאַטיע באָרענשטיין, אַ באַוווּסטזיניקער קעמפער, אַ סך פאַרשטאַנען און אַקטיוו געאַרבעט פאַר זיינע אידעאַלן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. שפּעטער אַריינגעפאַלן און פאַראורטיילט געוואָרן אויף אַ סך יאָרן תפיסה, ווו ר׳איז געשטאָרבן נאָך אַן אָפּעראַציע פון דער בלינדער קישקע.

משה צוקער. אין יענער צייט — אַן עקסטרעמער אידעאַליסט. אַ לערנער, אָבער געגאַנגען אין זיין פאַטערס וועגן און אַקטיוו אָנטייל גענומען אין פּראָפעסיאָנעלן לעבן. אַ באַוווּסטזיניקער אַרבעטער-קעמפער.

ראובן צוקערמאַן. אַן אינטערעסאַנט געשטאַלט. שאַרפזיניק. אָנטייל גענומען אינעם קולטורעלן און פּראָפעסיאָנעלן לעבן.

## מיין זיידע מענדל שטראַסמאַן און זיין בני-בית

מענדל שטראַסמאַן, מיין זיידע, איז געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס פעלדשער און משכיל אין יידיש און העברעיש. דער ערשטער און איינציקער וואָס האָט אין יענער צייט אַבאָנירט פון וואַרשע די „הצפירה״. אַ סובטעלע געשטאַלט, אַ האַרציקער ייד וואָס האָט געוווּסט נאָר צו טאָן טובות. תמיד געהאַט אַ שמייכל פאַר זיינע פּאַציענטן, וואָס דער רוב זענען עס געווען אָרעמע יידן — און אַזאַ איינעם האָט ער נאָך געגעבן געלט פון זיין טאַש צו קויפן די רעצעפּט.

אין זיין הויז האָט זיך געפונען אַ גראַמאָפאָן — דער ערשטער אין פשיטיק. דאָס איז געווען מיט אַ 75 יאָר צוריק. ער פלעגט די כלי אַרויסשטעלן פאַרן טיר, כדי אויך אַנדערע פשיטיקער יידן זאָלן הנאה האָבן פון אַ חזניש געזאַנג, צי פון אַ שיינער מעלאָדיע. מענטשן זענען געקומען קוקן אויפן גרויסן ווונדער פון יענער תקופה.

ער האָט געהאַט אַ זייער גוטן נאָמען אַלס געניטער פעלדשער און האַרציקער מענטש. זיין באַציִונג צו די קראַנקע איז געווען אַ שם-דבר.

פון זיינע פיר זין זענען צוויי אַוועק אין זיין וועג און געוואָרן פעלדשערס: מיכאל און הלל. דער ערשטער האָט איבערגענומען אַלע גוטע מידות פונעם טאַטן, אפילו געטראָגן יאַכלעך פאַר זיינע פּאַציענטן, געהאָלפן טיילמאָל אויך מיט געלט. צו דער דאָזיקער פיינער מלאכה האָט אים געהאָלפן זיין פרוי יוכבד. ביידע האָבן דערצויגן זייערע קינדער (פלאָרקע, ראָזאַ, איטע, הלל און הענאָך) צו דערלאַנגען הילף נויטבאַדערפטיקע, באַזונדערס פאַר אַלטע לייט.

די שוידערלעכע מלחמה־יאָרן האָט צעשפּרייט די משפחה אויף דער גאַנצער וועלט. פלאָרקע, וואָס האָט געהייראַט מיט משה צוקער (יעקל שוסטערס זון פון פשיטיק), האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל, נאָר די אומרוען אין יאָר 1929 האָבן זיי באַוויגן צו עמיגרירן קיין פּאַריז. זיי לעבן דאָרט מיט זייער זון, אַ באַרימטער כירורג. אין די יאָרן פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָבן זיי דורכגעמאַכט שווערע טעג און נעכט. דער זון איז געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויער אויפן דאָרף, ווו ער האָט

געפּאַשעט די קי. אויף זיין האָלדז האָט געהאַנגען מיין אַדרעס אין ארץ־ישראל.

ביים אויסברוך פון קריג האָט זיך מיט זיי געפונען אונדזער שוועסטער שרה־הענדל, אָבער זי האָט געטיילט דעם טראַגישן גורל פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק. אַ פראַנ־צויזישער זשאַנדאַר האָט זי אַרויסגענומען פון שטוב און זי איבערגעגעבן די דייטשע רוצחים.

איטע און מרדכי וויינטרויב און זייערע פיר קינדער זענען דעפּאָרטירט געוואָרן פון פּאַריז און אומגעקומען.

כבוד זייער אַלעמענס אָנדענק!

הלל שטראַסמאַן / תל-אביב



## אונדזער פּאָטער הערשעלע בן יעקב מוער ז״ל

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער צווייטער וועלט־קריג, האָט די קהילה אויסגעקליבן אונדזער פּאָטער אָלס באַגלייטער פון די מאָביליזירטע פּשיטיקער זעלנער צום פראָנט. עס זענען אַוועק עטלעכע וואָכן — און ער איז נישט צוריק געקומען. מיין מוטער איז געבליבן מיט קליינע קינדער, אָן פּרנסה. יעדעס מאָל האָט מען געברענגט ידיעות אַז דער פּאָטער איז אומגעקומען. מ׳האָט אַפילו געוווסט צו דערציילן אויף וועלכן בית־הקברות ער איז באַגראָבן. מיין מוטער און שוועסטער ביילע זענען געגאַנגען צום גלח פרעגן צי עס איז אמת, אַז מ׳זאָל דעם טאַטן האָבן קובר געווען אויף אַ קריסטלעכן צמענטאַזש...

די מוטער האָט באַשלאָסן צו גיין קיין ראַדאָם, אפשר וועט זי דאָרט עפּעס געוואָר ווערן. זי איז צוזאַמען מיט דער שוועסטער ביילע אַוועק צופוס, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו פאָרן. אין מיטן וועג האָבן זיי געטראָפן דעם פורמאַן אַברהמעלע פּאַמראַק און ער האָט צו זיי געשריגן: „מינדעלע, ביילע, איך ברענג אייך אייער מאַן און פּאָטער״.

די גאַנצע שטאָט איז געקומען צו לויפן און אָפּגעגעבן אַ ברייטן שלום־עליכם דעם טאַטן. צו מאָרגנס נאָכן פּאָטערס קומען זענען אַריין די דייטשן.

באַלד ביי זייער אָנקומען האָבן זיי צוזאַמענגענומען אַלע יידן אויפן מאַרק און אָנגעהויבן זייערע פּייניקונגען, קלעפּ, געשטעלט אין וואַסער, געשוירן בערד און פּיאות. מיין מאַמעס ברודער, ישראל־יאַנקל בלאַטמאַן, האָבן זיי שטאַרק צעשלאָגן. זיי האָבן געמאַכט אַ פייער און געצווינגען די יידן צו וואַרפן זייערע היטלען און טלית־קטנס אין

פייער און טאַנצן. מיין פאָטער האָט אויך נישט איין מאָל געקריגן קלעפּ, מען האָט אים געטריבן צו שווערער אַרבעט.

פון מיין משפחה זענען אומגעקומען: די עלטערן; שוועסטערס:ביילע, חיהלע, לאה, ליבע און שרה; ברידערס: ישראלקע, אברהמעלע, יחיאל און יאַנקעלע.

כבוד זייער אָנדענק!

צירל און גיטל מוּער



## די משפחה מיללער

אין דער איינשטאָקיקער געבידע וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרק, האָט געלעבט די פאַמיליע מיללער. די חיונה האָבן זיי געצויגן פון דעם שניט־געשעפט און ווי די באַלעבאַטים פון אַנדערע קלייטלעך — געוואַרט אויף דעם מאָנטיק־טאָג, דעם יאַריד אין שטעטל. צום יאַריד פלעגן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער קומען מיט זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן און זיי פאַרקויפן די יידן. דערנאָך פלעגן זיי איינקויפן שיך, שטיוול, מלבושים אאַנ״ד סחורות און די רעשט געלט פאַרטרינקען ביי דודטשע דעם שענקער.

פינטשע מיללער, אַן איידעלער יונגערמאַן און בן־תורה, איז געבוירן אין שטעטל פינטשעוו נעבן קעלץ. נאָך דער חתונה האָט ער זיך באַזעצט אין פשיטיק און מיט־געהאָלפן זיין פרוי, רחל (מען פלעגט איר רופן רחל רייזלס) פירן דאָס שניט־געשעפט. אין דער פרייער צייט פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אין בית־המדרש לערנען אַ בלאַט גמרא.

אַ געוויסן אָוונט איז פינטשע צוריק געפאָרן פון ראַדאָם פון דאָרטיקן יאַריד, וווּ ער האָט איינגעקויפט סחורה פאַר זיין געשעפט. ער איז געזעסן אויפן וואָגן, איינגעהילט אין דעם שווערן מאַנטל — און אַ קויל פון אַ ביקס האָט אים געטראָפן. געבראַכט האָט מען אים אין שטעטל אַ טויטן. די שרעקלעכע פּאַסירונג האָט אויפגערודערט גאַנץ פשיטיק. אַ פּחד איז באַפאַלן גרויס און קליין. מען האָט געפרווּווט דערגיין די סיבה פון דעם מאָרד, אָבער דער מערדער האָט מען נישט געכאַפּט. דאָס אומגליק איז פאַר־בליבן אַ געהיימניש אויף שטענדיק.

פינטשעס אומגעריכטער און געהיימניספולער טויט האָט שטאַרק געטראָפן זיין

פרוי רחל, וועלכע איז פאַרבליבן מיט עטלעכע קליינע יתומים. דער עול פון פרנסה און דערציִען די קינדער איז איצט נאָך מער געפאַלן אויף אירע פּלייצעס. שטיל און בכבודיק האָט זי פאַרגעזעצט איר שווער לעבן, אָבער תמיד מיט האָפענונג אויף דער צוקונפט. זי האָט אַלץ געטאָן, אַז אירע קינדער זאָלן באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג, אין גייסט פונעם פאַרשטאָרבענעם מאַן.

צווישן די קינדער האָט דער זון יעקב זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פעיקייט צום לערנען און דערצו נאָך געהאַט אַ גרויסע נייגונג צום האַנדלען. כאָטש ער איז נישט געווען דער עלטסטער פון די קינדער האָט ער מער ווי אַלע געהאָלפן זיין מוטער אין געשעפט און תמיד געוואָלט פאָרן איינקויפן סחורה אין גאַנץ ווייטע שטעט און שטעטלעך. מיר איז נישט איין מאָל אויסגעקומען צו פאָרן מיט יעקבן קיין שידלאָוועצ, ראַדאָם און אויך, נאָכן סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, קיין לאָדזש, ווען דער וועג איז געוואָרן פריי פאַרן ציווילן פאַרקער.

ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן און די דייטשן זענען אַריין קיין פשיטיק, האָט די משפחה מיללער נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַלע פשיטיקער יידן, וועלכע די דייטשע מערדער האָבן פאַרטריבן פון שטעטל. זיי האָבן געזוכט זיך ראַטעווען אין די דערבייאיקע שטעטלעך. לײדער, איז פון דער גאַנצער פאַמיליע מיללער פאַר־בליבן נאָר יעקב אַליין. אַ לאַנגן וועג פון יסורים און פיין האָט ער דורכגעמאַכט אין פאַרשידענע טויט־לאַגערן. די וואָס האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט יעקבן דערציילן, אַז זיי פלעגן באַוווּנדערן זיין ווידערשטאַנד־כוח, וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן אין די שווערע הונגער־טעג; זיין מסירת נפש ביים העלפן אַנדערע און טיילן זיך מיט דעם אָרעמען ביסן ברויט.

נאָך דער באַפרייונג איז יעקב, מיט דער הילף פון „דזשאָינט" געקומען קיין אַמעריקע. זיינע פעיקייטן צו ביזנעס זענען אים שטאַרק צונוץ געקומען ביים בויען זיין נייע היים. ער און זיין פרוי בעלאַ (פון דער היים — דוד־מענדלס זיידעס טאָכטער, אַן אָנגעזעענעם סוחר אין שטעטל), וווינען היינט צו טאָג אין ניו־יאָרק. יעקב פירט אָן מיט אַ גרויסער טעקסטיל־פאַבריק און איז זייער אָנגעזען אין די געזעלשאַפטלעכע קרייזן. ער גיט מיט אַ ברייטער האַנט פאַר מוסדות התורה און פאַרן אויפבוי פון מדינת ישראל, שטייט אין ענגן קאָנטאַקט מיט זיינע לאַנדסלייט אין ישראל און האָפט, מיט דער צייט, צו קומען זיך דאָ באַזעצן.

**דוד זיתני / תל-אביב**



# משה פירשט ז"ל

משה פירשט איז געווען איינער פון די העלדן וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן צו פאַרטיידיקן דעם כבוד פון יידישן פאָלק. זיי האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט די אויפגעהעצטע, בלוטדורשטיקע פאָליאַקן, וואָס האָבן דעמאָלט געשאַכטן די מינ־קאָווסקיס. פון די אַלע יידישע העלדן זענען נאָך דעם קריג געבליבן נאָר דריי מאַן ביים לעבן: משה פירשט, יצחק פרידמאַן און יעקב קירשענצווייג — אַ דאַנק דעם וואָס זיי זענען באַלד נאָכן פאָגראָם אין 1936 אַנטלאָפן קיין ארץ־ישראל.



משה פירשט ז"ל ליד מצבת החיילים שנפלו בהגנת אשדוד. ביניהם — גם בנו נתן ז"ל.

משה פירשט ז"ל ביי דער מצבה פון גע־פאַלענע זעלנער בעתן פאַרטיידיקן אשדוד. צווישן זיי — אויך זיין זון נתן ז"ל.

די פשיטיקער יידן זענען פאַקטיש געווען די ערשטע אויפן פייער פון דער נאַצישער אויסראָטונג. נאָך דריי יאָר פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, זענען מחנות היטלעריסטישע אַגענטן אָנגעקומען אין פשיטיקער געגנט און גענומען העצן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. אָנגע־פאַנגען האָבן זיי מיט אָרגאַניזירן אַ באָי־קאָט אויף יידישע געשעפטן, נישט דער־לאָזט קיין קריסט צו קויפן אָדער פאַר־קויפן צו אַ ייד; נישט דערלאָזט די יידן האַנדלען אין די מאַרק־טעג, וואָס האָט זיי געגעבן פרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך. די כוליגאַנעס האָבן אַוועקגעשטעלט פיקעטן ביי די יידישע געשעפטן. עס איז געווען אַ פאַקט, אַז אַ קריסט האָט זיך אַריינגעגנבעט דורך אַ הינטערטיר צו אַ ייד עפּעס צו קויפן. ווען דער קריסט איז אַרויס, האָבן די פיקעטניקעס אים צעשלאָגן און אפילו אונטערגעצינדן דאָס פוטער־מאַנטל וואָס ער האָט געטראָגן.

עס איז דעמאָלט געוואָרן אַ מוראדיקער קריזיס אין פשיטיק. די יידישע באַפעל־קערונג איז ממש אויסגעגאַנגען פאַר הונגער און קעלט, מען האָט זיי נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין ביסל האָלץ צום הייצן. ס'איז אוממעגלעך צו שילדערן די נויט און ליידן פון די פשיטיקער יידן אין די ווינטער־טעג פון 1936.

דאָס ערגסטע האָט פּאַסירט אין אַ מאָנטיק, דעם 9טן מערץ 1936, ווען צום מאַרק־טאג זענען אָנגעקומען פיל פויערים פון דער אומגעגענט און האָבן אַדורכגעפירט אַ בלוטיקן פּאָגראָם וואָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון די מינקאָווסקיס. ווען נישט אונדזערע העלדן, וועלכע האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און פאַריאָגט די כוליגאַנעס, וואלטן געפאַלן נאָך מער קרבנות.

די פוילישע מאַכט האָט דאַן אַרעסטירט אַכט יידן און פאַרפירט קעגן זיי אַ גרויסן פּראָצעס אין ראַדאָם, וואָס די גאַנצע וועלט האָט נאָכגעפאָלגט מיט שפּאַנונג. זשור־נאַליסטן פון אַ סך לענדער זענען געקומען שרייבן וועגן דעם פּראָצעס.

משה פירשט האָט אין דעם טאָג פון פּאָגראָם אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכן מוט און העלדישקייט און זיין נאָמען איז שפּעטער געבענטשט געוואָרן פון אַלע יידן אין פּשיטיק און אומגעגנט. דערנאָך, אין ישראל, האָט זיך משה מוסר־נפש געווען פאַר זיינע לאַנדסלייט וואָס זענען עולה געווען קיין ישראל און זיי געהאָלפן מיט אַלע זיינע מעגלעכקייטן.

דער העלדישער ייד איז פּלוצלינג געשטאָרבן אין ישראל דעם 13טן יוני 1957 און זיין נאָמען פאַרדינט פאַראייביקט צו ווערן צוזאַמען מיט די יידישע מאַרטירערס וואָס האָבן אין אַלע צייטן איינגעשטעלט זייערע לעבנס פאַרן כבוד און עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק.

ערע זיין אָנדענק!

סעם דייוויס



**על אלה אנו בוכים,**
**ביחד עם כל קדושי ישראל,**
**שנפלו על קידוש השם**
**ע״י הרוצחים הגרמנים ימ״ש ועוזריהם**

*

**זיי באַוויינען מיר,**
**באַזאַמען מיט אַלע קדושי ישראל,**
**וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם**
**דורך די דייטשע רוצחים ימ״ש**
**און זייערע העלפערס**

הרשימה כוללת רק השמות של ראשי המשפחה.

הרשימה הורכבה לפי הרחובות ומזכרון — לאחר יותר מ-30 שנה. יתכן מאוד השמטות של שמות — לפיכך השארנו מקומות ריקים להוסיף השם החסר.

די רשימה אַנטהאַלט נאָר די נעמען פון די משפחה-עלטסטע.

די דאָזיקע רשימה איז געוואָרן צונויפגעשטעלט לויט גאַסן און פון זכרון — נאָך העכער 30 יאָר. מעגלעך, אַז עס זענען אַדורכגעלאָזט געוואָרן נעמען — האָבן מיר איבערגעלאָזט ליידיקע ערטער אויף צוצושרייבן דעם פעלנדיקן נאָמען.

## רשימת הקדושים והנפטרים בפשיטיק

## רשימה פון די קדושים און געשטאָרבענע אין פשיטיק

היהודים שגרו ברחוב המתחיל
מהגשר לראדום מצד ימין
וממשיך בחלק מהשוק

די יידן וואָס האָבן געוווינט
אויף דער גאַס וואָס הייבט זיך
אָן ביי דער בריק קיין ראַדאָם
פון רעכטס — און ציט זיך ביז
אַ טייל פון מאַרק

**יוסל קויפמן**
**נתן פרידמן**
**יודיל פרידמן**
**שלמה הוברמן**
**משה שמעון מלץ**
**משפ׳ שטרוסמן**
**יצחק זייגערמאכער**
**זלמן סנדלר**
**ישראל שויצער**
**מנדיל פרידמן**
**נתן אייזנמן**
**מאיר שויצער**
**אפרים האבערברג**
**לייבל מלץ**
**חיים פרידמן**
**אלי האבערברג**
**משה ראובן האבערברג**
**איטשע האבערברג**
**איציק קוראנט**
**אברהם פיעצאנטקע**
**מנדיל מאלצמאכער**
**דוד פרידמן**
**אלי איידעלבום**
**יעקב איידעלבום**

**שלמה צוקער**
**הערש וועלוויל מנדלבום**
**גדליה טישלער**
**יעקב מנדיל האבערברג**
**שמעון ראקאטש**
**ישראל מאירפלד**
**מרים מאירפלד**
**איטשע ושעוולה ספיריטוס**
**ראובן ובינה מאירפלד**
**יחיאל ריבה**
**עזריאל קוראנט**
**יעקב קוראנט**
**שבתי אוקסנברג**
**משה וורשבסקי**
**אלי וורשבסקי**
**אברהם הרשל איידלבום**
**אלטער שוויצער**
**שרה גולצעבסקי**
**מוטה צוקערמן**
**וולוויל איידלבום**
**אזיאל איידלבום**
**יוסף קערשענצוויג**
**אפרים יוסף מוער**

..............................
..............................
..............................
..............................
..............................
..............................
..............................
..............................
..............................

אלה שגרו בצד שמאל של הגשר לראדום

די איינוווינער פון דער לינקער זייט בריק קיין ראַדאָם

הרשל גרינמן
יחיאל שטשעץ
יוסיל פרידמן
זיסיל מאנדלבום
הרשל אורענס
היצקע מאנדלבום
בעריל ווארשבסקי
יאקער (דער שוסטער)
מנדיל באראן
נח פרידמן
איטשה מאנדלבום
משה דען
משה מאנדלבום
חיים לייביש איידלבום
מאיר יחיאל פאמראק
חיים משה סטאָלער
הרשל פאמראק
הערצקי מאנדלבום

אלה שגרו בהמשך הרחוב — עד לבית־הכנסת ובית־המדרש

די איינוווינער פונעם המשך פון דער גאַס ביז דער שיל און בית־המדרש

אברהם האבערברג
איטשע רוזנברג
אברהם משה קעזמן
אברהם צוקער
זעליג צימבאליסט
מאלי שוויצער
שמחה בינם אייזענבערג
ישראל הירש קוזלובסקי
שיינדיל טילעס
מוטה מייערילס
מרדכי
יוסיל וחייה לעווענטל
משה פרידמן
ישראל יעקב בלאטמן
מרדכי פלאמקע
חייה שיינע צוקער
מרדכי פאלאנט
מרדכי בורוכוביץ
שמואל פרידמן
וועלוויל גולצעבסקי
משה קוזלובסקי
פייגה צירעל
ארון אייזענבערג
נח אייזענבערג
זילע מאנדעל
מרדכי הוניג
יצחק איידלבום
הערש לייב איידלבום
זיסיל ווארשבסקי
יוסף מאיר פרידמן

ישראלקע צימבאליסט
יעקב צוקער
דוד געליבטער
ישראל טענעבום
ישראל טענענבום
הערשל וחנה ריבה
חיה ריבה
ישראל ריבה
מענדל שערמן
שלמה מאיר ברויטמן
דובצה כהן
משה וואַרצעל
דוד לערנער
מיכאל איידלבום
נתן טישלער
משפ׳ קעסטנבערג
מרדכי ורבקה בוימאיילגרין
אלימלך יצחק כץ
אשתו באשה פעסה עם ילדיהם
דוד מנדל זיידע
משה יהושע לינדנבום
נטע לינדנבום
ברוך אייזנמן ואשתו
נחמן טייטעלבום
שמואל שמחה הורענפלד
חיים פרידמן
לייב זעליג מאלצמאכער
לייביש וואָלף מאלצמאכער
עקיבא איידעלבום
חיים זלמן פיעצאנטקע
ישראל מוער
ביניש וואבמאן
משה לאַזער בוימאייל
פישל גרינמאן
אברומטשע בוכמאכער

יוסיל בלאטמן
שלום רוזענבערג
מוטה בוכמאכער
אבי קוטשיטשעל
ישוע שניידער
ראובן שערמן
משה מאנדלבום
יעקב מאנדלבום
נתן צוקער
חיים לייזער טישלער
יואל הוניג
מלך טישלער
חיים מלך גרין
חיים כהן
שמואל פרידמן
ישראל דוזי
מאיר בוימאייל
עלי וואַרצעל

אלה שגרו בצד ימין של בית־הכנסת, בהמשך הרחוב

די וואָס האָבן געוווינט אויף דער רעכטער זייט פון דער שיל און אין המשך פון דער גאַס

**יוסיל איידלבום**
**הנוך שקולניק**
**בנימין לענגע**
**ישראל באס**
**לייביש נטע**
**יוסיל מיצענמאכער**
**מענדל פראשקע**
**פנחס מלץ**
**יודיל ווארשבסקי**
**משה מיצענמכער**
**נתן מיצענמכער**
**מענדל שטריקמאכער**
**לייבל לענגע**
**לייזער פעלדבערג**
**שלום האבערבערג**
**שמעון בלאטמן**
**הערשל ניימאן**
**משה זיידע**
**בעריל (שניידער) פרידמאן**

אלה שגרו ברחוב ורשבסקה — עד לגשר ורשה

די איינוווינער פון דער וואַר־שעווער גאַס, ביזן בריק

**נתן מאנדעלבום**
**שמאי ניישטאט**
**ארון וואכמן**
**יצחק שעפסעל**
**בעריש וואכמאן**
**רבקה שוויצער**
**משה דוד שוויצקי**
**אורין שטארק**
**מענדיל באנדע**
**זכריה אוקסענבערג**
**יצחק פלאנצבוים**
**שלמה ריכטער**
**אלטער ריכטער**
**הערשעל מיינקוס**
**שמואל בערקוביץ**
**אבא מיינקוס**
**משה ורוחמה פאצאנובסקי**
**מאיר פירשט**
**שמואל באס**
**שמואל קליינבום**
**אברהם יעקב האבערברג**
**יחזקאל טעפער**
**מרדכי (המוהל)**
**דוד הוניג**
**שמואל רוזענצווייג**
**העשיל נאכעס**
**אברהם נאכעס**
**דוד ליפסקי**
**יעקב נאחמעס**
**דוד פרידמן**

נתן פלאנצבום
חיים מאנדלבום
אברהם בוימאייל
שלום האבערבערג

רחוב השוק

די מאַרק־גאַס

משה מאנדעלבום
נתן מאנדעלבום
חנה מאלץ
יצחק ליפשיץ

הצד השמאלי של רחוב השוק
עם סמטאותיה

די לינקע זייט פון דער מאַרק־
גאַס און די אַרומיקע געסלעך

מלך איידעלבום
הלל איידעלבום
משה קערשענצווייג
יוסיל צוקער
משה מרדכי רובינשטיין
משה לעווענטאל
ראובן האבערבערג
בעריל איידעלבום
חיים ידעל איצקוביץ
עבער שוויצער
הערצקע בויכמאן
וועלוויל קערשענצוויג
דוד כהן
וועלוול קערשענצווייג
זיסמע רוזענצווייג
פייגע חיה גרין
ישראל יוסף הובערמאן
יחזקאל פלאנצבום
בצלאל האבערבערג
עלי בוימאן
יוסיל האבערבערג
חיים מאלץ
משה מאלץ
מענדיל בורכוביץ
שלום איידעלבום
ישראל מרדכי שטארק
פישעל זיידע
אברהם צימבאליסט
הערש לייזער בערקוביץ
ישראל בורכוביץ

| | |
|---|---|
| אפרים בלאטמאן | ........................................ |
| אברהם הערשיל גרין | ........................................ |
| הערש ידעל באראן | ........................................ |
| מיכאל קעזמאן | ........................................ |
| אברהם אייזנבערג | ........................................ |
| נתן שערמאן | ........................................ |
| שלומה קעזמאן | ........................................ |
| קדיש ראקוטש | |
| אברהם נתן (מלמד) | |
| שמעלקע ראקוטש | מהתחלת רחוב וורשבסקה — עד לגשר |
| שלמה יוחנן | |
| מוטי פרידמאן | פון אָנהייב וואַרשעווער גאַס ביז דער בריק |
| מוישל נחמיעס קויפמן | |
| ישעיהו נחמיעס טאובער | |
| יעקל טענענבום | אברהם העלמאן |
| פייוועל שטארק | יודעל פיעצ׳אנטקע |
| וועלוועל שטארק | לייזער יעגער |
| חיים יוסף זיכהולץ | רבקה רחל לייעלעס |
| יצחק יעקב בערשטעל | שמואל וואכמאן |
| אברהם פשיטיצקי | אלטער וואכמאן |
| מרדכי פשיטיצקי | יעקב סאפירשטיין |
| משה שמעון פשיטיצקי | אלטער ריכטער |
| נטע ברויטמאן | יעקב צוקער שו״ב |
| אברהם פרידמאן | שמחה ספירשטיין |
| מענדיל פרידמאן | משה לעסקי |
| חיים לאנגפוס | יוסף חיים ווייזער שו״ב |
| שמואל דוד מייזלס | מאיר יחיאל פאדבאר |
| שרה רייזעל | פייוועל פרידמאן |
| רחל רייזיל מילער | גודעל מאלץ |
| פינטשע מיללער | אליעזר גרינמאן |
| מאיר אשר פשעמישעל | פעסיל גרינמאן |
| יחיאל צוקער | אביגדור באָרענשטיין |
| אברהם פאצאנובסקי | הערשל באָרענשטיין |
|ביילה קעסטענבערג | מוטה רוזענבערג |
| הרשיל (בעל חנות נעליים) | חוה פרידמאן |

לאחר הגשר, מצד ימין מזהנטה
עד הכנסיה

נאָכן בריק, פון דער רעכטער זייט
פון זאָכענטע ביז דעם קלויסטער

מאטע גרינמאן
יואל הוניג
שמעון וואכמאן
לייביש נוכול
יצחק צימבאליסט
בינעם ליפשיץ שו״ב
ישראל פייבל ליפשיץ
מנשה ליפשיץ
שמואל באנדע
איטשע באנדע
משה הוניג
שמעון מוער
מענדיל מאלץ
דוד מוער
הערשל מוער
יוקיל מוער
מוטעל רופא
שער (פעלדשער)
רחל מילשטיין
ישראל הענער זיסקינד
אברהם רוזענהולץ
משה קופמאן
אשר וייזער
משה אליעזר בערגער
משה חיים זאלצשירער
הערשל זאלצשירער

דוד אייזענמאן
בייניש פרידמאן
משה יצחק האבערבערג
ישעיה מוטע (בעל-עגלה)
לייבל ראקוטש
עזריאל בורענשטיין
לייזער באומגארטען
אליעזר מארגאלית
שאול פאלאנט
משפ׳ הורוביץ
דוד בענעט
יעקב האבערבערג
דוד ויטע ריבא
לאָזער מאירפעלד
יוסף מאירפעלד
שלמה יוסף מאירפעלד
גדליה קרענגעל
שלמה קרענגעל
משה האבערבערג
הינדע בורענשטיין
משה חצקיל צוקער
משפ׳ מאלץ
משפ׳ פשיבישעביץ
אליעזר קופמן
איטשע לאמור

מצד שמאל של הכנסיה

פון דער לינקער זייט
קלויסטער

**הערשל מינקובסקי**
**משפ׳ חלעבובסקי**
**משפ׳ רעמבאלסקי**
**משפ׳ מינקובסקי**
**משה מאלץ**
**פנחס צוקער**
**חיים צוקער**
**מרדכי משה מאלץ**
**יעקב מאלץ**
**בעריש לענגע**
..........
..........
..........
..........
..........

„זאכנטה" והסביבה

זאכענטע און סביבה

**איטשע מאיר לענגע**
**יחיאל אקערמאן**
**אהרון פרידמאן**
**אברהם יצחק טקאטש**
**בעריש זיידע**
**הלל איידעלבום**
**ירחמיאל פלאחטע**
**איטשע פרידמאן**

**משה פרידמאן**
**יעקב פרידמאן**
**עקיבא פרידמאן**
**משפ׳ בלושטיין**
**לייבל רוזענהולץ**
**דן הופמאן**
**שמעיה שמעדרע**
**אלטער פלאנצענבום**
**שלום קרענגעל**
**מנשה קרענגעל**
**שאול פאלאנט**
**חיים שלמה פאלאנט**
**מאיר יחיאל הורביץ**
**לוי שוויצקי**
**שמואל לענגע**
**עובדיה לענגע**
**בעריל משה יומערס פשיטיצקי**
**משה הופמאן**
**פרץ מאלצמאכער**
**לייביש רוזענצוויג**
**ישראל הופמאן**
**חיים וואפע**
**לייזער פרידמאן (אבלאסער)**
**חיים זיידע**
**אברהם קאהן**
**משה ורבקה קאהן**
..........
..........
..........
..........
..........
..........

(הרשימה הוכנה ע״י ישראל צימבליסטה)

(די רשימה האָט צוגעגרייט ישראל צימבאַליסטאָ)




אונדזערע טייערע,
אומפאַרגעסלעכע:

פאָטער
**הערשל־צבי פרידמן**

מוטער
**פרומעט**

פאַראייביקן:
**דוד פרידמאַן און פרוי,**
ניו־יאָרק

---



**לייב מאַלצמאַכער**
אומגעקומען פון די נאַציס ימ״ש
אין ראַדאָמער געטאָ

צום אייביקן
אָנדענק
פון די טייערע,
אומפאַרגעסלעכע
עלטערן



**חיה־שרה מאַלצמאַכער**
געשטאָרבן אין ניו־יאָרק
אין יאָר 1966

פאַראייביקן די קינדער:
**ישראל־חיים מאַלצמאַכער**
**משה־יאַנקל מאַלצמאַכער**
**מאָטל מאַלצמאַכער**
**רחל מאַלצמאַכער (באָרענשטיין)**

צום אייביקן אָנדענק פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע

**נתן־דוד קעניגשטיין**
**שרה־לאה קעניגשטיין**
**יעקב־הירש קעניגשטיין**
**חיים־יוסף קעניגשטיין**


שרה־לאה קעניגשטיין ז״ל

אַלע אומגעקומען פון די נאַצישע מערדערס ימ״ש

פאַראייביקט:

**מינדל קעניגשטיין**
(היינט: **מרים קאַנאַפּיאַטי**)
ברוקלין
**ישראל-אברהם קעניגשטיין**

---

מיר וועלן אייך תמיד געדענקען!

**הערש־לייב אורן** און זיין פרוי **ריוועלע**
די קינדער: **רחלע**
**הענעלע**
**אסתר**
**יחיאל**
**שרהלע**

אַלע אומגעבראַכט דורך די דייטשע רוצחים

פ אַ ר א י י ב י ק ט:

**זלאַטע אורען**
**ישראל-אברהם קעניגשטיין**
דאָס אייניקל פון ר׳ נתן טרייטילס ז״ל
די פרוי פון ישראל־אברהם קעניגשטיין —
פאַר. שטאַטן

לזכרון עולם!



גבריאל מינקובסקי
ניספה בקרקוב בשנת 1942



רחל מינקובסקי
נפטרה ב־20.10.68
בישראל



יונה מינקובסקי (ראשון מימין)
ניספה בשנת 1940 בעיירה קוויף

המנציח:
צבי מינקובסקי, ישראל

---

צום אייביקן אָנדענק פון מיינע עלטערן

משה־חיים וואַרשאַווסקי ז״ל
געָנענדל וואַרשאַווסקי ז״ל

כ׳וועל אייך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

פאַראייביקט:
סאַבינע ראַזענצווייג (וואַרשאַווסקי)
פילאַדעלפיע, פאַר. שטאַטן

לזכרון נשמות יקירינו:

**איצ'ה פרידמן**, ראש המשפחה
**דבורה פרידמן**, רעיתו

והילדים:

**בלימה**
**חנה־שיפרה**
**שמואל־הרצקה**

שניספו באושוויץ ובעבודות־פרך בגרמניה



שמואל־הרצקה פרידמן ז"ל

המנציח:
**לייביש פרידמאַן, תל-אביב**

---

לזכרון עולם!



**איטה וויינטראוב** מבית **שטרוסמן**
נספתה בשואה עם בעלה **מרדכי**
ו־4 ילדיהם

**הלל שטרוסמן**, רעיתו **זושה** ז"ל
ו־5 ילדיהם שגורשו מפשיטיק ב־1942



**שרה־הנדל שטרוסמן**
נרצחה ע"י הגרמנים בפאריס
ב־25 לאוגוסט 1942

המנציח: **הלל שטרוסמן, תל-אביב**

לזכרם:



קיילה
קירשנצווייג
עם בעלה



**יוסף קירשנצווייג** ז״ל
עם בן־אחותו **אסתר**
נרצחו ע״י הגרמנים ימ״ש
יוסף לא רצה למסור לגרמנים את הילדה — וניספו יחד.



**אסתר שפירא** מבית **קירשנצווייג**
עם ילדיה, שניספו בשואה



**מיכאל שטרוסמן**

המנציחים:

האחים: **שאול קירשנצווייג**, זכרון-יעקב
**יעקב קירשנצווייג**, חיפה

## צום אייביקן אָנדענק!



**מענדל פּאַלאַנט**
אונ **הערש־מאָטי**



**משה** און **מענדל האָניג**



מיין שוועסטער **בלימע**
מיט איר מאַן (פון לינקס)
און מיין ברודער **עקיבא**



**משה פּאַלאַנט**
זון פוןביילע און שאול־יונה,
אומגעקומען אין עלטער פון
11 יאָר (אין 1942)

פאַראייביקט:

**חיה־שבע מאַלצמאַכער (האַבערמאַן),**
**ניו־יאָרק**

את זכרם הקדוש של יקירי —



משמאל לימין, שורה א׳: **משה פנצק, מנדל הופמן, מנדל הוניג** יב״ל. שורה ב׳: **מלכה פנצק (הוניג), אברהם פנצק, חיה הוניג (הופמן)**. שורה ג׳: **יחיאל פנצק.**



**לייביש הוניג** ז״ל

מעלה:

**מנדל הוניג**, תל-אביב

---

לזכרון נצח של הורי היקרים



**צ׳רנה־ביילה פשיבישביץ׳**

בעלה **הרש־לייב פשיבישביץ׳**

האחים: **שמחה, מנדל, משה**

המנציח:

**גור-אריה שלום**, תל-אביב

לזכר יקירינו
שניספו בשואה
במחנה עבודה
בסקרזיסקו

את זכרם הקדוש
נשמור לעד



וולוול שטאַרק ובתו אסתרל



**אורנה איתן** ז"ל
בת שלמה וחסיה איתן (שטארק)
נפטרה בגיל 20 לאחר מחלה קשה.
שירתה בצה"ל בתפקיד חשוב;
התחילה ללמוד בקטריולוגיה באו־
ניברסיטת תל־אביב. נולדה בארץ
ב־1944. היתה בת נאמנה להורים,
לעם ישראל ולמדינת ישראל.
יהא זכרה ברוך!



שמחה שטארק ובנה משה

המנציח:
שלמה איתן-שטאַרק, ישראל



ילדים יהודים בבי"ס עממי („פּוֹבשכנה") בפשיטיק, עם המורה היהודי



אבא **משה קירשנצווייג**
ניספה בשואה



אמא **קירשנצווייג**
ואבא של שלום לסקו

המנציחים: **שאול קירשנצווייג, זכרון-יעקב**
**יעקב קירשנצווייג, חיפה**

צום אייביקן אָנדענק!





פ״נ מיין שוועסטער און שוואָגער **רחל** און **יונה פרידמאַן**
מיט זייערע 3 קינדערלעך





מיין שוועסטער **ביילע**,
די פרוי פון **שאול־יונה**

אומגעקומען מיט זייער עלטסטן
זון אין יאָר 1942.

זיי האָבן געהאַט דריי קינדער:
צוויי יינגלעך מיט אַ מיידעלע.

מיין ברודער **שאול**
דערשאָסן געוואָרן אין וויעזשביצע
אין יאָר 1943, דעם 15טן מאַי.

פאַראייביקט:
**חיה־שבע האַבערמאַן (מאַלצמאַכער)**

# את אלה נזכרם:



שבע'לה ספיריטוס



ראובן־ברוך ספיריטוס



לוזר מיירפלד (באמצע)
בצבא של רוסיה הצארית

המנציחים:

**דוד זיתני, תל-אביב**
**ישראל ספיריטוס, ארה"ב**

צום אָנדענק פון די משפחות:

**משה (גאָסצאָוויצער) ווייספוס** און זיין משפחה
**הענעך ראָזענבוים** מיט זיין משפחה און שווער
**יצחק־מאיר ראָזענבוים** און משפחה
**יעקב סאַפּירשטיין** און משפחה

זיי אַלע האָבן באַלאַנגט צו אַ ברייט־פאַרצווייגטער גענעראַציע פון פּשיטיקער יידן, וואָס אַ טייל האָט זיך אויך פאַרנומען מיט לאַנד־ווירטשאַפט אין דער אייגענער פאַרם נישט ווייט פון פשיטיק.

כבוד זייער אָנדענק!

פאַראייביקן:

**זון אברהם ראָזענבוים** און **פרוי רחל** (סאַפּירשטיין)
**טאָכטער פּערל נאָוויק (סאַפּירשטיין)**
**אברהם (אַבראַשע) ראָזענבוים**
**צוויי שוועסטער סאַפּירשטיין — פאַר. שטאַטן**

לזכר הורי היקרים והמשפחה הבלתי-נשכחת



האבא **משה קוזלובסקי** הבנים **יאנקל וחיים**



**משפחת קוזלובסקי משה**

נזכור אותכם לעד!

**הבת ואחות**

**ויטל הוניג (קוזלובסקי)**, כרכור

אני מרכין את ראשי על קבריהם של יקירינו:



**יחיאל בורוכוביץ׳**
ניספה בפאריז שבוע לפני השחרור



**ישראל, שרה ופיגה בורוכוביץ׳**
ניספו בשואה



משפחת **בלטמן**. הראשון משמאל: **ישראל בוימן**, נפטר בישראל



**הרשל באומן** ז״ל (מימין, בצבא הפולני)

המנציח:

**דוד בלטמן**, תל-אביב

לזכר
הקדושים והטהורים,
קרבנות הרציחות
של הגרמנים
ימ״ש



**מלכה ונחמן לנגה** עם שני ילדיהם — ניספו בשואה

**יצחק-מאיר לנגה**
נפטר בפשיטיק, 1937

**רבקה לנגה**
ובנם **ישראל**
שניספו בשואה



**אידל ונחה פייצ׳אנטקי** (מבית **פלדברג**)
ניספו בשואה



**מרים לנגה** ז״ל
נפטרה י״ד כסלו תשכ״ד

המנציח:

**חיים-יהושע לנגה**, ישראל



לזכרון נצח!

**ברכה צוקר**
בת ר' יעקב שו"ב

**שוויצ'קה**
בת ר' לוי שוויצ'קה

המנציחה:

**דינה גרובשטיין (שוויצ'קה)**
תל-אביב



לזכר אחותי היקרה והבלתי-נשכחת

**צירל האברברג**

אשתו של הרש־מוטי רוזנהולץ, שנפטרה בגרמניה כמה ימים לפני השחרור, יחד עם שמואל־הרצקה פרידמאַן

המנציח:

**איצ'ה האַברברג**, ארה"ב

צום אייביקן אָנדענק פון דער אומגעקומענער משפּחה:

פאָטער **בערל איידעלבוים**
מוטער **פרימעט־הינדע איידעלבוים**
**עקיבא** מיט זיין משפּחה
**רוחמה** מיט איר משפּחה
**פּרץ**





פאַראייביקן: **קאָפּל איידלבוים און קאָפּל ראָזענבערג, פּאַר. שטאַטן**

---

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די טייערע עלטערן

**הערש־לייב** און **מרים איידעלבוים**
**אַביש**, אומגעקומען מיט דער משפּחה
**שרגא**
**מנשה**

מיין פאָטער ע״ה איז געווען פון די אָנגעזעענע בעלי־בתים אין פשיטיק, מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ, געהאָלפן יידן אין אַ נויט.

פאַראייביקט די טאָכטער:
**פייגע האָכמאַן (איידעלבוים)**
טאָראָנטאָ, קאַנאַדע



צום אָנדענק

פון מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן

**מאיר מייזעלס** ז״ל

געבוירן אין פשיטיק אין 1890, נפטר געוואָרן אין ניו־יאָרק אין אַפּריל 1963.

דער זון פון שלמה־דוד מייזעלס ז״ל.

געווען אַקטיוו אין דער פשיטיקער לאַנדסמאַנשאַפט, געהאָלפן שאַפן מיטלען פאַר אונדזער יזכור־בוך.

פאַראייביקט די פרוי **שרה מייזעלס**, ניו-יאָרק

---



לזכר

ר׳ **משה־מאיר קויפמן**

ז״ל

המנציח:

בנו **ירמיהו קויפמן**, קרית-מוצקין

# צום אָנדענק פון יחיאל באָרענשטיין



יחיאל ז״ל



די מוטער פון יחיאל ז״ל

זיין מוטער, אַ געבוירענע אין פשיטיק, איז געווען באַקאַנט אין שטעטל אַלס שרהלע אַבעלעס. צוזאַמען מיט מאיר און חיים ספּיריטוס זענען זיי געווען די אייגנטימערס פון די פשיטיקער מילן, וועלכע זענען מיט אַ צייט שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צו די לענגערס. נאָכן טויט פון איר מאַן, איז שרהלע אַוועק וווינען קיין קאַליש, ווּ יחיאל איז געבוירן געוואָרן. שפּעטער איז די משפחה אַריבער קיין שידלאָווצע.

שוין אין יאָר 1921, אַלס יונגער בחור, שליסט זיך יחיאל אָן צו אַ גרופּע חלוצים וואָס איז עולה קיין ארץ־ישראל. דאָ פירן זיי אויס אַלע שווערע אַרבעטן, אין אַ שטיינהאַקעריי, ביים פלאַסטערן שאָסייען אדג״ל.

מיט יאָרן שפּעטער האָט יחיאל געגרינדעט אַ שלאָסער־קאָאָפּעראַטיוו באַזאַמען מיט אַ גרופּע מעטאַל־אַרבעטער. דער קאָאָפּעראַטיוו אַרבעט אויס די „לולים״ פאַר הינערצוכט אין די קיבוצים און מושבים. ער האָט חתונה געהאַט מיט שושנהן, די טאָכטער פון משה־שמעון פשעטיצקי. די לעצטע יאָרן געווען טעטיק אין דער פשיטיקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל און אָפט געקומען אויף צוזאַמענקונפטן פון אונדזערע לאַנדסלייט.

יחיאל איז נפטר געוואָרן דעם 19טן פעברואַר 1969 אין תל־אביב און באַערדיקט געוואָרן אויפן בית־עולם אין קרית־שאול.

ערע זיין אָנדענק!

פאַראייביקט :

**שושנה באָרענשטיין (פשיטיצקי)**

(איבערגעגעבן צום דרוק : דוד זיתני)

לזכרון נשמות של יקירינו



האח והאחות
**נתן וסטלה ברשטיל**



**ברוטמן משה**

שניספו בשואה

המנציח:
**שמואל ברשטיל**, תל-אביב

---

לזכר הורי היקרים וקרובים הי"ד

**דוד גליבטר**
אשתו **מינדל**

הסבתא
**שפרינצה טננבוים**

ובנם
**יעקב**



המנציחים:
**נחום וחיים גיל (גליבטר)**, תל-אביב

בצער וביגון אני מזכיר שמותיהם של בני משפחתי, הקדושים והנפטרים :

סבא **מיכאל קעזמאן**
סבתא **פריידל**
אבי **אברהם־משה קעזמאן**
אמי **מרים רבקה**
ומשפחתה : **יצחק, גיטל והלל ארון**

נזכור אתכם לעד !

**המנציח :**
**הבן אריה קעזמן, תל-אביב**

---

נר זכרון לזכרם של יקירינו :



**יצחק ליפשיץ**




אשתו **רבקה**




בנם **גדליה**



בתם **פרידה**



בתם **חנה**

**המנציחים :**
**בניהם ואחיהם בישראל וארה"ב**

# צום אָנדענק פון מיין ברודער גדליהו ליפשיץ
# און אַנדערע יידישע פּאַרטיזאַנער פון פשיטיק

אין יאָר 1941 איז פשיטיק געווען יידן־ריין. מ׳האָט אַלע יידישע איינוווינער אויסגעזידלט קיין ראַדאָם, שידלאָוויעץ און פשיסכע, צעזייט און צעשפּרייט אין פאַרשידענע געטאָס. אַ גרופּע פון 11 מאַן: גדליהו ליפשיץ, הערש־מאָטע ראָזענהאָלץ, בינעם יוסף, פּנחס ליפשיץ, הערצקע פרידמאַן, לייביש פרידמאַן, יצחק ראָזענבערג, יצחק האבערבערג מיט זיין פרוי באנדע און איך, האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַריבערגיין צו די פּאַרטיזאַנער.

ווען איך בין אַרויס פון געטאָ, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז מיין ברודער גדליהו איז פאַרהאַלטן געוואָרן דורך די נאַציס. איך האָב זיך אומגעקערט אין געטאָ און אַלץ געטאָן כדי אים צו באַפרייען — און מיר איז טאַקע געלונגען אים אַרויסצובאַקומען פון די רוצחישע הענט. ס׳איז געווען ווינטער, די קעלט, שניי און פרעסט האָבן שטאַרק באַשווערט אויפצוהאַלטן זיך אין וואַלד, דאָך זענען מיר ביידע, מיט געווער, אַרויס אין וואַלד און זיך פאַראייניקט מיט דער דערמאָנטער גרופּע.

אַזוי ווי ס׳איז נישט געווען מעגלעך צו זיין אין וואַלד, זענען מיר אַריין אין לאַגער ווילאַנאָוו. דאָרט האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן דערשאָסן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער נעבן דאָרף וויניאַווע. צווישן זיי — מאָטל בוכמאַכער און אַ וויניאַווער ייד, מיט אַ קינד אויף די הענט. זיי זענען אַנטלאָפן, געוואָלט זיך ראַטעווען. נאָר באַגעגנט פּאָלאַקן, וואָס האָבן זיי געבונדן מיט שטריק, אַוועקגעפירט ביז וויניאַווע און איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצישע מערדערס, וועלכע האָבן זיי דערשאָסן.

אונדזער גרופּע פשיטיקער האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען אין ווילאַנאָווער לאַגער. אין יאָר 1942 האָבן די נאַציס באַשלאָסן צו ליקווידירן דעם לאַגער. ווען די בשורה איז צו מיר דערגאַנגען, האָב איך ביינאַכט צו וויסן געטאָן מיין ברודער גדליהו. אונדז איז געלונגען איבערצושניידן די שטעכיקע פאַרצוימונג־דראָטן און אַוועקגיין אין וואַלד.

גדליהו האָט געוווּסט פון אַ בונקער אין וואַלד, וווּ ס׳איז געווען אויסבאַהאַלטן געווער. מיר האָבן זיך באַוואָפנט און אויך געגעבן אַנדערע. יעדער האָט געזוכט אַ מעגלעכקייט זיך אויסצובאַהאַלטן. מען האָט אָבער געדאַרפט זיך שאַפן עסן. אין וואַלד זענען געווען עטלעכע גרופּן פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן איינער דעם אַנדערן געהאָלפן. אַממערסטן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס און אויפן בית־הקברות.

מיר האָבן באַקומען אַ פאַרבינדונג מיט די פּאָלאַקן וואָס האָבן געאַרבעט אין אַ געווער־פאַבריק. זיי זענען געקומען פון ראַדאָם און האָבן אונדז געהאָלפן.

אין פרילינג 1944 האָבן די פּוילישע פאַסטעכער אַנטדעקט, אַז יידן באַהאַלטן זיך אויס אויפן בית־הקברות. נאָך אַ קאַמף איז דאַן געפאַלן משה צוקער.

די א. ק. („אַרמיאַ קראַיאָווא״), וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו הרגענען דייטשן, נאָר אויך יידן, האָט געפירט אָפטע קאַמפן מיט די פּאַרטיזאַנער. בעת איינעם אַזאַ צוזאַמענשטויס, האָב איך, מיין ברודער און נאָך עטלעכע פּאַרטיזאַנער געקעמפט עטלעכע שעה. ווען זיי האָבן איינגעזען אַז אונדז איז אוממעגלעך צו באַזיגן, האָבן זיי אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן דעם וואַלד. מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן.

(סוף אויף זייט 449)

(סוף פון זייט 448)

נאָר איך האָב געזען, אַז אונדזער קאַמף איז פאַרשפּילט. בעתן דאָזיקן צוריקקער איז מיין ברודער גדליהו געפאַלן פון אַ קויל פון די א. ק. אָוצעס. דאָס איז געווען דעם 21סטן מערץ, 1944.

אַנטלויפנדיק, בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ פאָליציי־פונקט. איך האָב דאַן אָנגעגעבן, אַז כ׳בין אַנטלאָפן פון טשענסטאָכאָוו, ווו עס האָט זיך געפונען אַ לאַגער פאַר פאָלאַקן. אָבער איין גוי האָט מיך חושד געווען, אַז איך בין אַ ייד. ער האָט געהייסן מען זאָל מיר אונטערזוכן, דאָך איז מיר געלונגען זיי אָפּצונאַרן און איך בין באַפרייט געוואָרן.

נאָך דעם האָב איך עטלעכע חדשים זיך אויסבאַהאַלטן אויף די פאַרוואַקסענע פעלדער אַרום פּשיטיק. ס׳איז מיר געלונגען צו שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט עטלעכע פאָלאַקן. איך האָב פאַר זיי אויסגעפירט פאַרשידענע אַרבעטן און אין די לעצטע חדשים פון יאָר 1944 האָבן זיי מיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם פון אַ שטאַל, אין דאָרף מילעטשקאָוו (גמינע זאקשאָוו). דאָס הויז ווו עס האָט זיך געפונען די שטאַל, איז געווען דאָס שענסטע אין דאָרף. דאָרט האָט זיך געפונען די געסטאַפּאָ, און איך... אויפן בוידעם פון שטאַל.

אין יאַנואַר 1945 זענען דאָרט אַריין די רוסן און אונטערגעצונדן אַלע הייזער. איך האָב זיך שוין נישט געקענט מער אויסבאַהאַלטן, כאָטש איך האָב זיך געפילט פיל פרייער. דאַן האָב איך באַשלאָסן זיך איבערגעבן אין די הענט פון די רוסן.

כבוד דעם אָנדענק פון די יידישע קעמפערס פון פּשיטיק.

פאַראייביקט:

**ביינוש ליפשיץ**

# לזכרם של חיים אידל איצקוביץ׳ ולוחמים אחרים

חיים אידל איצקוביץ׳ היה בשלהי שנת 1942 בגיטו ביאלובז׳ג, ביום שלאזר וואלאך, גיסו של עקיבא איידלבוים הוצא להורג. באותו יום החליט חיים לעבור למחתרת, כדי להתנקם בנאצים. נפרד ממשפחתו כשעיניו מלאות דמעות, ולחבריו אמר: „בטוחני שלא אחזור עוד, אין לנו ברירה, לחיינו אין כל ערך ולפחות ננקום נקמתנו״.

למחרת עזב את הגיטו ביחד עם כמה מחבריו. כעבור כמה חדשים סיפרו האיכרים מסביבת אודז׳יוואל, שעבדו יחד עם יהודי פשיטיק בבית־חרושת לייצור נשק, כי באחד הלילות הותקפה נקודת ריכוז של ז׳נדרמריה גרמנית על־ידי פרטיזנים, וביניהם חיים אידל איצקוביץ׳. בקרב נפלו כל המתקיפים ונהרגו גם כמה גרמנים.

בשנת 1943 הצליחו כמה יהודים פשיטיקאים וביניהם משה דוד שוויצ׳קו לארגן קבוצה קטנה של פרטיזנים. קבוצה זו הושמדה בידי הנאצים, בעזרתם של פולנים מקומיים.

בקיץ אותה שנה הוצאה להורג קבוצה גדולה למדי של יהודים מבית־חרושת לייצור נשק בראדום. הגרמנים קברו אותם בקבר אחים אחד, ביער בדרך לשידלוויעץ. ביניהם היו כמה פשיטיקאים, והם: מנדלבאום ישראל, הוניג ישראל בנו של מרדכי וטוביה בנו של שעיה מאטעס.

המנציח:

**קופל איידלבוים**

לזכרון נצח!

אבי **אבא מנקוס**

אמי **רייזל מנקוס**
(נפטרה ב־1935)

אחי **משה־חיל** (נולד: 1909)
רעיתו וילדיהם

אחותי **רחל** (נולדה: 1916)

אחי **שאול** (נולד: 1919)
רעיתו וילדיהם

אחותי **וויטל** (נולדה: 1929)

אחותי **חומה** (נולדה: 1928)

סבתא **אודל**

אחיהם של אבי:

**ראובן, משה, הרשל, סרולקה**

ואחות **שיפרה**

המנציחים:

**נתן מנקוס ומשפחתו**

---

צום אָנדענק

פון מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן

**מאָטל** און **סימאַ שלאָמאָוויטש**

(טאָכטער פון יצחק פרידמאַן)

פאַראייביקן:

**חיה און יוסף גאָלדהאַמער**
פאַריז, איצט: תל-אביב

## לזכר הורי ומשפחתי

# אלה אזכרה...

אבי מרדכי הלל ז״ל יליד זוואלין היה, ואמי רבקה ז״ל נולדה בפשיטיק לבית ישראל־יוסף, המורה־הוראה ודיין בעיירה. ביתנו וחנות־הבדים שבאמצע השוק נמנו עם הגדולים ביותר שבעיירה. פרנסה היתה מצויה בריוח, וחוץ מזה היתה לנו הכנסה מכמה בתים. אמי שהיתה קמה כל בוקר לפתיחת החנות, ראשית דרכה היתה להתפלל. עם סידור הקרבן־מנחה בידה היתה עומדת בפינת החנות ושופכת את תחינתה לפני רבון־עולמים. האיכרים שהיו באים לחנות לשם קניות, ידעו שאין להפריע לה בתפילה וחיכו עד שגמרה להתפלל. אחי החורג משה פצנובסקי ואחותי אסתר־מלכה הוציאו גם הם את מחייתם מהמסחר הזה. אחותי באשה פסה שנישאה לאלימלך כץ ז״ל ניספו יחד עם שבעת ילדיהם בשואה.

אבי נהנה מלימוד תורה בבית־המדרש יותר מאשר מן המסחר. מילדותו היה שותה בצמא ממקור החסידות, וחזקה היתה לו לנסוע לימים הנוראים לרבי שרגא־יאיר ז״ל לביאלובז׳ג. ממני לא גרע את עיניו כי בן־זקונים הייתי לו וציפה ממני לגדולות. לכן לקח אותי לרבי שאהנה מזיוו, כפי שהיה מתבטא. בן שמונה הייתי כשאבי הכניסני בפעם הראשונה לרבי. נמוך קומה היה, צנום ובעל־עיניים מאירות. הרבי הניח את ידיו הרכות על שכמי ושאל אותי לפרשת השבוע. „יפה, יפה״ היה ממלמל „ראש חריף״. חיוך של נחת נראתה אז על פני אבי. הוא קיווה שאמשיך בדרכי אבותי, אנשי תורה וחסידות, וברוח מרומם חזרנו הביתה.

אולם פני הדברים היו אחרים. פרצה מלחמת העולם הראשונה. סדרי החיים מימים ההם נשתנו. בקיץ 1924 עליתי ארצה יחד עם קבוצת חלוצים צעירים, חלום נעורי נתגשם.

בימי מלחמת־העולם השניה בא חורבן גדול על עם ישראל, שליש מבני עמנו נשמד בידי הצורר הנאצי ימ״ש וביחד אתם ניספו כל בני משפחתי. לא נשאר זכר מהם. אפרם מכבשני הגזים נתפזרו ע״י הרוח בשדות ההשמדה. נדמו קולות התורה מהבית המסורתי. הקירות שספגו צלילי ה„מודה אני״ כל בוקר ובוקר עומדים דומם ורוח רפאים מנשבת בהם...

את אלה אזכרה...

**דוד זיתני (חיים-דוד בוימאיילגרין)**
תל-אביב

# יוצאי פשיטיק שנפטרו בישראל

## פשיטיקער וואָס זענען נפטר געוואָרן אין ישראל

ישראל ומרים מאירפלד ז״ל

ישראל בוימאַן ז״ל

משה־שמעון מאַליץ ז״ל

שמעון בלטמן ז״ל

משה פירשט ז״ל

נתן פירשט ז״ל (נפל במלחמת השחרור)

שיינדל בוימן ז״ל (אשתו של אריה)

מרים לנגה ז״ל

רחל מינקובסקי ז״ל

חנה בלטמן ז״ל (אשתו של דוד)

דבורה בורשטין (זלצשירר) ז״ל

סמל יוסף שלו ז״ל (בנו של חיים פרידמן)

דוב כהן ז״ל

אירנה איתן ז״ל (בת שלמה)

יחיאל בורנשטיין ז״ל

יוסף לנגה (דברת) ז״ל

אפרים־מאיר בלטמן ז״ל

זליג ווײנמאַן ז״ל

אריה ויפה בוימן ז״ל

מוטל מאליץ ז״ל

# ארגון יוצאי פשיטיק בישראל

עברו 32 שנה כשאחרוני היהודים גורשו מפשיטיק ע״י הנאצים, מבלי כל יכולת לחזור אליה לעולם. היו אשליות בלב אחדים מהם, שמא בכל זאת יוכלו למצוא מקום מקלט בעיר בה נולדו וגדלו, בה גרו אבותיהם מאות בשנים. אשליות אלה נמוגו כאשר נודע שהפולנים מתייחסים בשנאת מוות לכל יהודי המעז לחזור לעיירה.

לא ידוע לנו מה מספר יהודי פשיטיק שנשארו בחיים אחרי השואה. לא כהרי אומות העולם אנחנו. הם חזרו למקומות מגוריהם שלפני המלחמה, כדי לשקם את ההריסות ובנו להם בתים מחדש. כעבור זמן־מה יכלו לדעת כמה מהם נעדרו. לנו, לצערנו, לא היה לאן לחזור ולרכז את השרידים. הם נפוצו בארצות שונות בעולם הרחב. רצינו להתכתב אתם, לדעת לפחות את מספרם, ליצור קשר אתם, אך למרות מאמצנו לא עלה הדבר בידינו.

מתוך יאוש, כנראה, ומתוך בדידות במקום מגוריהם החדש, הם ברחו מעצמם ומן



קבוצת יוצאי פשיטיק בישראל נפגשים בתל־אביב (1954) עם בני־עירם, אורחים מחו״ל: חיים מלצמכר וגב׳ שניידר מלונדון

אַ גרופּע פּשיטיקער אין ישראל טרעפן זיך אין תל־אביב (1954) מיט זייערע לאַנדסלייט, געסט פון לאָנדאָן: חיים מאַלצמאַכער און פרוי שניידער.



ראשוני החלוצים מפשיטיק, שעלו ארצה ב־1924. מימין לשמאל: דוד זיתני (יו״ר ארגון יוצאי פשיטיק בישראל); אברהם גולדשטיין, פלטה פרידמן, לייב שוטלנד ז״ל, זאב ווסרמן, פיניה פרידמן.

עברם. הלוא העבר היה אכזרי, מוטב אם כן לברוח ממנו, לשכוח ולהשכיח. ואולי גם מתוך הזנחה ורשלנות לא השתדלו להתקשר אתנו.

יוצאי פשיטיק בישראל, המקום היחידי שקלט את רובם של שארית הפליטה, לא יכלו להשלים עם ההינתקות וההתנכרות הזאת. הם הגו את הרעיון ליצור ארגון שישמש מרכז לאנשי עירנו במקומות פזוריהם וישמיע את דבר העבר מלפני השואה וגם על השואה עצמה. אחרי שאנשי שארית הפליטה הגיעו לארץ בשנים 1948—1956, התגבש גוף שדאג להתאסף לפחות פעם אחת בשנה ולערוך יום זכרון ליהודי פשיטיק שנשמדו. המארגנים הראשונים לדבר היו משה פירשט ז״ל ויב״ל יצחק פרידמן, שמשכו אחריהם את יתר בני עירנו.

התלבטנו רבות בשאלה איזה יום בשנה לקבוע כיום הזכרון לשואה. לא כל יהודי פשיטיק היו בגיטו, הם היו פזורים בכל הסביבה, ויום מותם לא היה אחיד. לכן לא יכולנו לקבוע את יום הוצאתם מן הגיטו למחנות מוות כיום הזכרון. לבסוף נקבע יום 6 במארס 1936 (בתיאום עם הלוח העברי) כיום הזכרון לקדושי פשיטיק. ליום זה התכוונו צוררי ישראל לערוך טבח המוני ביהודי פשיטיק. כ־5000 איכרים מוסתים מן הכפרים הסמוכים התארגנו לבוא העירה ולעשות טבח ביהודים. ורק הודות להתגוננות החזקה של היהודים נמנע אסון גדול. הדבר הרעיש אז את העולם הנאור.

✶

כאשר הופיעו ספרי הזכרון הראשונים על קהילות היהודים בפולין שנשמדו, נטלנו גם אנחנו על עצמנו את המשימה להוציא ספר זכרון על קהילת פשיטיק. לשם

זה הוקם ועד בהרכב דלקמן: דבורה בורשטין ז״ל, יצחק פרידמן, מאיר שפירא, מנדיל הוניג וחיים גיל.

הוועד פנה בענין זה למנהיג יהודי פולין לשעבר, מר יצחק גרינבוים ז״ל, והוא הפנה אותנו למקומות ששם נמצא חומר מודפס על עיר פשיטיק. התקשרנו עם אנשי עירנו בחוץ־לארץ וביקשנו מהם חומר ועזרה כספית. חברנו הוניג מנדל נסע לשם כך לפאריס. שלחנו תזכירים, פניות ומכתבים לכל יוצאי פשיטיק במקומות פזוריהם.

בשנת 1964 נמסרה העריכה והוצאת הספר בידי מר שטוקפיש וביוזמתו הודפסה חוברת (פרוספקט הספר) שהופצה בין כל אלה שידנו השיגה אותם. 150 מיקרופילמים קיבלנו משלום הוניג מאינדיאנה בארה״ב שהשיגם מגנזך של ייוו״אָ. קיבלנו קטעי עתונים עם צילומים משנת הפרעות 1936, ולפי עצתו של מר שטוקפיש פנינו לגנזך של יד־ושם וגם לפולין, והם המציאו לנו חומר על העיירה.

בשנת 1968 נבחר כיושב־ראש הארגון מר דוד זיתני (בוימאיילגרין) המכהן בתפקיד זה עד היום וע״י עזרו בהוצאת הספר: ברשטיל שמואל, בליכר גדליה, בורשטין דבורה ז״ל והוניג מנדל. עזרה בהדפסת הספר הושיטו לנו: שלמה מאיר פשיטיצקי, דוד פרידמן ורעיתו, שלום הוניג, ברשטיל מנשה ומיללר יעקב — מארצות־הברית; מאנגליה: מליץ (מלצמכר). שלום וועלוויל צימבאליסטה והלן בוים — מצרפת.

ועד ארגון יוצאי פשיטיק בישראל עומד בקשר הדוק עם יוצאי עירנו בחו״ל ובדעתו להמשיך בפעולות הנצחה, עזרה הדדית ופעולות אחרות.

**הוועד**



חלק מן הקהל באזכרה השנתית לזכר קדושי פשיטיק (7.3.72)
אויף דער יערלעכער אַזכרה אין תל־אביב (7.3.72)



חברי הועד והנשיאות באזכרה השנתית בת"א (7.3.72)
קאָמיטעט־מיטגלידער און פּרעזידיום פון דער יערלעכער אזכרה אין תל־אביב (7.3.72)



האזכרה השנתית בת"א — לזכר קדושי פשיטיק (7.3.72)
דער יזכור־אָוונט אין תל־אביב, 3טער מערץ 1973.

# די פשיטיקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל

32 יאָר זענען פאַריבער פון יענעם טאָג, ווען די דייטשן האָבן פאַרטריבן די יידישע באַפעלקערונג פון פשיטיק, אַן אַ מעגלעכקייט דאָרט זיך אומצוקערן. ביי איינציקע יידן איז נאָך אפשר געווען אַן אילוזיע, אפשר וועט מען אַמאָל קענען צוריק קומען אין דעם אָרט ווו מ׳איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן, ווו אונדזערע עלטערן האָבן געוווינט אין משך פון הונדערטער יאָרן. די דאָזיקע אילוזיעס זענען אָבער אויסגערונען, ווען ס׳איז געוואָרן באַוווּסט, אַז אויך די פּאָליאַקן באַציִען זיך מיט טיפער שנאה צו יעדן ייד וואָס וואַגט זיך אומצוקערן קיין פשיטיק.

מיר ווייסן נישט וויפל פון אונדזער שטעטל זענען געבליבן לעבן נאָך דעם חורבן. מיר זענען דאָך נישט געווען ווי אַלע פעלקער, וואָס נאָכן קריג האָבן זיי געקענט צוריק קומען אין זייערע שטעט, אויפבויען די חרוב־געוואָרענע היימען און אין אַ צייט אַרום האָבן זיי געקענט וויסן וויפל זענען געבליבן. דאַקעגן מיר האָבן נישט געוווּסט ווו זיך אומקערן און צונויפזאַמלען די שארית הפליטה, וועלכע האָט זיך צעשפּרייט אין פאַרשידענע לענדער אין דער וועלט. מיר האָבן געוואָלט מיט זיי אָנבינדן אַ קאָנטאַקט, קאָרעספּאָנדירן, נאָר אַלע באַמיונגען אין דער ריכטונג האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג.

אַ סברה, אַז אויס פאַרצווייפלונג און עלנט אויף די נייע ווױן־ערטער, זענען די דאָזיקע מענטשן אַנטלאָפן פון זיך זעלבסט און פון זייער פאַרגאַנגענהייט. איז דאָך די פאַרגאַנגענהייט געווען אַזאַ אכזריותדיקע, אַז ס׳איז גלייכער פון איר צו אַנטלויפן, פאַרגעסן. און מעגלעך אויך, אַז צוליב נאַכלעסיקייט האָבן זיי נישט איינגעשטעלט מיט אונדז קיין פאַרבינדונגען.

די פשיטיקער יידן אין ישׂראל, דאָס איינציקע לאַנד וואָס האָט אויפגענומען די מערהייט פון דער שארית הפליטה, האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דעם איזאָלירן זיך און זעלבסט־פאַרלייקענונג פון די לאַנדסלייט. דערפאַר איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אויפשטעלן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער פאַר די פשיטיקער יידן אין ישראל און אין די תפוצות. נאָך דעם ווי אין די יאָרן 1948—1956 איז געקומען אין לאַנד אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער שארית הפליטה, האָט זיך געשאַפן אַ קערפּערשאַפט וועלכע האָט געזאָרגט, אַז ווינציקסטנס איינמאָל אין יאָר זאָלן מיר זיך צונויפקומען אויף אַן אָנדענק־אָוונט לזכר די אומגעקומענע פשיטיקער יידן. די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן און איניציאַטאָרן זענען געווען: משה פירשט ז״ל און — אים צו לאַנגע יאָר — יצחק פרידמאַן, און בידע האָבן צוגעצויגן אויך אַנדערע לאַנדסלייט.

נישט גרינג איז געווען פאַר אונדז פעסטצושטעלן דעם גענויעם יאָרצייט־טאָג פון אומבראַנגגען די יידן פון פשיטיק, ווייל נישט אַלע זענען געווען אין געטאָ, מען האָט זיי פאַרטריבן אין פאַרשידענע ערטער און דער טאָג פון זייער מאַרטירער־טויט איז נישט געווען דער זעלבער פאַר אַלע. ענדלעך האָבן מיר באַשלאָסן, אַז די באַשטימענדיקע דאַטע פאַרן יזכור־טאָג זאָל זיין דער 9טער מערץ 1936 (אין איינקלאַנג מיטן יידישן לוח), ווייל אין יענעם טאָג האָבן די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן זיך פאַרמאָסטן אַדורכצופירן אַ בלוטיקן פּאָגראָם אויף די יידן פון שטעטל. נאָר אַ דאַנק דעם שטאַרקן יידישן ווידערשטאַנד איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ גרויס אומגליק. יענע געשעעניש האָט בשעתו אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג אין פּוילן און אין דער גאַנצער יידישער וועלט.



יוצאי פשיטיק בצרפת ליד מצבת־זכרון לקדושי פשיטיק בבית־הקברות בפאריס.
פשיטיקער אין פראַנקרייך ביים דענקמאָל פאַר די קדושים פון פשיטיק — אויפן בית־הקברות אין פּאַריז.

ווי נאָר עס זענען נאָכן אומקום דערשינען די ערשטע יזכור־ביכער צום אָנדענק פון די פאַרטיליקטע קהילות, האָבן אויך מיר גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אַרויסצוגעבן אַ ספר־מאָנומענט פאַר דער יידישער פשיטיק. פאַר דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: דבורה בורשטין ז״ל, יצחק פרידמאַן, מאיר שפּירא, מענדל האָניג און חיים גיל. מיר האָבן זיך געוואַנדן בשעתו צום אָנערקענטן מנהיג פון פוילישן יידנטום, יצחק גרינבוים ז״ל, וועלכער האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אייניקע וויכטיקע מקורות ווו ס׳איז פאַראַן מאַטעריאַל וועגן פשיטיק. מיר האָבן זיך אויך געוואָנדן צו אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד און געבעטן הילף — מאַטעריעלע ווי אויך באַשריבענע זכרונות פון שטעטל. אונדזער חבר מענדל האָניג איז פאַר דעם צוועק געפאָרן קיין פאַריז. מיר האָבן אויך געשיקט בריוו, אַ ספּעציעל אָפּגעדרוקטן פראָספּעקט און צירקולאַרן צו די פשיטיקער אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

אין יאָר 1964 איז איבערגעגעבן געוואָרן די רעדאַקציע פון דעם בוך דעם פריינד דוד שטאָקפיש. אַ דאַנק דער מי פון שלום האָניג אין אינדיאַנאַ (פאַר. שטאַטן), האָבן מיר באַקומען פון ייוואָ אין ניו־יאָרק 150 מיקראָפילמען, ווי אויך צייטונג־אויסשניטן און בילדער פון די טרויעריק־באַרימטע פשיטיקער געשעענישן אין יאָר 1936. לויט דער עצה פון רעדאַקטאָר האָבן מיר אויך געשריבן צום „יד ושם״ אין ירושלים און תל־אביב, צו דער מוניציפּאַלער פאַרוואַלטונג אין פשיטיק און צו אַ ריי אַנדערע אינסטיטוציעס.

אין יאָר 1968 איז אַלס פאָרזיצער פון ארגון יוצאי פשיטיק אין ישראל אויסגעקליבן געוואָרן ה׳ דוד זיתני (בוימאיילגרין), וואָס פאַרנעמט דעם אַמט ביזן היינטיקן טאָג און אין דער טעטיקייט פאַר דער לאַנדסמאַנשאַפט זענען אויך אַקטיוו די קאָמיטעט־מיטגלידער: שמואל בערשטיל, גדליהו בליכער, מענדל האָניג, און ביז איר פטירה — דבורה בורשטין ז״ל. געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס בוך האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין אויסלאַנד: שלמה־מאיר פשעטיצקי, דוד פרידמאַן און פרוי, שלום האָניג, מנשה בערשטיל און יעקב מיללער — אין אַמעריקע; חיים מאַלצמאַכער־מאַלץ (ענגלאַנד); וועלוול צימבאַליסטא און חיה (העלען) בוים (פראַנקרייך).

דער קאָמיטעט פון דער פשיטיקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל שטייט אין פאַרבינדונג מיט אונדזערע לאַנדסלייט אין די תפוצות. מיר האָבן בדעה, אויך נאָכן דערשיינען פונעם יזכור־בוך, ווייטער אָנצוגיין מיט אונדזער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט בנוגע פאַראייביקן די יידישע פשיטיק, קעגנזייטיקע הילף און אַנדערע אַקטיוויטעטן אויפן געביט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט.

## דער קאָמיטעט

KOMITET REDAKCYJNY
TEKSTÓW DO KSIĘGI PAMIĄTKOWEJ
„ZIOMKOSTWA-PRZYTYCKIEGO"
W TEL-AVIVIE.

PRZYTYK 1963 – 64 – POLSKA.




העטיפה של החומר לספר יזכור שנשלח אלינו מפשיטיק, בשנת 1965, מקושטת בסמלים של פולין (נשר) ומדינת ישראל (מנורה).

שערבלאַט פונעם מאַטעריאַל פאַרן יזכור־בוך, צוגעשיקט פון פשיטיק אין יאָר 1965, באַצירט מיט די הערבן פון פוילן (אַן אָדלער) און מדינת ישראל (די מנורה).